מ. קאַטץ

# געקליבענע שריפטן

## אַרטיקלען, עסייען און פעליעטאָנען



צוזאַמענגעשטעלט

פון

י. ענטין און א. פרומקין



ארויסגעגעבן פון

מ. קאַטץ שריפטן־קאָמיטעט

ניו יאָרק, פילאַדעלפיע.

1939

# אינהאַלט-פאַרצייכעניש

זייט

**דר. ח. זשיטלאָווסקי:** מ. קאַטץ — דער געזעלשאַפט־
לעבער טוער — — — — — — — — — — — — — — 5

**יואל ענטין:** מ. קאַטץ, דער פּובליציסט, דער קריטיקער
און דער פעליעטאָניסט — — — — — — — — — — — — 11

## אויף סאָציאַלע טעמעס

(פּובליציסטישע אַרטיקלען)

די אידנפראַגע — — — — — — — — — — — — — — 25

עמיל זאָלאַ און די דרייפוס-טראַגעדיע — — — — — — — — 39

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויפן שוועל פון 20סטן
יאָרהונדערט — — — — — — — — — — — — — — 56

פון זשעליאַכאָוו'ן צו גערשוני'ן — — — — — — — — — 74

פּעטער לאווראָוויטש לאווראָוו — — — — — — — — — — 79

## ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען

„דאָס ליד פונם העמד" און זיין פאַרפאַסער: טאָמאַס הוד — 91

טאָלסטאָי'ס „תחית המתים" — — — — — — — — — — — 97

גאָט־זוכעניש און זיך־גופא־זוכעניש — — — — — — — — 132

## פעליעטאָנען

רעיונות פון אַ בעל מחשבה — — — — — — — — — — — 157

ערנסטע פּלוידערייַ פון בן אמוץ — — — — — — — — — 229

ד״ר. חיים זשיטלאָווסקי

# מ. קאַטץ — דער געזעלשאַפטלעכער טוער

(אַ רעדע, געהאַלטן אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן פון י. ל. פּרץ פאַראיין, אין „לייבאָר טעמפּל״, ניו יאָרק, צום 70טן געבורטסטאָג פון מ. קאַטץ.)

חשוב׳ע פאַרזאַמלונג: —

לאָזט מיך קודם אויסדריקן מיין טיפסטן דאַנק דעם קאָמיטעט פון אונזער י. ל. פּרץ פאַראיין פאַר דעם כבוד, וואָס איז מיר אויסגעטיילט געוואָרן, צו זיין דער ערשטער באַגריסער פון מיין פריינט און חבר מ. קאַטץ.

מיר דוכט, איך האָב אַ רעכט אויף אָט־דעם כבוד, סיי דערפאַר וואָס איך געהער צו זיינע נאָענטסטע פּערזענלעכע פריינט, סיי דערפאַר וואָס מיר ביידע זיינען יאָרן־לאַנג געשטאַנען — און שטייען נאָך עד היום — אין דינסט פון יענע אידעאַלן, וואָס זיינען אונז גלייך טייער און הייליק.

געוויס איז דער היינטיקער אָוונט ניט נאָר אַ יום טוב פאַר אַ באַשטימטער ריכטונג אין אונזער אידישער עפנטלעכקייט, נאָר אויך אַ יום טוב פאַר דער גאַנצער אידישער עפנטלעכקייט, וואָס אויף איר פעלד איז אונזער יובילאַר טעטיק פון זיין פריעסטער יוגנט אָן.

פאַר אָט־דער טעטיקייט זיינער האָט ער זיך שוין מיט יאָרן און יאָרן צוריק דערוואָרבן אַ זייער חשוב׳ן נאָמען. איך געדענק, אַז ווען איך בין צום ערשטן מאָל געקומען אַהער אין לאַנד, אין דעם יאָר 1904 (אָ, ווי ווייט איז יענע צייט פון אונז, די פרילינג־צייט פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר דער רוסישער פרייהייט!) האָט שוין דעמאָלט קאַטץ געהערט צו די חשוב׳סטע פירנדע גייסטער אין דער ממשלה פון דעם זיך פאַנאַנדערבליענדן אידישן וואָרט דאָ אין לאַנד.

דער יום טוב פון דער אַלגעמיינער אידישער עפנטלעכקייט

שליסט אָבער ניט אויס, נאָר נעמט אין זיך אריין אויך דעם יום טוב פון יענער ריכטונג אין איר, וועלכער קאַטץ דינט טריי און ערלעך די גאַנצע צייט, אי ווי אַ שרייבער, אי ווי אַ רעדנער, אי ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, — אַ ריכטונג, צו וועלכער אויך איך צייל מיך צו און אין וועלכער איך בין אויף דעם אינטימסטן אופן פאַרבונדן מיט די שטרעבונגען פון אונזער יובילאַר.

אין דער ממשלה פון דעם אידישן וואָרט, דאָ אין לאַנד, פאַרנעמט דעם גרעסטן און אָנגעזעענסטן פּלאַץ דער סאָציאַליס־טישער לאַגער מיט אַלע ריכטונגען וואָס אין אים. די גרעסטע צאָל פון די באַדייטנדיקסטע טוערס אויף דעם פעלד פון דער אידישער עפנטלעכקייט געהערן צו אָט־דעם ראַדיקאַלן לאַגער, וואָס האָט גלייך ביי זיין אויפקום אין אונזער לעבן אויפגעהויבן דעם העפטיקסטן קאַמף אַנטקעגן דער אידישער כמעט ווי מיטל־אַלטערלעכער אָפּגעשטאַנענקייט: דעם קאַמף אַנטקעגן יעדער אַרט גייסטיקע פינסטערניש, אַנטקעגן יעדער אַרט פאַרשקלאַפונג, אונ־טערדריקונג און פאַרפאָלגונג, אַ קאַמף אין דעם נאָמען פון דער פולער באַפרייאונג פון יעדן מענטשנקינד, עקאָנאָמיש, סאָ־ציאַל און גייסטיק. ווי איינער פון די פירנדע גייסטער אין אָט דעם לאַגער, האָט אונזער יובילאַר דורכגעטראָגן די פאָן פון יענע אייביקע אידעאַלן פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, וואָס זיינען אָנגעשריבן אויף איר: די אידעאַלן פון דער מעגלעכסט פולער פרייהייט פאַר יעדן יחיד; פון דער מעגלעכסט פולער גערעכ־טיקייט און גלייכהייט אין דעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן; פון דער מעגלעכסט רייכסטער קולטורעלער און גייסטיקער אַנט־וויקלונג; פון דער מעגלעכסט ענגסטער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג פון אַלע מענטשן אויף דער וועלט אין איין־איינציקער משפחה פון דער מענטשהייט.

אָבער קעמפנדיק אַנטקעגן דער אָפּגעשטאַנענקייט און פאַרגליווערטקייט פון דעם אַלטן אידישן לעבן, אין דעם נאָמען פון אַלגעמיין־מענטשלעכן פּראָגרעס, פון פרייהייט און גערעכ־טיקייט, האָט דער אידישער ראַדיקאַלער לאַגער פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם ניט באַמערקט, אַז ער אַליין איז ניט פריי פון אַ געוויסער גייסטיקער אָפּגעשטאַנענקייט, פאַרגליווערט־קייט און אומגערעכטיקייט בנוגע צו דעם אייגענעם אידישן פאָלק.

אין דער סאָציאַליסטישער און אַנאַרכיסטישער געדאַנקען־וועלט, אין דער ניט־אידישער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג פון דעם ניינצעטן יאָרהונדערט, איז שוין, אין דעם סוף ניינציקער יאָרן זיינע, געוואָרן ב י י  אַ ל ע  סאָציאַל־

רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען הערשנדיק יענער בליק אויף דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס איז בשום אופן ניט פיינטלעך צו דער נאַציאָנאַל־אייגנאַרטיקער און נאַציאָנאַל־זעלבסטשטענדיקער אַנטוויקלונג פון די איינצלנע פעלקער. די אַלטע קאָסמאָפּאָליטישע, ו ו ע ל ט ־ ב י ר ג ע ר י ש ע אויסטייטשונג פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַליזם, ווי אַ שטרעבן אָפּצושאַפן די קולטורעלע און שפּראַכלעכע אייגנאַרטיקייט פון די פעלקער, צו דערטרינקען די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט זייערע אין אַלמענטשלעכער אייג־אַרטיקייט, — אָט דער ו ו ע ל ט ־ ב י ר ג ע ר י ש ע ר אינטערנאַציאָנאַליזם, אַן אַריבערגענומענער פון דער ראַדיקאַלער בורזשואַזיע, האָט גענומען פאַרשווינדן פון דער סאָציאַליסטישער געדאַנקענוועלט שוין אין די זעכציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט, און צום סוף זיינעם איז דער קאָסמאָפּאָליטישער בליק כמעט אומעטום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמת אינ־טערנאַציאָנאַליסטישן איינשטעל, וואָס ו ו י ל ניט די פאַר־שווינדונג פון די פעלקער, נאָר זייער ענגסטע פאַרברידערונג אין דער פ ע ל ק ע ר ־משפּחה פון דער מענטשהייט.

נאָר דער אידישער סאָציאַליסטישער ראַדיקאַלער לאַגער איז געבליבן שטעקן אין דער פאַרגליווערטקייט פון דער אַמאָל־אַמאָ־ליקער קאָסמאָפּאָליטישער „ראַדיקאַלעכץ”. אָט די פאַרגליווערטקייט האָט אָבער אויך באַטייט די שרייענדיקסטע א ו מ ג ע ר ע כ ־ ט י ק י י ט צ ו א י ד ן , ווי אַ פאָלק. גראָד דאָס אידישע פאָלק, דאָס עלטסטע פון די איצט לעבנדיקע אייראָפּעאישע פעלקער; דאָס פאָלק, וואָס האָט דאָס ערשטע דערקלערט דער וועלט דעם אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַלער פעלקער־פאַרברידע־רונג; וואָס האָט איבער צוויי טויזנט יאָר מסירת־נפש'דיק גע־קעמפט פאַר זיין אייגענער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און פרייער אַנטוויקלונג, ווי אַ פאָלק אויף דער וועלט, — גראָד פאַר אָט דעם פאָלק זאָל דער אינטערנאַציאָנאַלער פעלקער־באַפרייענדיקער און פעלקער־פאַרברידערנדיקער סאָציאַליזם האָבן אַרויסגעטראָגן אַ ח י י ב מ י ת ה , ווי אַ פאָלק, ווי אַ ג ל י י כ ב אַ ־ ר ע כ ט י ק ט ע ר , אַ ג ל י י כ ו ו ע ר ט י ק ע ר ברודער אין דער משפּחה פון דער מענטשהייט.

אָט־די ראַדיקאַלעכצדיקע פאַרגליווערטקייט און די שרייענ־דיקסטע אומגערעכטיקייט בנוגע צו דעם אייגענעם פאָלק האָט ניט געקאָנט אָנהאַלטן לאַנג, און צו די גאָר חשיבות'דיקע פאַרדינסטן פון אונזער יובילאַר אויף דעם פעלד פון אונזער עפנטלעכקייט מוז איך צורעכענען יענעם פאַקט, וואָס ער איז גראָד געווען איינער פון די ע ר ש ט ע , וואָס האָט זיך גענומען פילן ענג אין

דער קאָסמאָפּאָליטישער פאַרגליווערטקייט; איינער פון די ערשטע וואָס האָט קלאָר איינגעזען אָט־די שרייענדיקסטע אומגערעכטי־קייט און האָט זיך באַפרייט פון זיי ביידע.

ווען איך בין געקומען אַהער, אין 1904, האָב איך אין דעם היגן ראַדיקאַלן סאָציאַליסטישן און אַנאַרכיסטישן לאַגער אָנגעטראָפן נאָר דריי אידיש־אַמעריקאַנישע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך אָפּן באַקערט צו דעם אידעאַל פון דער סאָציאַלער, נאַציאָנאַלער און גייסטיקער באַפרייאונג פון אונזער פאָלק: איין סאָציאַל־דעמאָקראַט, יוסף באַראָנדעס, און צוויי אַנאַרכיסטן, דר. זאָלאָטאַראָוו און אונזער ליבער יובילאַר. עס זיינען געוויס געווען נאָך אַנדערע איינצלנע סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן פון דעמזעלביקן גייסטיקן איינשטעל. אָבער פון אָט ד ע ר ז י י ט זיינען זיי ניט געווען באַקאַנט דער עפנטלעכקייט און האָבן געוויס ניט פאַרנומען יענע פּראָמינענטע פּאָזיציעס, וואָס אָט־די דריי.

דער היגער ראַדיקאַלער לאַגער אונזערער האָט זיך אַליין גענויטיקט אין אַן אינעוועניקסטער ראַדיקאַלער רעוואָלוציע. האָט זיך טאַקע אָט דער אינעוועניקסטער גייסטיק־ רעוואָלוציאָנערער קאַמף באַלד פאַנאַנדערגעפלאַקערט גאָר אויף אַ געהויבענעם אופן דאָ אין לאַנד. קאַטץ איז תיכף צוגעשטאַנען צו אים, און האָט זיך גלייך געשטעלט אין דעם פאָדערשטן פראָנט. קאַטץ איז דערביי אויף קיין אויגנבליק ניט געוואָרן אומטריי צו די פאָדע־רונגען און אידעאַלן פון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן פרייהייט־לעכן סאָציאַליזם, סיי פאַר דאָ אין לאַנד, סיי פאַר אומעטום אין דער וועלט. העלפנדיק בלב ונפש דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד, האָט ער אינאיינעם מיט נאָך חברים זיינע פון דער דעמאָלטדיקער היגער אָרגאַניזאַציע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָ־נערן דערוואַרט פון דער רוסישער רעוואָלוציע ניט נאָר דעם טריאומף פון דער פּאָליטישער פרייהייט, נאָר אויך דעם גלייכ־צייטיקן טריאומף פון דעם סאָציאַליזם, ווייל סיי ער, סיי דאָס רוב מיטגלידער פון דער עס־ער׳ישער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אמת׳ע פרייהייט זאָל זיין מעגלעך אָן סאָציאַליזם, אָדער אַז סאָציאַליזם זאָל זיין מעגלעך אָן דער גרעסט־מעגלעכער מאָס פון פּערזענלעכער פרייהייט בפרט.

אָבער דינענדיק טריי די אַלגעמיין־מענטשלעכע אידעאַלן פון דעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם, האָט קאַטץ ניט מיט קיין קלע־נערער איבערגעבנקייט און טרייקייט געקעמפט אין אונזער עפנטלעכקייט פאַר דעם אידעאַל פון אונזער אייגענער אידישער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג, געקעמפט אַלע מאָל

אזוי, ווי דאָס האָט אים דיקטירט זיין צו פרייהייט שטרעבנ־דיקער גייסט, זיין וואַרם אידיש האַרץ.

צוריקבליקנדיק אויף זיין לאַנג־יאָריקער עפנטלעכער טעטיקייט, קאָנען מיר מיט דעם פולסטן רעכט גראַטולירן אינ'ער יובילאַר דערמיט, וואָס ער האָט אין איר געשפּילט באמת די ראָליע פון א „ריטער אָן מורא און אָן פאָרוואורף". און אָפּשאַצנדיק די רעזולטאַטן פון דעם קאַמף, קאָן אונזער יובילאַר זיך אַליין גראַטולירן דערמיט, וואָס גאָר וויכטיקע פּאָזיציעס זיינען געוואונען געוואָרן אין אים, סיי אויף דעם סאָציאַליסטישן פראָנט, סיי אויף דעם וועג פון דער אידישער פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט.

ווי טונקל און שווער עס זאָלן ניט הענגען איצטער די געדיכטע וואָלקנס פון רעאַקציע אויף דעם האָריזאָנט פון דער גאַנצער מענטשהייט און פון אונזער אייגענעם פאָלק, גיט דאָס אונז קיין ברעקל רעכט ניט אפילו אויף א האָר צו פארלירן דעם גלויבן, אַז צו די געוואונענע וויכטיקע פּאָזיציעס וועלן דעראָבערט ווערן נאָך נייע; אַז די צוקונפט געהערט אונז, אָט־די אַלע קעמפער פאַר א פרייהייטלעכן סאָציאַליזם אומעטום, פאַר א פאַרברידערונג פון אַלע פעלקער אין אים און פאַר א גלייכבאַרעכטיקטן און גלייך חשוב'ן פּלאַץ פאַר אונזער אייגענעם פאָלק אין דער באַפרייטער און פאַרברידערטער אַרבעטאָרישער מענטשהייט.

איך ווינטש אונזער יובילאַר, אַז אָט דער גלויבן, וואָס איז פאַר אים געווען דער פירנדיקער שטערן אין זיין וועג, זאָל אויך אויף ווייטער זיין פאַר אים א קוואַל פון נייעם מוט און געשטייגערטער קראַפט אין זיין ווייטערדיקן לעבן און קעמפן.

אין אָט־די עטלעכע בלעטלעך פון מיין באַגריסונג איז אָנגעמערקט געוואָרן נאָר איין זייט פון אונזער יובילאַר'ס פילזייטיקער טעטיקייט; גראַד די, אין וועלכער מיר ביידע זיינען יאָרן לאַנג געווען פאַרבונדן אין געמיינשאַפטלעכן שטרעבן, — די וואָס האָבן אין מיר, ווי אין א סך אַנדערע חברים זיינע, אַרויסגערופן די געפילן פון טיפער ליבע און געטרייער חבר'שאַפט צו אונזער יובילאַר. אַנדערע באַגריסער וועלן מסתמא באַרירן אָדער אָנמערקן די אַנדערע זייטן פון זיין לאַנגיאָריקער אַרבעט אין דער ממשלה פון אידישן וואָרט.

אָבער געדענקען דאַרף מען דערביי, אַז עס איז ניט נאָר וויכטיק צו וויסן וואָס איינער טוט און פאַרוואָס ער טוט עס, נאָר אויך ו ו ע ר דער איינער איז. עס איז וויכטיק צו האָבן

אין אויג דעם  מ ה ו ת  מ ע נ ט ש  פון דעם טוער. אין אָט דעם פּרט האַרף מען שווין ניט דוקא זיין אַ צוגעהעריקער צו אַ באַשטימטער ריכטונג, כדי צו שעצן און צו ליבן אונזער יובילאַר.

ווי אַ מהות מענטש, שטעלט חבר מ. קאַטץ מיט זיך פּאַר ד ע ם  ש ע נ ס ט ן  ט י פ  פ ו ן  אַ ן  ע פ נ ט ל ע כ ן  ט ו ע ר. קאַטץ איז הײם איבערגעבן זײנע אידעאַלן ניט אין קײן קלענערער מאָס, ווי דער פאַרברענטסטער פאַנאַטיקער. אָבער זײן ברײטער בליק אויף מענטש און לעבן, זײן גאַנצע טיף־הומאַנישע נאַטור האָט אים פּאַרהיט פון פאַנאַטישער אײנזײטיקײט.

קאַטץ איז אַ קעמפּער און אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער קעמפּער, אָבער ניט קײן „איש מלחמה", וואָס שטרעבט אַרויסצושטעלן זײן פוס אויף דעם נאַקן פון אַן אידעאישן קעגנער, אָדער וואָס האָט הנאה און איז צײטנווײז געצוואונגען דאָס צו טאָן אין אַן אידעאישן שטרײט. די העכסטע מידה, וואָס דאַרף געשעצט ווערן בײ אַן עפנטלעכן טוער, איז די העכסטע טאָלעראַנץ און דער  ר ע ס פּ ע ק ט  צו דעם ערלעכן גלויבן פון די אַנדערש־דענקנדע. און מיט אָט דער העכסטער מידה טובה איז אונזער יובילאַר געבענטשט אין דער פולסטער מאָס.

רײנער אידעאַליזם; טרײקײט ביז גאָר צו דעם אמת און יושר, ווי ער פאַרשטײט זײ; אַ שטאַרקער חוש פאַר שײנקײט בכלל און נשמה־שײנקײט בפרט; טיפסטער מיטלײד מיט אַלע אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע; ווײטגײענדיקסטע טאָלעראַנץ צו די אידעאישע קעגנער, — אָט־דאָס זײנען די וויכטיקסטע כאַראַקטערשטריכן פון דעם מהות מענטש, משה קאַטץ.

איז זאָלן מיר אַלע, צו וועלכער ריכטונג אין דער עפנט־לעכקײט מיר זאָלן ניט געהערן, ווינטשן אים הײנט אַ סך און סך יאָרן פון טרײען דינען יענע צילן, וואָס זײנען באַזונדערס טײער זײן ערלעכן, טיף הומאַנעם האַרצן, און וואָס ווערן אים דיקטירט פון זײן רײנעם, קרישטאָל־קלאָרן אידעאַליזם.

# מ. קאַטץ

## דער פובליציסט, דער קריטיקער און דער פעליעטאָניסט.

ארויסגעבנדיק מ. קאטצ'ס „געקליבענע שריפטן", צאָלט דערמיט אָפּ דער מ. קאטץ שריפטן קאָמיטעט (פון ניו יאָרק און פון פילאַדעלפיע) אן אַלט־אַלטן, לאַנג הינטער־שטעליקן, צווייענדיקן חוב. דער ערשטער חוב איז דעם ערוויר־דיקן שריפטשטעלער־פובליציסט אליין; דער צווייטער — דער אידישער ליטעראַטור און דער אידיש־אמעריקאַנישער פרעסע.

דער חוב מ. קאטצ'ן, וואָס איז שוין היינט א זקן אין די העכערע זיבעציקער, איז גאָר עולה'דיק פאַרשפּעטיקט געוואָרן. שוין גוטע פופציק יאָר, אז מ. קאטץ פירט זיין באַגאבטע און ערלעכע פעדער איבער די שפאַלטן פון דער וועכנטלעכער, טעגלעכער און מאָנאַטלעכער אידיש־אמעריקאַנישער פרעסע. שוין קנאַפּע פערציק יאָר, אז זיינע פּיעסן ווערן געשפּילט אויף דער אידישער בינע. דאָך, ווען אימיצער פון יונגערן דור זאָל וועלן זיך באַקענען מיט מ. קאטצ'ס שאַפונגען, אָדער ווען איינער פון עלטערן דור זאָל באַקומען חשק פון דאָס ניי איבערלעבן די פרייד, וואָס מ. קאטצ'ס סאָלידע פובליציסטיק און וויציקער פעליעטאָן האָבן אים אמאָל פאַרשאַפט, וואָלט זייער באַגער געמוזט בלייבן אומדערפילט. אויסער א דריי־פיר איבערזעצונגען (א. ס. טור־געניעוו'ס רעדע וועגן האמלעט'ן און דאָן קיכאָט'ן און א צוויי, דריי פּיעסן פון לעאָניד אנדרייעוו'ן) איז פון מ. קאטצ'ן אין בוך־פאָרם גאָרנישט ניט געדרוקט.

די אידישע ביכער־ארויסגעבער, בשעת אפילו אזעלכע זיינען ביי אונז נאָך אין אמת'ן געוועזן, האָבן פאר זאַכן, אפילו די בעסטע, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט געוועזן איבער צייטונ־גען און זשורנאַלן, קיין חוש ניט געהאט. אליין, ווידער, ארויס־געבן זיינע ווערק, ווי עס טוען און האָבן געטאָן א סך שרייבער, אָדער באַוועגן זיינע אינטימע פריינט, אז זיי זאָלן עס טאָן, דאָס איז מ. קאטצ'ן קיינמאָל ניט איינגעפאַלן. דער פיינער מזג טוב, דער בראַווער קאַמעראַד, דער פּראָסט־פּשוט זעלטן גוטער מענטש מ. קאטץ האָט פיל מיטגעהאָלפן ארויסצוגעבן די ווערק פון אנדערע, האָט אימער און אָן אויפהער, אזוי לאַנג ווי ער האָט נאָר געהאט די מינדסטע מעגלעכקייט, אויף אַלערליי אופנים אנדערע געהאָלפן, האָט רק וועגן זיי געטראַכט; מכח זיך אליין האָט ער אָבער, בשום געזעלשאַפטלעכן אופן, קיינמאָל ניט געקלערט.

מיט דער איצטיקער אויסגאבע, וואו מיר, א קליינע צאָל מ. קאַטצ'ס אַלטע פריינט, האָבן צונויפגענומען די בעסטע פון זיינע שריפטן, זיינען מיר, קודם כל, אויסן, פאַרשאַפן דעם אַלטן, ליבן חבר כאָטש א ביסעלע נחת. דערמיט באַצאָלן מיר דעם ערשטן פאַרשפּעטיקטן חוב מ. קאַטצ'ן אליין. און דעם צווייטן, פונקט אזוי פאַרשפּעטיקטן חוב באַצאָלן מיר דער אידישער ליטע־ראַטור און פרעסע, דערהויפּט אין אַמעריקע. מ. קאַטצ'ס ווערק, לכל הפחות זיינע בעסטע, טאָרן ניט פאַרלאָרן גיין. זיי דאַרפן זיך געפינען אין דער ליטעראַטור־ און פרעסע־אוצר. מ. קאַטצ'ס שאַפונג דאַרף אויפגעהיט ווערן לדורות, אי מחמת איר אייגע־נעם, אי מחמת איר ריין־היסטאָרישן ווערט. שטייען מיר דאָך דאָ ביים וויגעלע פון דער אידיש־אַמעריקאַנישער פּובליציסטיק, קריטיק און פעליעטאָן.

א.

מיר הויבן אָן די איצטיקע אויסגאַבע מיט פינף פון מ. קאַטצ'ס עלטסטע ריין פובליציסטישע זאַכן (אין אַן אַנדער באַנד, וואָס מיר האָפן נאָך צוצוגרייטן, וועלן מיר אויך אריינגעבן מוסטערן פון זיין נייערער פובליציסטיק). דאָס פאָדערט פון אונז, ערשטנס, די חשיבות פון דער פּובליציסטיק אין דער דאַמאָלס־דיקער אידישער פּרעסע בכלל, דאָס פאָדערט פון אונז, צווייטנס, די חשיבות פון קאַטצ'ס פּובליציסטיק בפרט.

שטייענדיק דאָ, ווי שוין געזאָגט, ביים וויגעלע פון דער אידיש־אַמעריקאַנישער פּובליציסטיק, באַדויערט זייער דער שרייבער פון די איצטיקע שורות, וואָס ער האָט פאַר זיך ניט מער מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע, איידער ער פאַרמאָגט איצט. קאַטצ'ס עלטסטער אַרטיקל אין דער איצטיקער אויסגאַבע, „די אידנפראַגע", שטאַמט פון יאָר 1889. וואָס איז שייך אַנדערע אידיש־אַמעריקאַנער פּובליציסטן, ניט רעכענענדיק צופעליקע שרייבער, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן די דאַמאָלסדיקע צייט־שריפטן באַזאָרגט נאָר מיט פאַרשיידענע „שאַלעמויזן", איז מיר פון יענער צייט נאָר באַקאַנט אב. קאַהאַן. ער האָט זיין אידיש־שרייבערישע קאַריערע אָנגעהויבן נאָך מיט עטלעכע יאָר פאַר קאַטצ'ן. דירעקט באַקענט זיך, אָבער, מיט זיין שרייבן האָב איך ערשט אין פרילינג פון יאָר 1891. איז דאָס, וואָס איך האָב דאַמאָלס און שפּעטער געלייענט פון אים, ניט מיר, אויב איך האָב ניט קיין טעות, געגוג גרונט אב. קאַהאַנ'ס שאַפן פון יענע יאָרן צוצורעכענען, נישט אזוי צו דער ריינער, שטרענגער פובליציסטיק, ווי צום פעליעטאָן, אָדער צו דער ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער עסיי. מיט דער גרינדונג

פון דער „ארבעטער צייטונג" איז די אמעריקאנער אידיש־סאָציאַ־ליסטישע פּרעסע, אמת, באַרייכערט געוואָרן מיט דער זייער חשוב'ער פּובליציסטישער קראַפט פון פיליפּ קראַנץ (יעקב ראָמבראָ). נאָר איז דאָס געשען ערשט אין יאָר 1890. בלייבט, לפי דעם, מ. קאַטץ אפשר טאַקע דער ערשטער אַמעריקאַנער פּובליציסטישער דעבוטאַנט, אין אידיש־ראַדיקאַלן לאַגער.

כדאי צו פאַרגלייכן די מ. קאַטצ'ישע, ווי בכלל די דאַמאָלס־דיקע אידישע פּובליציסטיק, מיט דער איצטיקער. אָט האָט דאָ ביי אונז, למשל, יאָרנלאַנג געגאָלטן מיט גרויס אַפּלאָמב (און אודאי וואָלט זי נאָך אויך איצט געגאָלטן, ווען ער וואָלט אַזוי פריציייטיק ניט געשטאָרבן) די פּובליציסטיק פון דר. קאָראַלניק'ן, — אַ פּובליציסטיק, דער עיקר, אַן עסייאיסטישע, צירלעך אין פאָרם, אָבער קנאַפּ אַקטועל אין אינהאַלט. געלערנט, שוואונג־האַפטיק, רייך־ניואַנסירט — האָט זי, אָבער, כמעט קיינמאָל ניט געלערנט דעם לעזער, וואָס ער זאָל טאָן, האָט זי אים קיינמאָל ניט געזאָגט: „כזה ראה וקדש". די מ. קאַטצ'ישע פּובליציסטיק, ווי בכלל די ערשטע אידיש־אַמעריקאַנישע פּובליציסטיק, איז, אויף מעקאָלי'ס שטייגער, געווען וויטאַל, קאָנקרעט, אוממיטלבאַר־אָפן און דירעקט דיריגירנדיק. ווי זאָגט דער ענגלישמאַן: „ממה נפשך, אָדער מיין קאַפּעליוש איז אויף מיין קאָפּ, אָדער ער איז נישט אויף מיין קאָפּ!".

אַלע פינף פּובליציסטישע אַרטיקלען, אין דער איצטיקער אויסגאַבע, ענטפערן דירעקט, אָן דער מינדסטער וואַקלעניש, מיט שאַרפע באַק־ציינער אויף באַשטימטע קאָנקרעטע פראַגעס. ווי אַזוי לייזט מען די אידנפראַגע? איז די שאלה אין דעם ערשטן אַרטיקל. און דער ענטפער איז: מען דאַרף זי אויפלייזן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַלער פראַגע. איז דרייפוס שול־דיק? איז די צווייטע פראַגע, אין צווייטן אַרטיקל. און דער ענטפער, אויפן גרונט פון די דאָקומענטן אין דעם זשורנאַל „ריוויו אָוו ריוויוס", די באַווייזן פון בערנאַר לאַזאַר און עמיל זאָלאַ און די דערקלערונגען פון פּעטער קראַפּאָטקין, איז, אַז מען האָט אויפן אָרעמען דרייפוס אַ בלוטיקן בלבול געמאַכט. און אַזוי גייט עס כסדר.

די ערשטע כאַראַקטעריסטיק אין דער מ. קאַטצ'ישער, און בכלל אין דער ערשטער ראַדיקאַלער אידיש־אַמעריקאַנישער פּובלי־ציסטיק, איז, בכן, געווען איר אַקטואַליטעט, איר דירעקטקייט. זי האָט אַגרעסיוו אָנגעגריפן. אָדער זי האָט געשאָלטן, אָדער, וואָס האָט נאַטירלעך פיל זעלטענער געטראָפן, געבענטשט. קיין הוידעניש, קיין אַהין־און־אַהער.

איך קען ניט, ביי דער אָרעמקייט פון מיינע מאַטעריאַלן, אַרויפלייגן מיין פינגער אויף עפּעס באַשטימטעס און זאָגן גענוי: אָט פון דאַנען קומט עס. על פּי סברא בין איך אָבער שטאַרק גענייגט אָנצונעמען, אַז מיר האָבן דאָ אַ דירעקטע ירושה, צו דער סאַמע קלענסטער מדרגה, פון דער העברעאישער פּובליציס־טיק, צום סאַמע העכסטן גראַד פון דער רוסישער, וואָס אויף זיי ביידן האָט זיך מ. קאַטץ אין די לעצטע יאָרן אין רוסלאַנד, קורץ פאַר זיין אָנקומען קיין אַמעריקע, דערצויגן.

די צווייטע כאַראַקטעריסטיק פון דער ראַדיקאַלער אידישער פּובליציסטיק איז געווען איר שאַרף־אויסגעשפּראָכענע פּאַרטיי־אישקייט, וואָס דאָס, ווידער, איז געווען אַ פאַזע, ריכטיקער, אַ נייטיקע קאָנסעקווענץ פון דער ערשטער כאַראַקטעריסטיק, פון דער אַקטועלקייט. נישט נאָר האָט מען געמוזט לערנען דעם לעזער וואָס צו טאָן, ווי אַזוי צו בענטשן, נאָר אויך מיט וועלכן מזומן און אין וואָס פאַר אַ סידור. נאַטירלעך, אין מ. קאַטץ'ס פאַל, ביז די גאָר לעצטע יינציקער יאָרן, וואָס דאַמאָלס האָט זיך, ערשטנס, דער אידישער אַנאַרכיזם אויסגעקריסטאַליזירט אין אַ פילאָזאָפישן און אין אַ פּראַקטישן און מ. קאַטץ האָט געהערט צום ערשטן פליגל, און צווייטנס, האָבן שוין אַ פּאָר אָדער עטלעכע אידישע אַנאַרכיסטן אָנגעהויבן ווערן אפשר אויף אַ קווינט אידישער, — ביז דאַן, אָבער, איז די פּובליציסטיק פון דעם אַנאַרכיסטישן לערער און פירער מ. קאַטץ נאַטירלעך געווען אַ שאַרף־אַנאַרכיסטישע.

שפּראַכלעך־סטיליסטיש איז מ. קאַטץ'ס דאַמאָלדיקע פּוב־ליציסטיק, ווי די ראַדיקאַלע אידישע פּובליציסטיק בכלל, געווען אַ היפּש ביסל פאַרדייטשט. פאַר דעם איז פאַראַן אַ דירעקטער היסטאָריש־קולטורעלער טעם. די אידישע אַנאַרכיסטיש־סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג (אַ לאַנגע צייט איז זי געווען צונויפגעגאָסן אין איין גוס) איז דאָ, אין אַמעריקע, אין חדר געגאַנגען צו דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער־אַנאַרכיסטישער באַווע־גונג: אָדער צו אַלעקסאַנדער יאָנאַס'עס־הערמאַן שליטער'ס „פאָלקס־צייטונג”, אָדער צו יאָהאַן מאָסט'ס „פרייהייט”.

מען דאַרף נאָר עטוואָס קאָרעגירן, אַז אין פּרט פון פּובלי־ציסטיש־פילאָזאָפישע גערמאַניזמען האָט מ. קאַטץ אפשר אַביסעלע ווייניקער געזינדעקט, איידער די אַנדערע — אַ דאַנק זיין העברעאיש־תלמוד'יש־חקירה'שער געלערנטקייט, וואָס האָט זיינע גייסטיקע באַגריפן, טיילווייז, אָנגעקליידט מיט ווערטער און אויס־דריקן פון אידישן אוצר. אַן אַנדער שטריכעלע, וואָס טיילט אָפּ מ. קאַטצ'ן פון עטלעכע פון זיינע דאַמאָלדיקע פּובליציסטישע

צייט־חברים, אין זיין ליטעראַרישקייט. די אימיגראַנטיש־אַמערי־קאַנער סביבה האָט קאַטץ'ן געמאַכט פאַר אַ היפּש ליטעראַרישן מענטשן. צו דער העברעאישער און רוסישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט געקענט פון פריער, זיינען דאָ צוגעקומען די ענגלישע און דייטשע ליטעראַטורן. ליב האָבנדיק די ליטעראַטור און לעבנ־דיק מיט איר, האָט ער זיינע אַרטיקלען און פעליטאָנען אָפט באַצירט מיט פרעמדע און אייגענע פערזן, האָט ער זיין גאַנצן שרייבן מיט ליטעראַרישע זאַפטן אָנגעטרונקען.

עס דאַרפן נאָך צוקומען עטלעכע ווערטער בנוגע די באַ־זונדערע פינף ריין־פּובליציסטישע אַרטיקלען פון דער דאָזיקער אויסגאַבע. זיי זיינען נייטיק, צום טייל בלויז אַלס אָפּשאַצונג, דער עיקר אָבער אַלס אויפקלערונג.

דער אַרטיקל „די אידנפראַגע" דריקט אויס אַן אַנשויאונג, וואָס אפשר מיט דער אויסנאַם פון די אידישע באָלשעוויקעס־קאָמוניסטן, איז זי שוין לאַנג־לאַנג פאַרוואָרפן. מ. קאַטץ אַליין האָט די דאָזיקע אַנשויאונג איבערן באָרט געוואָרפן נאָך אין סאַמע אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אויב טאַקע שוין ניט אין די לעצטע יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט, ווי מען קען עס אפשר אויך זען פונם אַרטיקל „עמיל זאָלאַ און די דרייפוס־טראַגעדיע", וואָס שטאַמט פון יאָר 1898. און ניט נאָר זיינען די מיינונגען אַליין לאַנג פאַרוואָרפן; שוין לאַנג פאַרוואָרפן, פון קאַטץ'ן און אַנדערע, איז אויך דער אופן פון אַרגומענטירן, וואָס ווערט אָנגעווענדט אין דעם אַרטיקל. אויב מיר גיבן דעם אַרטיקל (מיט מ. קאַטצ'ס גוטהייסונג) דאָך אַריין, איז עס, צום טייל, איבער זיין ריין־זשורנאַליסטישן ווערט, צום גרויסן טייל אָבער איבער זיין ריין־היסטאָרישן ווערט. ריין־היסטאָריש איז דער אַרטיקל אַ ווערסט־סלופּ אויפן שליאַך פון אידיש־ראַדיקאַלן זשורנאַליזם. עס וואָלט געווען אַ פעלשונג פון דער היסטאָריע, ווען מיר וואָלטן דעם דאָזיקן אַרטיקל ניט אַריינגענומען.

דער אַרטיקל „עמיל זאָלאַ און די דרייפוס־טראַגעדיע" פאָ־דערט כמעט קיין דערקלערונג ניט. אַז ער איז אַ סך אידישער, איידער דער פריערדיקער אַרטיקל, האָב איך שוין אָנגעטייט. אַז, אין זיין צייט, איז דער אַרטיקל שטאַרק נייטיק געווען, ווייזט אויך דער פאַקט, וואָס אפילו פיליפּ קראַנץ, אַ שרייבער ווייט ניט קיין אומאידישלעכער, האָט אַ צייט לאַנג, ווערליק איך האָב געלייענט, זיך געהאַט געוואַקלט מכח דרייפוס'עס אומשולד. דאָס וואָס מ. קאַטץ ברייננגט אין זיין אַרטיקל, אַלס ראיה לדבר, אויך אַ שמועס, וואָס ער האָט געהערט פון פעטער קראַפּאָטקינ'ען, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פרומער חסיד'ישקייט, וואָס האָט

אין יענע יאָרן, אין דער ראַדיקאַלער אידישער וועלט, אפילו צווישן לערער און פירער, געהערשט בנוגע לערער און פירער פון א וועלט־מאַסשטאַב.

דער אַרטיקל „די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויפן שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט" שטאַמט פון אַ צייט, ווען די שטימונג איז געווען אַביסל אַ גערריקטע סיי ביי די שטאַרק צעשפּאָלטענע, צעריסענע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סיי ביי די, ווי שוין פריער אָנגעטייט, צעטיילטע, צעשפּאָלטענע אַנאַרכיסטן. דערפון, אין דעם אַרטיקל, דעם אין גוטן מוט מילדלעכן קאַטצ׳ס נאָך מילדערער טאָן. די אַלטע וואונדיקע קריוודעס פון די אין די ניינציקער יאָרן שוואַכער געוואָרענע אַנאַרכיסטן קעגן די שטאַר־קערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן, אָבער, נאָך געגנוג געברענט. די טענה, הלמאי מען שאַנעוועט די רעליגיע, איז, פון אַנאַרכיסטישן שטאַנדפּונקט, נאָך געווען גאַנץ שטאַרק. און פון די ביידע אומשטענדן נעמט זיך די, נאָך אַלעמען, היפּש שאַרפלעכע פּאָ־לעמיקע אינם אַרטיקל.

דער אַרטיקל „פון זשעליאַבאָוו׳ן צו גערשוני׳ן", וואָס איז צוערשט געדרוקט געווען אַלס לייט־אַרטיקל אין ל. ע. מילער׳ס טעגלעכע ציימונג „די וואַרהייט", פאָדערט אפשר נאָר די איין דערקלערונג, אַז צו יענער צייט, ווי אויך יאָרן פריער און יאָרן שפּעטער, איז מ. קאַטץ ראשו ורובו געווען אַריינגעטאָן אין דער רוסישער סאָציאַליסטיש־טעראָריסטישער פּאַרטיי „סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן", שאַפנדיק פאַר איר, אויף אַ העראָאישן אופן, ריזיקע סומען געלט. אודאי און אודאי איז דאַמאָלס מ. קאַטץ, בנוגע צום צאַרישן רוסלאַנד, געווען אַן אויסגעשפּראָכענער טעראָריסט.

דער פינפטער אַרטיקל, געשריבן צו פּעטער לאַווראָוו׳ס טויט, פאָדערט, אין זיך אַליין, קיין שום אויפקלערונג ניט. פאַרן יונגערן לעזער מעג אָבער געזאָגט ווערן, אַז פּעטער לאַווראַוו איז, אַזוי ווי טשערנישעווסקי און הערצען, למשל, געווען איינער פון די גרויסע זיידעס פון רוסישן סאָציאַליזם. אַלס אַזאַ איז ער גלייך ליב און הייליק געווען סיי ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סיי ביי די אַנאַרכיסטן. מ. קאַטצ׳ס טיכטיק־ברייטע און שיינע אָפּהאַנדלונג איבער לאַוראָוו׳ן איז דאָך דאַמאָלס געווען די איינציקע אין איר מין, — פּשוט ווייל אין יאָר 1900 איז די אַנאַרכיסטישע מאָנאַטששריפט „די פרייע געזעלשאַפט", פון דר. י. א. מעריסאָן, מ. לעאָנטיעוו (ל. ס. מאָיסעיעוו) און מ. קאַטץ, געווען די איינציקע אין גאַנצן אידיש־ראַדיקאַלן לאַגער.

ב.

אויך אַלס ליטעראַטור־ און טעאַטער־קריטיקער פאַרנעמט ביי אונז מ. קאַטץ אַ חשוב'ן אָרט. אמת, דאָ איז זיין אָרט ווייניקער חשוב, ווי אַלס פובליציסט. דאָך איז עס, דער עיקר, נאָר כראָנאָלאָגיש גערעדט און אין דער שפּראַך פון צאָל.

כראָנאָלאָגיש איז אַב. קאַהאַן ניט נאָר דער ערשטער, ער איז אויך, אַ צייט־לאַנג, שיר ניט דער איינציקער ליטעראַטור־ און טעאַטער־קריטיקער אין דער ראַדיקאַלער אידישער פּרעסע. די אַנאַרכיסטישע פּרעסע, וואָס, ביזן סוף 19טן יאָרהונדערט, איז מ. קאַטץ מיט איר כמעט אויסשליסלעך אידענטיפיצירט געווען, האָט, משמעות, זיך ווייניקער אינטערעסירט מיט ליטעראַטור און טעאַטער. אַגב, איז אויפן אידיש־אַנאַרכיסטישן האָריזאָנט באַלד אויפגעקומען מ. לעאָנטיעוו'ס ליטעראַריש־קריטישער שטערן און איז זיך צעוואָקסן שיר ניט איבערן גאַנצן אַנאַרכיסטישן הימל.

דעם גאַנצן ליטעראַרישן הימל ביי די אַנאַרכיסטן האָט, אָבער, ל. ס. מאָיסעיעוו דאָך ניט פאַרנומען. שוין מחמת דער ריין־טעכנישער סבה, וואָס ביזן סאַמע לעצטן יאָר פונם יאָרהונדערט האָט לעאָנטיעוו קיין אידיש ניט געשריבן, נאָר מען פלעגט אים איבערזעצן פון דייטש. איז נאָך אַלץ געבליבן היפּש פּלאַץ פאַר מ. קאַטצ'ן, אַפילו ביי די אַנאַרכיסטן. אָבער אפשר נאָך וויכטיקער איז דער פאַקט, וואָס, אַן ערך אין 1898, ווערט קאַטץ דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", וואו סיי אַלס מכנים אורח פון אַנדערע, סיי מיט זיינע אייגענע קריטיקן, הויבט ער אָן שפּילן גאָר אַ גרויסע ראָלע אין דער אידישער ליטעראַטור־ און טעאַטער־קריטיק. פּאַרדריסט מיך טאַקע שטאַרק, וואָס ס'איז אונז ניט געלונגען אַריינצוקריגן אין איצטיקן באַנד מ. קאַטצ'ס גרויסן, ענטוזיאַסטישן איבערבליק, אין 1898, אין „פאָרווערטס", איבער יעקב גאָרדינ'ס „מירעלע אפרת", און זיינע קלענערע איבערבליקן, אין 1909 און 1910, איבער דוד פּינסקי'ס „יענקל דער שמיד" און לעאָן קאָברינ'ס „יאַנקעל בוילע", אין דער „ווארהייט". (אפשר וועט אונז נאָך געלינגען די דערמאָנטע קריטיקן אַריינצוגעבן אין אַן אַנדער באַנד).

זיך באַשריינקנדיק צומייסט אויף די דריי ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן, וואָס קומען אַריין אין איצטיקן באַנד, זאָג איך:

אַלס ליטעראַטור־קריטיקער צייכנט זיך מ. קאַטץ, צוערשט, אויס מיט זיין גרויסן, וואַרם־האַרציקן ענטוזיאַזם. דאָס איז ביי אים אַזוי ווי אַ מין צווייטע זייט פון דער מטבע פון זיין אַקטועלקייט און דירעקטקייט אין דער פובליציסטיק. אין זיינע קריטיקן איז מ. קאַטץ אַ גרויסער בעל התפעלות. נישטאָ ביי אים

קיין האַלבקייטן, קיין ווינגעניש. געפעלט אים אַ בוך, אַ פּיעסע, אַ דערציילונג, לויבט ער עס מיטן גאַנצן האַרצן. אַז עס איז גוט אַזוי, ניט בלויז פון שטאַנדפּונקט פונם אָביעקט פון דער קריטיק, וועלן, האָף איך, מיט מיר אַלע מסכים זיין. דער צוועק פון קריטיק איז ניט נאָר אַנאַליזירן, ווייזן דעם וועג, נאָר, אפשר נאָך באַזונדערס, צו וועקן גלויבן און ענטוזיאַזם.

די צווייטע מעלה אין מ. קאַטצ׳ס קריטיקן איז זייער סאָציאַלקייט. מ. קאַטץ איז טאַקע אַן עכטער עססעט. פאַר אַ גוט שטיקל מוזיק, אַ שיינער דערציילונג, אַ פּרעכטיקן טעאַטער־שטיק וואָלט ער, אין זיינע אינגערע יאָרן, זיין לעצט העמד אוועקגע־נעבן. גלייכצייטיק איז ער, אָבער, אַ מאָדערנער מענטש, סאָציאַ־לאָגיש געשולט. ניט ער דערפאַר אין זיינע קריטיקן אָפּ אַ סך פּלאַץ, אמאָל אפשר אפילו דעם גרעסטן פּלאַץ, דער סאָציאַלער זייט, דעם געזעלשאַפטלעכן ווערט פון ווערק, וואָס ער באַטראַכט.

ווייטער, צייכענען זיך מ. קאַטצ׳ס קריטישע אָפּהאַנדלונגען אויס מיט זייער ליכטיקער קלאָרקייט. און טרעפט מען אמאָל אין זיינער אַ קריטיק עפּעס אַן אומבאַשטימטקייט, איז עס סיידן נאָר בנוגע אַן אויסדרוק, אָדער אַ פראַזע. קיינמאָל אָבער ניט בנוגע אַ געדאַנק, אָדער אפילו אַ שפּליטער פון אַ געדאַנק.

שליסלעך, דאַרף אין קאַטצ׳ס קריטישע אַרבעטן, נאָך מיט אַ שטאַרקערער באַטאָנונג, דערמאָנט ווערן אויך זיין ליטעראַ־רישקייט. קאַטצ׳ס קריטיקן לייענען זיך שיין, דערפאַר וואָס זיי זיינען שיין געשריבן. דאָס ליטעראַריש־דעקאָראַטיווע איז דאָ ליכטער, מער נאַטירלעך, איידער אין די ריין־פּובליציסטישע זאַכן. דער גילדענער שטויב פון דער ליטעראַרישער מאַטעריע קלעפּט זיך צו צום אַרומאַרבעטערם הענט און צו זיין באַשאַף.

פון די דריי קריטישע זאַכן, וואָס קומען אַריין אין איצ־טיקן באַנד, פאַרדינט די מיניאַטור־אַרבעט וועגן טאָמאַס הוד, צוערשט, אַ וואַרעמען לויב פאַר איר וואַרעמען ענטוזיאַזם. אין יענע „אַלטע" צייטן איז מ. קאַטצ׳ס אַרטיקעלע וועגן טאָמאַס הוד איבערהויפּט געווען דאָס איינציקע. די אַנדערע צוויי, וואָס האָבן, אין אונזערע קרייזן, אין יענע צייטן, באַרירט „דאָס ליד פונם העמד", מאָרים ווינטשעוסקי און פּראָפעסאָר לעאָ וויענער, זיינען בלויז יוצא געווען מיט קורצע נאָטיצן. אגב, איז ווערט צו באַמערקן מ. קאַטצ׳ס זייער באַשיידענע באַמערקונג (מ. קאַטץ איז דער באַשיידנסטער מענטש אין אונזער גאַנצער אַמעריקאַנער אידיש־ליטעראַרישער וועלט), אַז די „העמד"־פּערזן אינם אַרטי־קעלע זיינען ניט אַלע פון מאָרים ווינטשעווסקי׳ס באַרימטער איבערזעצונג. הייסט עס, אַז אַ טייל זיינען מ. קאַטצ׳ס.

די קריטיק איבער טאָלסטאָי'ס „תחית המתים" איז ניט נאָר אַ גרויסע, נאָר טאַקע אויך אַ גרויסאַרטיקע אַרבעט. כאָטש מ. קאַטץ זאָגט, אַז ער פאַרנעמט זיך דאָ ניט מיט דעם עסטע־טישן ווערט פונם בארימטן ראָמאַן, פאַרנעמט ער זיך מיט אים דאָך גאָר ניט אַזוי ווייניק. דער סאָציאַל־פילאָזאָפישער אַנאַליז איז אויסשעפנדיק־איבערצייגנדיק.

איבעריקנס, מ. קאַטצ'ס נעגאַטיווער קוק אויף טאָלסטאָי'ס רעליגיעזער פילאָזאָפיע איז דוקא ניט באַאיינפלוסט פון קריטי־קערס אַנאַרכיזם. מ. קאַטצ'ס מיינונג איז די מיינונג פון פאַקטיש דער גאַנצער ליטעראַרישער וועלט. בדרך כלל איז עס אויך געווען די מיינונג פון דעם ברייטסטן, ליכטיקסטן פון אַלע קריטיקער, געאָרג בראַנדעס.

די קריטיק אויף י. ל. פרצ'ס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" איז גאָר, גאָר אַ שיינע אַרבעט, סיי מיט איר האַרציק־גרויסן ענטוזיאַזם און סיי מיט איר דעטאַלירטער צעגלידערונג. בדרך כלל, איז מיין פרייד מיט איר איצט דיזעלביקע, ווי פאַר אַכט־און־צוואַנציק יאָר, בשעת איך האָב זי אריינגעגעבן אין ערשטן זאַמלבוך „ליטעראַטור". פון דער אַנדער זייט, היינט, פונקט ווי דאַמאָלס, שרייב איך זיך ניט אונטער אויף מיין ליבן חבר מ. קאַטצ'ס נעגאַטיווער שטעלונג צו פרצ'ס ליטעראַרישן אַסקע־טיציזם אינם בוך. מ. קאַטץ איז דאַמאָלס געווען, ליטעראַריש־פילאָזאָפיש גערעדט, אַן אַנאַרכיסט פונם „וואויל־לוסטיקן" טיפ. איז דאָס אודאי געווען ז י י ן רעכט. י. ל. פרץ איז אָבער, חס ושלום, ניט ווייניקער בארעכטיקט געווען פאָעטיש זיך צו קוויקן מיט דעם „כיבוש היצר" עלעמענט פון דער אידישער מאָראַל.

ג.

אפשר דער וויכטיקסטער טייל אין איצטיקן באַנד זיינען מ. קאַטצ'ס פעליעטאָנען: די „רעיונות פון אַ בעל מחשבה" און בן אמוצ'ס „ערנסטע פלוידעריי".

אויב איך האָב פריער באַדויערט, וואָס עס פעלן מיר ידיעות וועגן דער געשיכטע פון דער אידישער פובליציסטיק, באַדויער איך איצט, נאָך מער, וואָס איך ווייס ניט גענוג פון דער געשיכטע פון אידישן פעליטאָן. איצט, נאָכמער ווי פריער, וואָלט איך וועלן אָנווייזן מיט זיכערקייט אויפן אורשפּרונג פונם אידיש־אַמעריקאַנישן פעליטאָן. איצט, נאָכמער ווי פריער, וואָלט איך וועלן האָבן די זיכערקייט צו זאָגן, אַז מ. קאַטץ איז געווען אונזער ערשטער אידיש־אַמעריקאַנער פעליטאָניסט.

וואָס איז געווען דער אורשפּרונג? איך גלויב ניט, אַז

עס איז פאראַן וועלכער ס'איז גרונט אַנצוהייגען אונזער אידיש־אַמעריקאַנישן פעליטאָן, כאָטש זיינע מייסטע ערשטע באַשעפער זיינען געווען „רוסאקעס", אָן שצעדרין־סאַלטיקאָוו'ס סאַטירישע מעשה'לעך. (איך ווייס אַפּילו ניט, צי האָט עס גאָר ווער עס איז, ווען עס איז געזאָגט). גיכער לייגט זיך אויפן שכל אָנצוהייגען די געבורט פון אונזער פעליטאָן אָן דעם פראַנצויזישן „בלעטל", אין זיין העברעאישן גלגול. דער וועג האָט דאָ געמוזט זיין פון הנ"צ'ן, אין „הצפירה", און טביוב'ן און יכנהז'ן עטצ. אין „המליץ" און, דערנאָך, פון בן נ"צ'ן (מ. ווינטשעווסקי) צו די אַמעריקאַנער.

מחשבות'ן, ווי אַזוי דער מהלך האָט זיך געקענט אויסלייגן פון מאָרים ווינטשעווסקי'ן ביז מ. קאַטץ'ן, הויב איך ניט אָן צו וויסן. העברעאיש האָט ווינטשעווסקי, אין די אַכציקער יאָרן, אָדער גאָרנישט, אָדער שוין גאָר ווייניק געשריבן. קיין אַמעריקע איז ווינטשעווסקי געקומען ערשט אין 1894. פריער פלעגט זיינע אַ זאַך, ווער רעדט אַ פעליטאָן, אַריינפאַלן, אַפּילו אין דער סאָציאַליסטישער „אַרבייטער צייטונג", גאַנץ זעלטן. ביידע, אי ווינטשעווסקי אי קאַטץ, האָבן, אמת, געהאַט אַ שייכות צום לאָנדאָנער „אַרבייטער פריינד" — אָבער אין גאַנץ באַזונדערע צייטן.

אין אַמעריקע איז, נאָך פאַר די ניינציקער יאָרן, אַקטיוו געווען אויפן פעלד פון אידישן פעליטאָן אַב. קאַהאַן. אָן ספק האָט ער פאַרמאָגט וויץ אין זיין שרייבן. אָט זיינען אַ פּאָר ביי־שפּילן: אין „אַ הספּד אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטן" (1893) האָט ער געשריבן: „צאַר אַלעקסאַנדער האָט געגעבן זיינע פּויערים ערד — צו קייען". מיט יאָרן פריער האָט ער געשריבן: „דער געלט־זאַק האַלט אָן עולם ומלואו פון דער אמונה. הדא דכתיב — ניט אומזיסט שטייט געשריבן אויפן אַמעריקאַנעם זילבערנעם דאָלאַר: „אין גאָד ווי טראָסט"."

דאָך וואָלט איך ניט גערופן אַב. קאַהאַנ'ס פעליטאָנען — פעליטאָנען אין געוויינטלעכן זין פון וואָרט. דאָס זיינען מייסטנס געווען זיינע דאַמאָלס באַוואוסטע „סדרות", וואָס זיינען טאַקע געשריבן געווען אין אַ מגיד'ישן סטיל און זיינען, דער עיקר, טאַקע געווען, ווי אַ מין פּאַראָדיע אויף אַ מגיד'ישער דרשה, צוגעווירצט מיט אַ וויץ, פאַרבראָקט מיט אַ ליבעראַל־סאָציאַליס־טישער חקירה'לע. ס'פאַלט מיר גאָר ניט איין צו לייקענען דעם ווערט פון אַב. קאַהאַנ'ס „סדרות". איך בין אַפּילו גרייט, ביי מיין איצטיקער וויטקייט פון זיי, ניט האָבנדיק אָנגעזען זיי אין די אויגן אין משך פון עטלעכע און פערציק יאָר — איך בין,

זאָג איך, אַפּילו גרייט זיי צו באַטראַכטן ווי אַ גאַנץ אָריגינעלע שאַפונג. דאָך, אַפּילו אויב זיי זיינען פעליטאָנען, דאַרפן זיי פאַררעכנט ווערן פאַר אַ גאַנץ ספּעציפישן זשאַנר פון דעם פעליטאָן. פאַרבינדן זיי, אָבער, מיטן אייראָפּיאיִשן פעליטאָן, אַזוי ווי ווינטשעווסקי'ס און קאַטץ'ס שאַפונגען פון דעם סאָרט, דאַרף מען, גלויב איך, נישט.

און בכן, ווײַבאַלד ווינטשעווסקי'ס איינפלוס אויף דער דעמאָל־טיקער אידישער אַמעריקע בכלל און קאַטץ'ן בפרט זעט זיך ניט, בלייבט טאַקע נאָר צו באַטראַכטן קאַטץ'ן אַלס דעם ערשטן און, אָן ספק שיינע עטלעכע יאָר, אַלס דעם חשוב'סטן אידישן פעלי־טאָניסט אין אַמעריקע.

מ. קאַטצ'ס פעליטאָן, וואָס האָט זיך צוערשט באַוויזן אין 1890, אין דער „פרייע ארבעטער שטימע", איז, נאַטירלעך, אַן אַנאַרכיסטישער. עס איז אַ ביטערער געלעכטער, אַ גאַליקער וויץ. לפנים אַ צופאַליקער, איז עס אין אמת'ן גאָר אַ גאַנץ בכיוונדיקער געדאַנקען־פּלאָנטער — צוליבן הומאָר.

פאַראַן טאַקע עטוואָס הומאָר אויך אין מ. קאַטצ'ס פע־ליטאָן, א ח ו ץ ד ע ם ו ו י ץ, וואָס, מיט דער אויסנאַם פונם כאַראַקטער פון משוגענעם פילאָזאָף, קען מען עס זעלטן זאָגן אויף ווינטשעווסקי'ס פעליטאָנען. אַ רייכע, אַ ברייטע, שיר ניט אַ הפקר'דיקע שפּראַך־שפּילעניש, וואָס באַשטייט אָבער, דער עיקר, אין אַ ק אַ ל י י ד אָ ס ק אָ פּ י ש ק י י ט פ ו ן ו ו ע ר ט ע ר —העברעאישע, געמאַנישע, רוסישע און אויך ענגלישע.

דער ליטעראַרישער טאָן ווערט אָבער קיינמאָל ניט פאַר־שטילט. עס איז פאַראַן אַ פאַרהוילענע ערנסטקייט אַפּילו הינטער דער הפקר'דיקייט; עס איז פאַראַן אַ זיסע ליטעראַרישקייט אַפּילו אין דער עסנדיקסטער ביטערקייט, און אודאי פעלט דאָ ניט די ליטעראַרישע דעקאָראַטיווקייט, די אייגענע אָדער פרעמדע פּערזן. עס פעלן אויך ניט קיין גראַמען אין פּראָזע.

דער פאַרגלייך מיט ווינטשעווסקי'ן איז אומפאַרמיידלעך. געוויס איז ווינטשעווסקי'ס פעליטאָן באַטייטנדיק העכער. איז דאָך ווינטשעווסקי דער גלענצנדיקער סטיליסט. איז ער דאָך, שרייבנדיק זיינע פעליטאָנען, שוין געווען אַ זייט יאָרן לאַנג, און אויף עטלעכע שפּראַכן, געשליפענער שריפטשטעלער. געוויס איז זיין משוגענער פילאָזאָף, ווי שוין דערמאָנט, אויב ניט אַ כאַ־ראַקטער, איז כמעט אַ טיפּ. ווינטשעווסקי איז אויך שפּראַכלעך אַנדערש פון מ. קאַטצ'ן. נאָנט ער דאָך אַזויפיל זיסע שפּראַכ־לעכע טשיקאַווקייטן אַרויס פון זיין ליטווישן דיאַלעקט.

דאָך איז צווישן די צוויי פאַראַן אַ גרויסע ענלעכקייט — סיי אין ציַיט (ביידע האָבן, למשל, פיל צו טאָן מיט ביסמאַרק'ן) און סיי אין סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישן אינהאַלט. און מ. קאַטץ האָט זיינע היפּשע זכיות'ן פון געלעכטער און וויץ, פון שפּראַך־שפּיל און ליטעראַרישקייט.

איבערהויפּט שטאַרק איז די ענלעכקייט, ווען עס קומט צו די צוגלייכענישן, וואָס פאַרבינדן זיך מיטן ווערטל „ווי". ביי ביידן זיינען די „וויס" אין פלוג אַ טפל, אין אמת'ן אָבער נאָר אַן עיקר. ביי ביידן ליגט דער וויץ אויך אין דעם, וואָס די „וויס" מערן זיך און פּלאָנטערן זיך, ביז עס ווערט פון זיי אַ גאַנצער לאַבירינט פון גליי־כענישן — ביי ווינטשעווסקי'ן נאָך אַ גרעסערער, ווי ביי קאַטצ'ן.

וואָס איז שייך די פיל באַזונדערע פעליטאָנען, איז, פון איין זייט, נישטאָ פיל, און פון דער אַנדער זייט, נישט מעגלעך פון זיי צו ריידן. איך וויל נאָר אויסטייטשן, ראשית, אַז די קליינע ריי פעליטאָנען, וואָס שטאַמען פון דער אַזוי־זיכדיק־בעל הבית'ישער „אידישער טעגלעכער העראָלד", וואָס מיכאל מינץ (דער שווישפּילערין קעני ליפּצינ'ס מאַן) איז געווען איר אַרויס־געבער, איבערראַשן אי מיט זייער גוטסקייט, אי מיט זייער אָפענער אַנטי־רעליגיעזקייט. והשנית, אַז די אויך ניט גרויסע ריי פעליטאָנען פון „דער נייער גייסט" שטעלן מיט זיך פאָר עפּעס סאָלידעס, דורכגעטראַכטעס, מער איינגעהאַלטענעם און, ממילא, אויך עפּעס ווייניקער שפּילעוודיקעס, איידער די אַנ־דערע פעליטאָנען.

אַ צוויי אָדער דריי זאַכעלעך אין דער פעליטאָנען־אָפּטיילונג, ווי, למשל, „וועגן פרילינג און ליבע", געהערן באמת'ן גיכער צו דער עסיי איידער צום אמת'ן פעליעטאָן.

* * *

און אַזוי ליגן מיר פאָר, מיט ליבע און גלויבן, מיט אונזער פולסטן ערנסט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פאַר די אידישע לעזער און דער אידישער עפנטלעכקייט, דעם ערשטן באַנד פון מ. קאַטצ'ס „געקליבענע שריפטן", האָפנדיק און גלויבנדיק, אַז די אידישע לעזער, ווי די אידישע עפנטלעכקייט, וועלן אונז העלפן אַרויסגעבן אויך די צוויי אַנדערע בענדער.

**יואל ענטין.**

ניו יאָרק, ערשטן טאָג פּסח, תרצ"ט.

# די אידנפראַגע

.1

„השמן לב העם הזה ואזניו הכבד ועיניו
השע פן יראה בעיניו ובאזניו ישמע ולבבו
יבין ושב ורפא לו."

(ישעיהו י.)

מיט אָט־די ווערטער האָט זיך באַקלאָגט איינער פון די גרעסטע קעמפער פאַר דעם אָרעמען פאָלק, בעת ער האָט מיט זיין קונציקער רעדנס־קראַפט געשילדערט די נידערטרעכטיקייט פון דער דאַמאָלסדיקער הערשנדער קלאַסע. דאָס איז געווען דער נביא ישעיהו. מאַסן ערטער קען מען געפינען אין זיינע שילדערונגען, וועלכע זיינען ווי צוגעפּאַסט אויך צו דער יעצט עקזיסטירנדער רויבערישער, באַרבאַרישער געזעלשאַפט. ניט דאָס אָבער איז מיין צוועק אין דעם אַרטיקל צו דערווייזן. איך האָב נאָר אָנגע־פירט דאָס באַקלאָגן זיך פון דעם נביא אויף דער שטומפּקייט פון דעם פאָלק, פאַר וועמעס אינטערעסן ער האָט געקעמפט און פאַר וואָס ער איז זיין גאַנצן לעבן פאַרפאָלגט געוואָרן פון דער דאַמאָלדיקער אידישער רעגירונג, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די ליידנדע. אַזעלכע מענטשן האָבן אימער געליטן, ווייל זיי זיינען געווען שעדלעך פאַר די הערשער, דען די אינטערעסן פון די הערשער און די רייכע זיינען אויך, ווי יעצט, אימער און איבעראַל געווען קעגן די אינטערעסן פון דעם פאָלק.

אָט דעם באַקלאָגן זיך זיינעם מוז מען נאָך יעצט אויך ווידערהוילן: דאָס פאָלק האַלט פאַרמאַכט זיינע אויגן, פאַרשטאָפּט זיינע אויערן, פאַרגרעבט זיין האַרץ, אַזוי ווי עס וואָלט, דאַכט

זיך, מורא האָבן, פיליכט אַז עס וועט דערזען, דערהערן, דערפילן, פון וואַנען זיין ווייטיק שטאַמט, וועט עס דאָך דאַן, נויטוועני־דיקערווייזע, אָננעמען מיטלען געהיילט צו ווערן. אַלזאָ, איז דאָס בעסטע גאָר ניט הערן, ניט זען, כדי ניט צו פילן און פאַרשפּאָרן צו היילן זיך. — וואונדערבאַר, זייער וואונדערבאַר און זייער קלעגלעך איז, אַז מיט דעם אידישן פאָלק איז דאָס נאָך יעצט אויך אַזוי: דאָס אידישע פאָלק, וואָס קען זיין אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע דערמיט, וואָס אידן אין זייער לאַנגער וואַנדערונג פון איין לאַנד אין אַנדערן און צוזעענדיק די אַלע ליידן פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי קומט אוים אַ צייט צו לעבן און צו ליידן ניט ווייניקער ווי די אָרעמע, אונטערדריקטע קלאַסן פון יענעם פאָלק, — קלעגלעך איז, אַז האָבנדיק אַזאַ לאַנגע פּראַקטיקע, זאָל זיך דאָס אידישע פאָלק ניט כאַפּן אַמאָל, ניט קומען צום שכל און אָם ענדע דאָך פאַרשטיין, זען וואו דער הונט איז באַגראָבן.

אַ לאַנגע צייט, און נאָך אויך יעצט, גייט אָן אַ קריג צווישן די געבילדעטע אידן, צווישן די זאָגענאַנטע משכילים: צי זיינען אידן אַ נאַציע און עס בינדן זיי צוזאַמען, עס פאַראייניקן זיי זייערע נאַציאָנאַלע געפילן, אָדער זיי זיינען נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע און זיי פאַראייניקט זייער רעליגיע, זייער גלויבן.

די ערשטע דערווייזן מיט פאַקטן: מיר זעען, זאָגן זיי, אַז זאָגאָר אינטעליגענטע אידן, ווי דאָקטוירים, יוריסטן, מיט איין וואָרט די אַלע געשטודירטע, וועלכע האַלטן גאָר ניט פון דעם אידישן גלויבן, האַלטן איבערהויפּט ניט פון קיין גלויבן און זאָגן אָפן, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין גאָט און אַלץ איז מיט דער נאַטור, — פונדעסטוועגן אָט־די אַלע, וועלכע לאַכן אָפּ פון אַלץ, נאָר ווי עס קומט עפּעס אַ צרה, אַן אַלגעמיינע צרה אויפן אידישן פאָלק, כאַפּן זיי זיך אָן און ציִען זיך אַלס אידן, אַלס טרייע קינדער פון זייער פאָלק. וואָס־זשע ברייננט זיי דערצו? געוויס ניט דער גלויבן, פון וועלכן זיי האַלטן ניט! וואָס דען איז דאָס? געוויס נאַציאָנאַל־געפילן, וועלכע בינדן זיי צו, פאַר־אייניקן זיי מיט זייער פאָלק.

נאָך שטאַרקערע באַווייזע פירן אָן די צווייטע, וועלכע זאָגן, אַז אידן זיינען נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע. יענע אַלגעמיינע פאָלקס־אינטערעסן, זאָגן זיי, וועלכע עס פאַרקניפּן אַ געוויסע צאָל מענטשן אַלס איין נאַציע, האָבן אידן ניט. זיי האָבן ניט קיין אַלגעמיין לאַנד, אויף וועלכן אַלע אידן זאָלן וואוינען און זאָלן עס דאַרפן פאַרהיטן, עס זאָל ניט פאַרכאַפּט ווערן פון אַנדערע פעלקער. זיי האָבן ניט קיין אַלגעמיינע שפּראַך, אויף וועלכער אַלע אידן זאָלן ריידן און דענקען. זיי איז נאָר פאַרבליבן זייער גלויבן, און דאָס פאַרבינדט זיי אַלס פאָלק.

דערפון איז לייכט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי דער יונגער דור, ווי אויך די אָרטאָדאָקסן, סימפּאַטיזירן מיט דער פאַלשער אידייע צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע. די ערשטע האַלטן זיך ביי דער מיינונג, דאָס אידן אַלס אַ נאַציע מוזן האָבן זייער לאַנד, וואו זיי וועלן קאָנען איינפירן זייער אַלטע העברעאַישע שפּראַך און מיט דער צייט ווייטער, ווייטער... (אַזוי בויען זיי זייערע לופט־שלעסער) וועלן אידן זיך דערוועגן זייערע פּאָליטישע רעכט אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע נאַציע. אַ ראיה איז פון די באַלקאַנישע פעלקער, וועלכע זיינען געוואָרן ניט לאַנג אומאָפּהענגיק. איבע־ריקנס וועט מסתמא אונזער מלאך מושיע, זיין הויכמאַיעסטעט פאָן ראָטשילד וועגן דעם אביסל אַ זאָרג טאָן. און פאַרוואָס ניט? ער זאָל טאַקע זיין מיט דער צייט אַ אידישער פירסט אויך! ער זאָל נאָך מאריך ימים ושנים זיין צו דערלעבן די נחמה...
— די אָרטאָדאָקסן מעגן זיך דאָך געוויס גלעטן איבערן בייכל, ווייל נאָר דאָרטן, זאָגן זיי, וועלן אידן ערשט קענען היטן דעם גלויבן אין גאַנצן: מיט תרומות, מעשרות, ערלה, און מיט דער צייט ווייטער און ווייטער (אַן אַנדער סאָרט לופטשלעסער) טאַקע אַ בית המקדש, טאַקע ווי אַמאָל איז געווען, מיט לוים, געזאַלבטע כהנים, קרבנות...

נאָר איך האָב זיך אָפּגעקערט פון וועג. עס איז אָבער ניט קיין וואונדער: ווער קען דען רעדן גלייכגילטיק וועגן אָט־די שעדלעכע, פינסטערע חלומות, וועלכע האָבן שוין אַזויפיל געלט אַרויסגעצאַפּט פון אָרעמען פאָלק, און אויף זיין געזיכט זאָל זיך

ניט ווייזן אַ ביטערער שמייכל, אויב ער איז נאָר אַן אָרנטלעכער מענטש ?!

אַלזאָ, מיר האָבן אויסגעהערט די ביידע עקזיסטירנדע הויפּט מיינונגען וועגן דער פאַרקניפּונג, וועגן צוזאַמענבונד פון דעם אידישן פאָלק. מיר האָבן אויך געזען וועלכע פאָלגן די מיינונגען האָבן ארויסגערופן. יעצט וועלן מיר פּרובירן זען, אויף וויפיל זיי זיינען ריכטיק, כדי מיר זאָלן קאָנען באַשליסן: וואָס פאַרט בינדט צוזאַמען דאָס אידישע פאָלק און וואָרום עקזיסטירן די אידן אַזוי לאַנג אַלס עטוואָס גאַנצעס. דאָס אַלץ כדי צו דער־ווייזן, וואָס פאַר אַ הילף אידן, אַלס מענטשן, קאָנען דערוואַרטן און צו וואָס זיי, אַלס פאַרהאַסטע, פאַרפאָלגטע זינט טויזנטער יאָרן, דאַרפן אין דער ווירקלעכקייט שטרעבן.

## 2.

די מיינונגען, וואָס מיר האָבן געבראַכט וועגן דער פאַרבינ־דונג פון דעם אידישן פאָלק, זיינען נאָר ריכטיק אויף אַזויפיל, אויף וויפיל זיי זיינען קעגנגעזעצט איינע קעגן דער אַנדערער.

עס איז אמת, אַז אידן האָבן ניט קיין לאַנד, קיין שפּראַך, וואָס זאָל זיי קאָנען פאַראייניקן אַלס נאַציע. עס איז אויך אמת, אַז ניט די רעליגיע, זייער גלויבן, בינדט זיי צוזאַמען אַלס עטוואָס גאַנצעס, ווייל ווי עס איז באַוואוסט, געפינט זיך אַ גרויסער טייל אידן וואָס, לויט דער מיינונג פון אַן אַנדער גרויסן טייל אידן, זיינען זיי גאָר קיין אידן ניט, דען זיי לייקענען אין אַלצדינג. עס געפינט זיך אויך אַ גרויסער טייל, וואָס האַלט כלומר'שט יאָ פון אידישער רעליגיע, נאָר זיי מאַכן זי איבער, באַנייען, באַפּוצן, באַשמירן זי, עס זאָל עפּעס זיין ניט אידיש, ניט גוי'איש. עס איז דאָ אַ סעקטע חסידים, וועלכע פריידיקן נאָר דער שוואַרץ יאָר ווייסט וואָס.

און מען קען דאָס ניט פאַרגלייכן מיט די אַלע סעקטעס, וועלכע געפינען זיך ביי די פעלקער. דאָרטן זיינען צוזאַמענגע־קניפּט איניקע סעקטעס אַלס איין פאָלק נאָר דורכדעם, וואָס זיי געהערן צו איין נאַציאָן. זיי וואוינען אויף איין לאַנד, זיי

רעדן און דענקען אויף איין און דערזעלבער שפראך. זיי זיינען אונטערטאנען פון איין און דערזעלבער רעגירונג, וועלכע האט פאר זיי אלעמען ארויסגעגעבן איין און דיזעלבע געזעצן. דען זאל דער פאל ניט זיין, וואלט זיך טאקע יעצט די צאל פון די פעלקער רעכענען נאך דער צאל פון די עקזיסטירנדיקע רעלי־גיעזע מיינונגען.

אלזא, פון דעם קאן מען זען, אז אידן קאן די רעליגיע ניט צוזאמענבינדן.

טא וואס־זשע פארט בינדט צוזאמען אידן אלס א פאלק, אלס עטוואס גאנצעס, וואס האט זיינע אלגעמיינע אינטערעסן, אפגעזונדערט פון אנדערע פעלקער? און וואס האלט זיי אויף צו עקזיסטירן אזוי לאנג אלס אזעלכע? דער ארטאדאקסישער איד קלערט ניט לאנג. אויף אזעלכע קשיות איז ביי אים שוין פארטיק דער פארשמאלצענער תירוץ. אביסל צוזינגנדיק מיטן גמרא־ניגון און דרייענדיק שטארק מיטן פינגער, ענטפערט ער: מכאן, טאקע פון דאנען קאנט איר, אפיקורסים, האבן א תשובה נכונה, א ריכטיקן ענטפער, אז דער בורא יתברך שמו, פירט טאקע די וועלט און די אידן זיינען טאקע אן עם סגולה, זיין אויסדערוויילט פאלק. און ווייל ער וויל ניט, אז זיין אויסדער־וויילט פאלק זאל פארניכטעט ווערן, זאל כלה ווערן בין הגוים ר״ל, האלט ער זיי טאקע מיט זיינע נסים, כדי צו פירן זיי צו דער גאולה שלימה און אזוי ווייטער...

און ווירקלעך, ווייל פילע גיבן זיך ניט די מי צו טראכטן, צו באדענקען זיך, גייט עס אויך אן פאר א תשובה נכונה, און די תשובות האבן אזוי פארשלאגן ישראל׳קעס קעפעלע, אז ער וויל גאר ניט זען, ניט הערן, ווי ער וואלט מורא האבן, טאמער וועט ער פארשטיין פון וואנען זיין צרה נעמט זיך, וואס עס זיינען די אמת׳ע אורזאכן פון זיינע לײדן; פיליייכט וועט ער פארשטיין, אז זיין פארפאלגונג שטאמט פון די זעלבע אורזאכן, וועלכע מאכן ליידן דעם גרעסטן טייל מענטשן צווישן אלע פעלקער; ער וועט פיליייכט דערזען און זיך איבערציינגן, אז די לייזונג פון דער אידנפראגע קאן נאר זיין אין דער לייזונג פון דער סאציאלער

פּראַגע; אַז עס איז באמת גאָר ניטאָ קיין אידנפּראַגע, נאָר אַן אַלגעמיינע מענטשן־פּראַגע, אין וועלכער עס שפּיגלען זיך אָפּ אָט־די אַלע פראַגן. אָט דאָס צו באַווייזן איז מיין צוועק אין דעם אַרטיקל.

אום גרינגער צו ענטפערן אויף דער פראַגע, וואָס האַלט אויף דאָס אידישע פאָלק צו עקזיסטירן אַזוי לאַנג, וועלן מיר אָנפירן אַ קליינעם ביישפּיל:

אַ גאַנץ פאָלק קאָן מען פאַרגלייכן צו אַן אינדיווידיואום און דאָס גאַנצע היסטאָרישע דאַזיין פון אַ פאָלק — צו דעם לעבן אויך פון אַן איינצלנער פּערזאָן. נעמען מיר, צום ביישפּיל, אַ קינד פון אַ פּאָר יאָר אַלט, וואָס האָט נאָך ניט צייט געהאַט איינצולעבן זיך אין דעם קלימאַט און מיט די מענטשן, צווישן וועלכע עס איז געבאָרן געוואָרן, און מיר וועלן עס אַוועקפירן אין אַן אַנדער לאַנד, מיט אַן אַנדער קלימאַט, צווישן אַנדערע מענטשן, און פון דאָרט, נאָך איידער דאָס קינד וועט זיך אָנאייגענען דאָס אַלץ וואָס רינגלט אים אַרום אין יענעם לאַנד, וועלן מיר עס אַוועקפירן ווידער אין אַ גאַנץ נייעם לאַנד, אונטער אַ גאַנץ אַנדער קלימאַט, צווישן אַנדערע מענטשן און אויך גאַנץ אַנדערע אומשטענדן, און אַזוי ווייטער און ווייטער... — דאַן וועלן מיר זען, אַז אַזאַ מענטש, וועלכער האָט זיך דערצויגן אין פאַרשידענע לענדער, צווישן פאַרשידענע מענטשן, אונטער פאַר־שידענע קלימאַטן און אומשטענדן, וועט אימשטאַנד זיין, אין זיין ווייטערן לעבן, דורכצוטראָגן אַלץ, אַלץ וואָס מיט אים זאָל ניט פּאַסירן, ווייל דאָס אַלץ קאָן אים ניט אָפּשרעקן. עס קאָן אויף אים קיין נייע ווירקונג ניט מאַכן, דען צו אַלץ און מיט אַלץ איז ער שוין געוואוינט פון קינדהייט אָן, און גע־וואוינהייט איז די צווייטע נאַטור.

אַזוי איז עס אויך מיט דעם אידישן פאָלק. ווער עס איז נאָר באַקאַנט מיט זיין געשיכטע ווייסט, אַז דאָס פאָלק האָט נאָך קיינמאָל דאָס גליק ניט געהאַט צו לעבן אַ לאַנגע צייט אין אַ וועלכן עס איז לאַנד. ווי אידן לעבן אָפּ אַ קליינע צייט אין וואָס פאַר עס איז לאַנד, הייסט מען זיי גיין, און גראָד דאַן,

ווען זיי הויבן שוין אָן איינצולעבן זיך מיט אַלץ, וואָס אין יענעם לאַנד איז; דאַן, ווען מען הייבט אָן צו מערקן אין זיי די צייכנס פון אַסימילאַציע.

אַלזאָ, דאָס אידישע פאָלק איז שוין פון אָנפאַנג פון זיין געשיכטע צו אַלץ און מיט אַלץ געוואוינט. אין אַלע לענדער זעט דער איד זיין היימאַט און אַלע זיינען אים צו דערזעלבער צייט פרעמד. די גאַנצע געשיכטע זיינע איז אַ געשיכטע פון וואַנדערונג. איר זעט, אַלזאָ, אַז קיין גאָט, קיין נאַציאָנאַליזם, קיין רעליגיע האָבן דאָ גאָר ניט צו טאָן אין דער ווירקלעכקייט. עס איז אַ זאַך פון אויבן־אויף, וואָס יעדערער קאָן עס פארשטיין. קוקט זיך נאָר צו צו דעם אידנס פירונגען, צו זיין רעליגיע, צו זיין קאָסטיום. הערט זיך צו צו זיין שפּראַך. דאָס שטעלט אייך פאָר עפּעס אַ מין בילד פון אַ פּערזאָן, וואָס איז אָנגעטאָן אין אַ טערקישער מיצקע, אַ פּוילישן ראָק, פראַנצויזישע הויזן מיט רוסישע קנעפּלעך, צוגעטשעפּעט אַ דייטשע שמאָכטע און פאַרפּוצט מיט אַן אַמעריקאַנישן בלימל. מיט איין וואָרט, עס איז ניטאָ עפּעס גאַנצעס, וואָס מען זאָל קענען אָנרופן ריין אידישעס, נאַציאָנאַלעס.

דאָס אַלץ ברייננגט אונז צום שלוס, אַז אידן האַלט אויף צו עקזיסטירן אַזוי לאַנג זייער צוגעוואוינטקייט צו אַלע צרות, צו אַלע שלעק, אין וועלכע זיי האָבן זיך איינגעלעבט פון אָנפאַנג פון זייער געשיכטע.

3.

אויף דער פראַגע, וואָס בינדט צוזאַמען דאָס אידישע פאָלק אין עטוואָס גאַנצעס, וואָס האָט אַנדערע אינטערעסן פון אַלע פעלקער, ענטפערן מיר קורץ:

אידן בינדט צוזאַמען דער האַס און די פאַרפאָלגונג קעגן זיי.

דער שטודירטער, דער אינטעליגענטער איד פילט זיך אַלס איד נאָר דערפאַר, ווייל ער ווערט פאַרפאָלגט אַלס אַזעלכער. נאָר ווייל ער שטאַמט פון אידן קאָן ער ניט צוקומען צו דעם, וואָס ניט קיין איד קומט צו.

אַלזאָ, ער איז איד ניט ווייל ער ליבט זיין נאַציע, אָדער ווייל ער איז געטריי זיין גלויבן. ניין, עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. עס איז גאָר איינפאַך: ווי ער וויל אויפהערן צו זיין א איד, דערמאָנט מען אים ווער ער איז מיט א גוטן קלאפּ איבערן מוח און מיט א ווילדן געשריי דערצו: „זשיד אסארי נאאד!" עס טרעפן אויך אזעלכע, וועלכע האלטן זיך נענטער צו אידן נאָר דערפאר, ווייל עס ברייננט זיי נוצן, איינפאכע מאטעריעלע נוצן. מיט איין וואָרט, ביי אָט די אינטעליגענטן געפינט איר איינס פון דיביידע: אָדער ער איז א איד, ווייל ער קאָן צו קיין אנדערע ניט צושטיין, אָדער ווייל עס לוינט זיך אזוי, צוליב פאר־שידענע מאטעריעלע גרינדע . . . .

אָבער דאָ קומט אומבאַדינגט די פראגע: וואָרום האסט מען אידן אזוי? וואָרום פארפאָלגט מען זיי? איז דאָס דען ניט א „נאַציאָנאַלן־האס", אָדער „רעליגיאָנס־פּאַרפאָלגונג"?

געוויס ניט!

עס איז אמת, אז אונטער אָט די נעמען האָבן אידן געליטן, אָבער אין גרונט איז דאָס געווען עפּעס אנדערש, טאקע גאנץ אנדערש, וואָס מען האָט פארפוצט מיט אָט די שיינע נעמען, אום צו געווינען די סימפּאַטיע פון דעם פּראָסטן פאָלק, וועלכן מען האָט אימער געהאלטן אין פארדומונג מיט רעליגיעזן פאַ־נאַטיזם.

אויב אידן האָבן זיך יאָ געגארט ביז איצט, ביז דער לעצטער צייט, און האָבן געדענקט, אז דער האס און פארפאָלגונג, די הער־צעריי און אויפרייצונג קעגן זיי זיינען נאָר געווען אויס רעלייגעזע גרינדע, — און דאָס האָבן זיי צו פארדאנקען זייערע רבנים און פאָרשטייער, וועלכע האָבן זיי איינגערעדט, אז זיי ליידן פאר זייער הייליקן גלויבן און גאָט שטראָפט זיי דערפאר, ווייל זיי היטן ניט אָפּ די הייליקע תורה מיט אַלע דקדוקים, — אויב אידן, זאָג איך, צו פארדאנקען דעם אלעם, זיינען געווען אין פארבלענדונג ביז אָט דער צייט, האָבן זיי שוין איצט, אם ענדע פון נייינצנטן יאָרהונדערט, געדארפט איינזען, זיך איבערצייגן, אז דאָס אַלץ איז הומבאָג און זיי האָבן געלעבט אין טעות.

דערמאָנט זיך נאָר וועלכע האָפנונגען איר האָט געלייגט אויף דער צייט, אויף דער גלענצנדער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע.

עס איז שוין, דוכט זיך, געקומען די צייט, אין וועלכער ניט נאָר קיין אינקוויזיציע, קיין קרייץ־צוגן, קיין עלילות דם און נאָך אַזעלכע מיטלאַלטערלעכע הארצרייסנדע סצענעס האָבן זיך ניט געקאָנט ווידערהוילן; מען האָט זאָגאר אידן אויפגעהערט צו באַטראַכטן אלס פרעמדע. מען האָט אין זיי געזען מענטשן, מענטשן ווי אלע אנדערע.

מיט איין וואָרט, עס איז שוין, דוכט זיך, געקומען יענע צייט, „ווען די ליכטיקע זון פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאציע האָט מיט אירע שטראַלן אָנגעהויבן צו דערוואַרעמען און באַלויכטן אלע מענטשן, אָן אונטערשיד פון נאַציאָן און גלויבן".

האָט אָבער ווירקלעך די זון געשיינט? האָט זי דען ווירקלעך אַלעמען דערוואַרעמט? איז דאָס דען ניט געווען נאָר א זייפן־בלעזל?

יאָ, ברידער! ס'איז געווען נאָר א שיין־ליכט אין דער וויסטע, וואָס ווערט שנעל פארשוואונדן. עס קאָן אָבער דינען אלס מיטל צו דערזען דעם פּלאַץ, וואו מען געפינט זיך.

אין דייטשלאנד, אין עסטרייך, אין איטאַליע און אין אנדערע שוין ציוויליזירטע לענדער האָט זיך אויפגעהויבן א העצעריי קעגן אידן. עס האָבן זיך אָנגעפאנגען די אלטע פארפאָלגונגען אונטער נייע אָנרופונגען.

גאנץ אומדערוואַרטעט איז דאָס געווען פאר אידן, און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן שטעלן די פראגן: ווי? וויַיטער? ציוויליזאציע העלפט אויך ניט? און זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן זיכערערע פּלעצער. אָנשטאָט דעם וואָס זיי זאָלן נאָכפאָרשן פון וואנען עס נעמט זיך די פארפאָלגונג, וואָס פאר א צוועק עס האָט, כדי צו פארשטיין ווי צו רעטן זיך אלס מענטשן, האָבן זיי אָנגעהויבן צו ווידערהוילן די אַלטע מיטלען ביי אַזעלכע צופאַלן: א טייל האָט זיך א וואָרף געטאָן קיין אמעריקע, אין דעם גאָלדענעם לאַנד, וואו פּראָדוקציע און האַנדל האָבן זיך אַזוי פאַרברייטערט, וואו

שווינדל פאַרנעמט דעם גרעסטן פּלאַץ; און ווייל דורך דער פאַר־פאַלגונג האָט זיך אין זיי אויסגעאַרבעט די פּייאַיקייט פון האַנדל און וואַנדל, דענקען זיי, אַז דאָ איז דער פּלאַץ, וואו זיי וועלן קענען רואיק האַנדלען און וועלן דאָ קענען רואיק לעבן. דער פאַל איז אָבער ניט דער ערשטער אין דער אידישער געשיכטע, און אין אמעריקע קאָן ווערן דאָסזעלבע, וואָס איז איבעראַל געוועזן.

א טייל אידן האָבן זיך א וואָרף געטאָן אין פּאַלעסטינע. דאָרטן, זאָגן זיי, וועלן אידן זיך לערנען צו ווערן ניצלעכע מענטשן. זיי וועלען די ערד באַארבעטן. זיי וועלן קאָנען זאָגן, אַז דאָס איז זייער אמאָליקעס אייגענעס לאַנד. עס ווענדט זיך דאָך מער ניט ווי אין זאָגן, און מיט דער צייט . . . דאָ בויען זיך די לופטשלעסער, וועלכע איך האָב פריער דערמאָנט.

געגוג צו זיין געגאַרט, ברידער! שוין צייט צו קוקן אויף זיך און אויף אַלץ, וואָס אַרום אייך, מיט אָפענע אויגן. שוין צייט צו באַטראַכטן עס מיט ניכטערן פאַרשטאַנד. און ווען א נייע ליכט האָט שוין איצט באַלויכטן די געשיכטע פון דער אַלגעמיינער מענטשהייט און עס איז שוין קלאָר ווי דער טאָג, אַז נאָר עקאָנאָ־מישע אורזאַכן האָבן אַרויסגערופן פאַרשידענע פאַרענדערונגען אין דער מענטשהייט, דאַן איז אייער געשיכטע, אַלס א טייל פון אָט דער אַלגעמיינער מענטשן־געשיכטע, אויך נאָר א ריי פון גע־וויסע פאָלגן פון די געוויסע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון יענעם לאַנד, אין וועלכן אייך קומט אויס צו לעבן.

.4

די גאַנצע נאַטור שטעלט אונז פאָר א שרעקלעכן קאַמף אום'ס דאַזיין: איינער שטויסט דעם אַנדערן, אום צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ. אָנשטאָט וואָס מענטשן זאָלן זיך פאַראייניקן און גע־מיינזאַם געניסן די גאַבן פון דער נאַטור, וועלכע זיינען דאָ אין איבערפלוס, כדי אַלע מענטשן צו דערנערן; אנשטאַט צו לעבן פריידלעך און אין איינפאַרשטענדעניש, האָבן די מענטשן

אַנגעפאַנגען צו פירן א שרעקלעכן קאַמף צווישן זיך גופא. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פארשלינגען איינע די אנדערע.

אידן זיינען פארטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד, ווייל זיי זיינען געווען שוואַכער, און די יעניקע, וועלכע האָבן זיי באזיגט, האָבן געדאַרפט אָפּנעמען ביי זיי דאָס לאַנד, אום מער צו פאַר־זיכערן זייער אייגענע עקזיסטענץ. דאָס איז געווען די אורזאַך, אָבער ניט ווייל מען האָט זיי געהאַסט אַלס נאַציע, אַלס גלויבן. פון דאַן אָן הויבט זיך אָן זייער לאַנגע וואַנדערונג.

אין אָט דער וואַנדערונגס־געשיכטע געפינט איר איין זאַך: כמעט אימער און איבעראַל, וואו אידן האָבן זיך אויפגעהאַלטן, זיינען זיי תמיד געווען א זינד־באָק, צו וועלכן מען האָט אויס־געלאָזן אַלע שלעק; און נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען די שוואַכערע, האָט זיי אימער די רעגירונג, די הערשנדע קלאַסע געברויכט אַלס מיטל צו פארבלענדן דאָס פאָלק, כדי עס זאָל זיך ניט כאַפּן אין וואָס די צרה שטעקט. דערפון האָבן די הערשער געהאַט א טאָפּלטן פּראָפיט: ערשטנס, האָט מען דעם אידנס פארמעגן געקאָנט צונעמען אומגעשטערט, ווייל זיי האָבן גע־מאַכט, אז דאָס פאָלק זאָל זיין קעגן די אידן. צווייטנס, האָט דאָס פאָלק, וואָס האָט שרעקלעך געהונגערט און געליטן, אין אידן געזען די אורזאַך פון זיינע ליידן און האָט צו זיי אויסגעלאָזט דעם כעס, אַנשטאָט דאָס צו טאָן מיט די הערשער. אויסערדעם, ווען דאָס פאָלק איז געווען צעהיצט, האָבן די הערשער דערנאָך געהאַט דעם פּרעכן אויסרייד, אז דעם פאָלק טאָר מען ניט געבן קיין פרייהייט, ווייל עס באַנוצט עס צום שלעכטן. נאַטירלעך האָט מען באַדאַרפט האָבן מיליטער דאָס פאָלק איינצושטילן.

„דעם פאָלק גיט מען צו מיסברויכן פרייהייט,״ — זאָגט דער באַרימטער ב ע ר נ ע — „כדי מען זאָל קאָנען זאָגן, אז עס איז ניט ווערט די פרייהייט, ווייל עס קאָן זי ניט באַנוצן צום גוטן. פון דעם פאָלק מאַכט מען א געפענקעניש־וועכטער פאַר די אידן, ווייל פון געפענקענישן קענען ניט אַוועקגיין ניט דער גע־פאַנגענער, ניט דער וועכטער. דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס

פאר דעם ערשטן איז דער אויסגאַנג שווערער, פאַר דעם צווייטן — לייכטער, אָבער ביידע זיינען ניט פריי."

די העצערייען קעגן די אידן זיינען געווען אונטער פאַרשידענע נעמען: „רעליגיאָנס-פאַרפאָלגונג", „נאַציאָנאַל־האַס", שפּעטער „פאָלקס־רויבער". עס האָט זיך געווענדט אין וואָס פאַר אַ מאָראַלישן צושטאַנד דאָס פאָלק איז געווען. אָבער אימער און איבעראַל האָבן אָט די פאַרפאָלגונגען געהאַט דעמזעלבן צוועק: צו פאַרבלענדן דעם פאָלק זיינע אויגן, עס זאָל ניט זען די ריכטיקע אורזאַכן פון זיינע ליידן.

מיר געפינען צייטן אין דער געשיכטע, ווען אידן, נאָר אידן האָט מען ערלויבט, — ניין, מען האָט עס זיי געגעבן אַלס דעם איינציקן מיטל צו לעבן, — צו עקספּלואַטירן דאָס פאָלק מיט אַלערליי מיטלען, מיט שרעקלעכע פּראָצענטן, וואָס אַ גרויסן טייל פון זיי האָט גענומען די רעגירונג *), און נאָכהער, ווען ביי די אידן אין די הענט האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ קאַפּיטאַל און ווען דאָס פאָלק האָט זיך געפונען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז עס האָט שוין מער ניט געקאָנט דערטראָגן, דאַן האָט די הערשנדע קלאַסע, מיט דער הילף פון די גייסטלעכע, וועלכע זיינען אימער געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט איר, אַ העץ געטאָן דאָס פאָלק קעגן אידן.

דאָס פאָלק, וועלכן מען האָט געהאַלטן אין רעליגיעזן פאַנאַטיזם פון איין זייט, בארויבט, פאַרקנעכט, פאַרהונגערט פון דער אַנדערער זייט, האָט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט געקענט באַרעכענען וואָס עס האָט צו טאָן, און האָט זיך ווי אַ הונגעריקער וואָלף אַ וואָרף געטאָן אויף אידן, גע'הרג'עט אַזויפיל וויפיל עס האָט זיך געלאָזט און געכאַפּט נאָר קלייניקייטן צו שטילן דעם הונגער. דעם גרויסן פאַרמעגן האָט קאָנפיסקירט די רעגירונג.

---

*) דער פּוילישער קעניג ק א ז י מ י ר האָט אין זיינע געזעצן פאַר אידן געשריבן: "אידן זאָלן האָבן אַלע רעכט אָנצוציהן געלט, אום ווען עס וועט נייטיק זיין, זאָלן זיי עס קענען אַוועקגעבן דער רעגירונג."

אזוי איז עס געווען אין די פריערדיקע צייטן. מאסן באוויזע זיינען וועגן דעם דאָ אין דער געשיכטע. און אזוי איז עס אויך איצט. די פאָרם איז נאָר געענדערט, וועלכע איז פּאַסנד צום גייסט פון דער צייט און צום צושטאַנד פון פאָלק.

נעמט די לעצטע פארפאָלגונגען אין דייטשלאנד. איז דאָס ניט געווען א שפּילכעלע פון ביסמארק און קאָמפּ., אום דאָס אָרעמע דייטשע פאָלק, וואָס שמאכט אונטער דער לאסט פון אזעלכע שטייערן, אומגעהייערע אָפּצאָלונגען, זאָל ניט זען די אמת'ע אורזאכן פון זיינע ליידן?

און וואָס זיינען די פּאָגראָמען אין רוסלאנד און די יודן־פראגע? האָבן זיי דען ניט דעם זעלבן צוועק? וואָס איז די עמיגראנטן-פראגע דאָ אין דער פרייער אמעריקע? (ווארט, עס וועט נאָך זיין דאָ אויך א אידנפראגע, ווען מען וועט עס געפינען פאר נייטיק.)

מיט איין וואָרט, איר זעט, אז אימער און איבעראַל זיינען אידן נאָר א שפּילצייג אין די הענט פון די הערשער, אָדער בעסער געזאָגט, א פּאַנצער, אין וועלכן די קויל זאָל טרעפן און זיי זאָלן זיין געשיצט אונטער אים.

דערפון דארפן אידן ציען די שלוסן, אז זייער שונא איז ניט דאָס פאָלק, נאָר די שונאים פון פאָלק זיינען זייערע שונאים און זייערע אינטערעסן זיינען סאָלידאריש מיט די אינטערעסן פון אלע ליידנדע פעלקער. און נאָר דאן וועלן זייערע פארפאָלגונגען אויפ־הערן, ווען עס וועלן מער ניט זיין קיין אונטערדריקטע און אונ־טערדריקער, פארדאמער און פארדאמטע. דאן וועט מען אידן ניט דארפן געברויכן אלס מיטל צו פארפירן און אלס זינד־באָק.

איר אידישע אַרבעטער דארפט זען, אז אייערע אינטערעסן זאָלן זיין פאראייניט מיט די אינטערעסן פון דער גאַנצער אַרבע־טער־מאסע. דען דער ארבעטסגעבער, גאַנץ גלייך אויב איד, אָדער קריסט, דריקט אייך און שטיקט אייך, ניט קוקענדיק דע־רויף וואָס מען רעדט אייך איין, אז ער איז אייער ברודער, פון איין נאַציע אָדער אייער גלויבנס-גענאָסע. זיינע אינטערעסן

זיינען איינשטימיק מיט די אינטערעסן פון דער גאנצער קאפיטא־ליסטישער קלאס.

אייער פליכט איז זיך צו פאראייניקן מיט דעם פאלק, צווישן וועלכן עס קומט אייך אויס צו לעבן. דען ווייסט און פארשטייט, אז ווען דא וועט נייטיק ווערן א אידן־פראגע, וועט עס זיך אויס־לאזן צו אייך. דא האט זיך די ארבעטער־פראגע דערקלערט אפן, און כדי צו פארבלענדן די ארבעטער די אויגן, וועט ניט העלפן קיין רעליגיאנס- אדער נאציאן־העצעריי. דא וועט עס זיך מוזן אנטוויקלען אין א פארם פון ארבעטס־קאנקורענץ. די קאפיטא־ליסטן וועלן זען צו באווייזן דעם אמעריקאנישן ארבעטער, אז דער אידישער ארבעטער איז פאר אים שעדלעך, אז ער קאנקורירט מיט אים, און דאן וועט שוין זיין צו שפעט.

אלזא, הערט זיך צו צו דער שטימע פון ווארהייט; טראכט איבער וועגן אייער לאגע. לערנט צו פארשטיין די ארבעטער־פראגע און טראגט זי פאנאנדער צווישן די ארבעטער־מאסן. זאמלט אייערע קרעפטן צו קעמפן קעגן אייער אלגעמיינעם פיינד. ווארפט אוועק אלע רעליגיעזע דומהייטן, וועלכע פארפירן און פארבלענדן דאס פאלק. קעמפט קעגן אויסבייטער, וועלכע זעטיקן זיך מיט אייער שוויים און בלוט, און נאר דאן, ווען איר וועט עס טאן, וועט איר געהאלפן ווערן.

די אידנפראגע וועט נאר דאן אויפהערן צו עקזיסטירן, און עס וועט אוממעגלעך זיין אזעלכע צו דערווארטן, ווען עס וועט געלייזט ווערן די אלגעמיינע סאציאלע פראגע און עס וועט גע־גרינדעט ווערן אזא געזעלשאפט, וואו די אלע נעמען: איד, קריסט, נאציע און גלויבן וועלן פארשוואונדן ווערן. מיט איין ווארט, ווען די ליכטיקע זון פון דער ווארער ציוויליזאציע וועט באלויכטן און דערווארעמען אלע מענטשן!

(„די ווארהייט“, ערשטע אידישע אנארכיסטישע וואכנשריפט, פעבר. און מערץ, 1889)

# עמיל זאָלאַ און די דרייפוס־טראַגעדיע

דער נאָמען פונם גרויסן פראַנצויזישן שריפטשטעלער, עמיל זאָלאַ, איז איצט געוואָרן טייער און פון גרויס אינ־טערעס אפילו ביי אזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן זיך מיט זיינע ליטעראַרישע ארבעטן קיינמאָל ניט אינטערעסירט און האָבן וועגן זיינע ווערק געהאַט ווייניק באַגריף. דעם פילאָזאָף קאָנען בלויז שעצן די מענטשן, וועלכע פארשטייען זיינע טיפע געדאַנקען; דעם קינסטלער — נאָר די, וועלכע האָבן הנאה פון זיין קונסט־ווערק. א מענטשן אָבער מיט א ווארעם הארץ און א ווארהייט־ליבע נאַטור; א מענטשן, וואָס קאָן קיין עולה ניט צוזען, גאַנץ עגאַל פון וועמען אָדער קעגן וועמען זי איז באַגאַנגען געוואָרן, — אזא מענטשן ליבן אלע. אלע, זעלבסטפארשטענדלעך, אויסער די. וועלכע באַגייען די עולה, און אויסער די, וואָס האָבן איבער־הויפט ווייניק באַגריף וועגן גוט און רעכט.

אלס שריפטשטעלער האָט זיך עמיל זאָלאָ אין פּאָפּולאַריי־טעט איצט ניט געגייטיקט. זיין נאָמען איז שוין זינט א פּאָר צענ־דליק יאָרן אין דער ערשטער ריי פון געניאַלע קינסטלער און שריפטשטעלער, ווי צווישן זיינע לאַנדסלייט אזוי אין דער גאַנ־צער ציוויליזירטער וועלט. ער האָט אין אויסלאַנד, אין דער ווירקלעכקייט, געפונען נאָך מער פארערער, ווי אין פראַנקרייך. באַזונדערס קאָן מען עס זאָגן וועגן רוסלאַנד, ווי ער גיט דאָס אליין צו אין זיין פאָררעדע צו א זאַמלונג פון זיינע קריטישע ארטיקלען. אָט זיינען זיינע ווערטער: „רוסלאַנד האָט מיך אויפגענומען מיט גרויס ווארעמקייט דאַן, ווען אין פראַנקרייך וואָלט קיין זשורנאַל ניט אָנגענומען מיינעם אן ארטיקל און ווען יעדערער איז געווען מיין שונא אויף דער ליטעראַרישער שלאַכט.

רוסלאַנד האָט אין מיר געשטאַרקט מיין גלויבן אין זיך אַליין און האָט מיר געגעבן א פּובליקום; אַן עולם, וואָס צעגלידערט און קריטיקירט, וואָס לייענט מער פון וואָס פאַר עס איז אנדער עולם. זייער קריטיק איבער אלע מיינע שריפטן האָט מיך גע-מאכט צו דעם, וואָס איך בין.״

מיט רעכט רעדט זאָלא איבער זיינע שונאים אין דער „לי-טעראַרישער שלאַכט״. עס איז ווירקלעך געווען א שלאַכט. זעלטן האָט זיך א קינסטלער דערוואָרבן אזויפיל פיינט און פריינט, אזויפיל געגנער און נאָכפאָלגער, אזויפיל ליבשאַפט און פיינט-זעליקייט, ווי עס איז דער פאַל מיט זאָלאַ׳ן. און קיין וואונדער. „זאָלא איז אין דער ליטעראַטור א רעוואָלוציאָנער, ד. ה. א פאַר-ביטערטער שונא פון אלץ, וואָס איז אַלט.״ אזוי האָט וועגן אים געשריבן דער באַרימטער שריפטשטעלער גיו דע מאָפּאַ-סאַן, אין 1883. איז דען א וואונדער, וואָס ער האָט זיך דער-וואָרבן געגנער, וואָס ער האָט ארויסגערופן פיינטזעליקייט קעגן זיך? ווען האָט דען א רעוואָלוציאָנער אין וועלכן ס׳איז טייל פון דער מענטשלעכער טעטיקייט ניט געמאכט זיך קיין פיינט, ניט געהאַט צו קעמפן קעגן א גאַנצער מחנה קאָנסערוואַטאָרס? און בפרט אין דער ליטעראַטור — דער שפּיגל פון מענטשלעכן דענקען, פילן און האַנדלען! עס איז די יוגנט, דער גייסט פון באַנייאונג, וועלכן עס באַזיצט דער יונגער דור, — אָט די קעמפן קעגן דאָס אַלטע, און זיי זיינען געוואָרן די אָנהייגער און נאָכפאָל-גער פון אזא לייטנדן גייסט, ווי עמיל זאָלאַ. דאַן ווען די אלטע וועלט האָט אים פאַרשריען אָדער, בעסער געזאָגט, געוואָלט פאַרשרייען. איך זאָג געוואָלט פאַרשרייען, ווייל דעריין אייגנט-לעך צייכנט זיך אויס א לייטנדער גייסט. מען קאָן אים ניט פאַר-שרייען, ווי גרויס די מחנה שרייערס זאָל ניט זיין. צו גרויס איז דער טאַלאַנט פון א זאָלאַ, צו ענערגיש זיין נאַטור, צופיל קראַפט צום שאַפן באַזיצט זיין ענערגישע נאַטור, צופיל שטאַרקייט דורכ-צוזעצן דאָס, וואָס ער געפינט פאַר גוט און רעכט, אז ער זאָל קאָנען פאַרשריען ווערן. און אזוי קומט עס, דאָס מיט זיין ענער-גיע, מיט זיין שאַפונגס־קראַפט האָט זאָלא געשאַפן א נייע שול

אין דער ליטעראַטור, די נאַטוראַליסטישע שול, וועלכע האָט אים ענדלעך געבראַכט גענוג פריינט און פאַרערער, גענוג אָנהייננער און נאָכפאָלגער, גענוג רום, ערע און ליבשאַפט.

דער קאַמף האָט, אָבער, לאַנג געדויערט, איידער אונזער גרויסער שריפטשטעלער איז געקומען צו אָט דער ערע, און עס איז געווען זייער א ביטערער קאַמף. „ווער פון אלע היינטיקע שריפטשטעלער" — האָט געפרעגט מאָפּאַסאַן מיט פופצן יאָר צוריק — „האָט אזוי מורא'דיק געקעמפט פאַר זיינע אידייען, ווי זאָלאָ? ווער האָט נאָך, ווי ער, אזוי רוי אָנגעגריפן דאָס, וואָס ער האַלט פאַר פאַלש און אומגערעכט? און ווער האָט מער ווי ער ענדלעך טריאומפירט, נאָכדעם ווי אים איז געלונגען פריער צו באַקעמפן די גלייכגילטיקייט, דערנאָך דעם ווידערשטאַנד פון פובליקום?"

---

עמיל זאָלאָ איז געבוירן געוואָרן אין פאַריז, דעם 2טן אַפּריל, 1840. זיין קינדהייט האָט זאָלאָ פאַרבראַכט ניט אין פאַריז, נאָר ווען ער איז אלט געווען אכצן יאָר איז ער געקומען צוריק אין אָט דער גרויסער לעבנס־שטאָט, כדי צו פאַרענדיקן זיין שטודיום. אין די עקזאַמענס איז ער, נעבעך, דורכגעפאַלן און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אים דער דאָרנדיקער וועג אין לעבן, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו די בלומען און לאָרבער־קראַנצן. ווי פילע גרויסע פון זיין פאַך, אזוי האָט אויך זאָלאָ פון אָנפאַנג געשריבן פערזן, זייער וויניק געלונגענע. דערביי האָט ער שרעקלעך געהונגערט, אין דעם פּשוט'ן, פּראָזאאישן זין פונם וואָרט. עס איז איינמאָל זאָגאַר געקומען אזוי ווייט, אז ער האָט פאַרזעצט דאָס לעצטע רעקל, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך, און נאָכדעם ווי ער האָט די עטלעכע סאַנטימען פאַרצערט, איז ער געבליבן א גאַנצע וואָך אין הויז, הונגערנדיק און ניט האָבנדיק קיין בגד, אין וואָס ארויסצוגיין אויף דער גאַס. ער האָט אָבער אָט די יסורים אריבערטראָגן מיט דעם גלייכמוט און שטאַנדהאַפטיקייט פון א מאַרטירער.

שיינע עטלעכע יאָר האָט דער גרויסער שריפטשטעלער אזוי געליטן, ביז ער איז ענדלעך אָנגעקומען צו א געוויסער געשעפט-פירמע אויף א שטעלע, אלס קלערק. אויף לעבענס-מיטלען האָט ער שוין געהאט גענוג, האָט ער אוועקגעוואָרפן די פּערזאָן־שרייבעריי און זיך גענומען צו פּראָזע. „אין זיין רייכער, לייכטער, צו לייכטער פּאָעזיע,” שרייבט מאָפּאַסאַן, „האָט זיך געהאנדלט מער וועגן וויסנשאַפט, ווי וועגן קונסט אָדער ליבע. אָט די פּאָעזיע האָט ענטהאלטן, אין אלגעמיין, גרויסע פילאָזאָפישע באטראכטונגען, יענע גרויסארטיקע געדאנקען, וועלכע מען פּארפּאסט אין פּערזן, ווייל זיי זיינען ניט קלאָר גענוג, אז זיי זאָלן קענען אויסגעדריקט ווערן אין פּראָזע. עס איז פּאָעזיע אָן א באַשטימטן כאַראקטער.” זאָלאַ האָט עס דאן אליין פארשטאַנען. ער איז אָבער דערפון ניט אראָפּגעפאַלן אזוי שטאַרק ביי זיך. ער האָט געזען, אז קיין גרויסער דיכטער וועט ער ניט זיין, אז אין זיין פּאָעזיע פעלט די ערדלע, צאַרטע, זיסע מעלאָדיע פון ליבע, אָדער דער ווייטער שוואונג פון געדאנקען, וועלכע כאַפּן ארום דעם מענטשן און טראָגן אים אוועק אין ווייטע וועלטן, אין יענע וועלטן, וועלכע שפּיגלען אָפּ אונזערע טיפסטע עמפּינדונגען. מיט איין וואָרט, ראָס, אין וואָס עס כאראקטעריזירט זיך דער גרויסער דיכטער-טאַלאַנט. ער האָט עס פארשטאַנען און, ווי מאָפּאַסאן גיט איבער, האָט ער זיך געטרייסט אין אַזעלכע מאָמענטן מיט א דרייסטן האָפנונגספולן געדאנק: „נוּ, איז וואָס? בין איך ניט קיין גרויסער דיכטער, וועל איך אָבער דערפאר ווערן א גרויסער פּראָזע־שריפטשטעלער.”

און ער איז געוואָרן א גרויסער פּראָזע־שריפטשטעלער. אָבער ניט אזוי גיך האָט אים די וועלט אָנערקענט אלס אַזעלכן. ער האָט, צום אלעם ערשטן, פארעפנטלעכט א באנד נאָוועלן, סקיצן, אין וועלכע מען האָט דערקענט א שיינע ליטעראַרישע פעדער, אַן אויסגעארבעטן סטיל, אָבער מען האָט נאָך אין זיי ניט געקענט דערקענען דעם קינפטיקן גרויסן נאַטוראַליסטישן קינסטלער. קורץ נאָכדעם האָט ער ארויסגעגעבן ווייטערע עטלעכע ווערק, אין וועלכע דער גרויסער טאַלאַנט האָט זיך אָנגעהויבן צו מערקן. ער האָט,

אינצווישן, אויפגעגעבן זיין שטעלע אלס קלערק און איז אריינגע-טראָטן אלס מיטארבעטער אין דער פאריזער צייטונג „פיגאראָ“. די ארטיקלען זיינע, וועלכע זיינען דערשינען אין „פיגאראָ“, האָבן געמאכט א רושם אין דער פובליציסטישער וועלט, און ער האָט שוין באקומען א נאָמען ביים פובליקום. ער איז געוואָרן מיט-ארבעטער אין עטלעכע צייטונגען.

סעריע נאָך סעריע האָבן אָנגעהויבן דאן צו דערשיינען זיינע נאָוועלן און ראָמאנען און מיט יעדער דערשיינונג איז געוואָרן א נייער רעש אין דער ליטערארישער וועלט. די „העכערע גע־זעלשאַפט“ האָט געכאַפּט זאָלא׳ס ראָמאַנען, באַזונדערס די, אין וועלכע די העלדן זיינען געווען פערזאָנען פון פאָלק און האָבן גע־רעדט אין זייער שפּראַך, אין א פּראָסטער שפּראַך, מיט גראָבע אויסדריקן. פאר זיינע גראָבע אויסדריקן איז באזונדערס זאָלא געכאַפּט געוואָרן. דערצו האָט ער אין אייניקע פון זיינע ווערק אזוי אומזשענירט, אזוי אָפן און קלאָר געשילדערט די זייטן, די אויסגעלאַסנקייט, די פוילקייט און איבערזינדיקונג פונם „צווייטן קייזעררייך“, אז די, וואָס האָבן זיך געפילט, האָבן געדאַרפט רויט ווערן לייענענדיק. דאָס זיינען געווען סאָציאַלע בילדער, געשיל־דערט פון די נידעריקסטע טיילן ביז די העכסטע, פון דעם לאַקיי ביז צו דער פאָרנעמסטער דאַמע.

און וואָס שטארקער און שארפער עס האָט זיך געצייגט זיין גרויסער טאלאנט, וואָס רעאלער און שניידנדיקער ער האָט געשילדערט די ווירקלעכקייט, אלץ גרעסער איז געוואָרן דער סקאנדאל, אלץ שטארקער האָבן אים אָנגעהויבן צו האסן די, וועל־כע האָבן מורא פארן אמת. דאָס האָט געגרייכט אזוי ווייט, אז ווען עס איז דערשינען זיינער א ראָמאַן, „דער טויט-שלעגער“, אלס פעליעטאָן אין איינער פון די פראנצויזישע צייטונגען, האָבן א מאסע אבאָנענטן אריינגעשיקט פּראָטעסטן צו דעם ארויסגעבער און מען האָט אויפגעהערט צו געבן דעם ראָמאַן, אים איבערגעריסן אינמיטן. ווי אימער אין אזעלכע פאלן, האָט דאָס אליין דער־וועקט א נייגעריקייט ביים פובליקום — און פיליייכט טאקע אויך ביי די אליין, וועלכע האָבן פּראָטעסטירט — און ווען אָט דער ראָ־

מאַן איז דערשינען אין בוכפאָרם, האָט ער, אין א גאַנץ קורצער צייט, זיך פּארקויפט אין אזויפיל עקזעמפּלארן, „ווי עס האָט זיך ביז דאן נאָך קיינמאָל א בוך ניט פארקויפט אין דער גאנצער פּעריאָדע פון ליטעראַטור". זאָלאַ האָט מיט זיינע ווייטערע וואונדערבארע ווערק געצוואונגען אפילו זיינע ביטערסטע געגנער צו אנערקענען זיין ריזיגן טאלאנט. אין יעדער ליטעראַרישער שפּראַך האָט מען אים אָנגעהויבן נאָכאַמען, און א סך טאַלאַנט־פולע שרייבער איז עס אויך אויף אַ גלענצנדן אופן געלונגען. זיין דערפאָלג, אלזאָ, איז געווען געזיכערט — א דערפאָלג, סיי אין מאַטעריעלער, סיי אין גייסטיקער הינזיכט, וואָס עס האָט זעלטן א שריפטשטעלער דערגרייכט אין דער צייט פון זיין לעבן. וואָרים דאָס רוב באַצאָלן זיך די ווערק פון א גרויסן שרייבער און זיין נאָמען ווערט געגרויסט און געערט ערשט נאָך זיין טויט — און, ווי זאָנדערבאר אזא אויסדרוק זאָל ניט קלינגען, זיי דער־גרייכן זייער גייסטיקן און מאַטעריעלן דערפאָלג דאן, ווען זיי ברויכן ניט ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס צווייטע. זאָלאַ האָט דערגרייכט אין לעבן דאָס, וואָס די וועלט פאַרגינט אנדערע ערשט אין עטלעכע דורות ארום נאָך זייער לעבן.

---

עס וואָלט מיך אוועקגעפירט צו ווייט צו דערקלערן דאָ מיט גענויאיקייט די מעטאָדן פונם נאַטוראַליזם אין דער ליטעראַטור און זאָלאַ'ס גרונט־פּרינציפּן, אלס דעם פארטרעטער פון דער נאַטוראַליסטישער שול. דאָס איז אויך ניט די אויפגאַבע פון אָט דעם אַרטיקל. דאָך וויל איך זיי אין קורצן פאָרלעגן, אויף וויפיל מעגלעך איז.

זאָלאַ פאָדערט, אַז דאָס לעבן מיט אלע זיינע קווינטעלעך און פּינטעלעך, די נאַטור מיט אלע אירע דערשיינונגען, דער מענטש און אלע זיינע האנדלונגען און אייגנשאַפטן זאָלן זיין גע־שילדערט אָט אזוי ווי זיי זיינען אין דער ווירקלעכקייט. מען דאַרף ניט אויסטראַכטן עפּעס, וואָס וואָלט געווען גוט אָדער שלעכט, ווען עס זאָל זיין, אָבער וואָס אין דער ווירקלעכקייט

עקזיסטירט עס גאָר ניט. מען דאַרף ניט צופאַרבן די נאַטור, מען דאַרף זי אין די שילדערונגען ניט ענדערן, נאָר פאָרשטעלן די וואַרהייט, דאָס הייסט מאָלן דאָס, וואָס מען זעט. מען מוז באָאָבאַכטן, און דאָס, וואָס שפּילט זיך אָפּ פאַר דעם בליק פון דעם באָאָבאַכטער, מוז ער רעאַל, קלאָר און געוויסנהאַפט באַשרייבן. דאָס גרעסטע קונסטווערק, לויט זאָלאַ'ס מיינונג, איז פאָרצושטעלן די ריינע וואַרהייט.

נאַטירלעך, עס איז ניטאָ קיין אַבסאָלוטע וואַרהייט. קיינער קאָן ניט זאָגן, אַז אין זיינע שילדערונגען שפּיגלט זיך אָפּ די וואַרהייט, די טרוקענע, אַבסאָלוטע וואַרהייט. דערפאַר פאַרלאַנגט זאָלאַ אויך ניט אַזאַ מין וואַרהייט, ד. ה. ער פאַרלאַנגט ניט די וואַרהייט אין איר אַבסאָלוטן באַגריף. וואָס ער פאַרלאַנגט איז, אַז דער מאָלער זאָל שילדערן די זאַכן אַזוי, ווי ער זעט זיי. עס וועט דאַן אַרויסקומען די נאַטור אין איר אמת'ער געשטאַלט, געמאָלט מיט די אינדיווידועלע קאָלירן פון דעם קינסטלער. און דאָ ווענדט זיך שוין אָן דעם גרויסן אָדער קליינעם טאַלאַנט פונם קינסטלער. וואָס גרעסער זיין טאַלאַנט איז, אַלץ מער וועט זיך זען זיין אָריגינאַליטעט אין דער שילדערונג. וואָס שוואַכער זיין טאַלאַנט איז, אַלץ ווייניקער אָריגינאַליטעט וועט זיין אין דעם, וואָס ער שילדערט. זאָלאַ דערקלערט זיין נאַטוראַליזם אַלס „נאַטור, וואָס ווערט געזען דורך דעם טעמפּעראַמענט פונם קינסטלער".

מען קאָן זיך האָבן פאַרשידענע אָנזיכטן און מיינונגען איבער זאָלאַ'ס נאַטוראַליזם, אָבער איין זאַך איז דאָ אין אים, וואָס קיינער קאָן ניט אָפּלייקענען און וואָס דאָס אַליין וואָלט געווען גענוג צו שטעלן הויך ניט בלויז זאָלאַ'ס קינסטלערישן טאַלאַנט, נאָר צו באַוואונדערן אים אַלס מענטש, אַלס מאַן פון פעסטן, אומבויגזאַמען כאַראַקטער. ער זאָגט דאָס, וואָס ער ו ו י ל, וואָס ביי אים קומט פאָר אַלס וואָר. ער האָט קיין מורא ניט צו רופן זאַכן מיט זייערע נעמען. ער שעמט זיך ניט צו מאָלן מיאוס'ע גרימאַסן אין זייער גאַנצער מיאוס'קייט און די פינסטערע זייטן פון דעם מענטשנס נאַטור — אין זייער פולער געשטאַלט. ער זאָגט די מענטשן דאָס, וואָס זיי זיינען, ניט פאַרשטעלטערהייט,

ניט באַהאַלטענערהייט, ניט מיט אַנדייטונגען און קונציקע איינ־פאַלן, מען זאָל מיינען, אַז עס איז דאָס, כאָטש עס איז עפּעס אַנדערש, — ניין, ביי זאָלאַ׳ן געפינט איר עס ניט. ער זאָגט קלאָר, פּשוט, אין אַ שיינער פאָרם, אָבער פּראָסט גערעדט, גלאַט אָבער איינפאַך, אַז אַזוי און אַזוי זעט איר אויס. און אויב דאָס בילד געפעלט אייך ניט, איז דאָס ניט זיין שולד — ער האָט קאָ־פּירט די נאַטור.

מען דאַרף באַזיצן געגוג גייסטיקע קראַפט און מוט פון אַ גבור אַזוי וואַרהייטלעך צו שילדערן די מענטשן און זייערע האַנד־לונגען. אין אַ וועלט, וואו אַלץ איז מאַסקירט, כאָטש יעדערער ווייסט גאַנץ גוט, וואָס אונטער דער מאַסקע געפינט זיך; אין אַ וועלט, וועלכע איז אַ רעגולערער צירקוס און יעדער איינער ברעכט זיך פאַר דעם צווייטן, נאַרנדיק אַלעמען און ווערנדיק פון אַלעמען גענאַרט; אין אַ וועלט, וואו יעדערער טראַכט וועגן דעם צווייטן: איך קען דיך, ברודער, ביזט אַ טייערע, משונה׳דיקע בריאה, אָבער איך זאָג דאָס דיר ניט, ווייל דו ביזט אויך געגוג „אַנשטענ־דיק" מיר עס ניט צו זאָגן; אין אַ וועלט, וועלכע האָט געמאַכט בלאָפן, הויכלעריי און שמייכלעריי פאַר פּרינציפּן פון אַנשטענ־דיקייט; קורץ, אין אַ וועלט, וואו אַרויסזאָגן דעם אמת הייסט מיאוס קאָמפּראָמיטירן זיך, אין אַזאַ וועלט, ווען איינער באַזיצט די גייסטיקע גבורה צו ווייזן אין שפּיגל, וואָס זי איז אין דער ווירקלעכקייט, און צו שילדערן די אָפּשיילעכע פּנים׳ער, וועלכע זיינען באַהאַלטן אונטער די מאַסקן, אַזוי ווי זיי זיינען, — אַזאַ איינער מוז באַוואונדערט ווערן און ענדלעך פאַרגעטערט ווערן. די מענטשן בויגן זיך סוף־כל־סוף אונטער דער מאַכט פון אַזאַ גייסטיקן הערקולעס.

אין זיין אַרויסטרעטן פאַר דער רעוויזיע פון דעם באַוואוסטן דרייפוס־פּראָצעס, האָט זאָלאַ געוויזן, אַז דעמזעלבן מוט, דיזעלבע שטאַנדהאַפטיקייט, וואָס ער האָט געצייגט אין זיינע קינסטלערי־שע ווערק, באַזיצט ער אויך אַלס מענטש, ווען עס קומט אויס צו קעמפן קעגן אומגערעכטיקייט. ער האָט געוויזן, אַז דאָרט, וואו אַלע שווייגן, וויסנדיק דעם אמת, האָט ער די דרייסטקייט

אַ טרייסל צו טאָן די קעפּ מיט אַ מעכטיקן, קלאָרן און שניידנדיקן וואָרט, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ די וואָרהייט, די בלויזע וואָרהייט.

---

עס איז געווען אָנפאַנג אָקטאָבער, 1897. דאָס אַלץ, וואָס איז דערנאָך באַקאַנט געוואָרן אין דער דרייפוס-געשיכטע, איז נאָך פאַר אַלעמען געווען אומבאַקאַנט. מען האָט נאָר געוואוסט, אַז די פאַמיליע פון דעם פאַראומגליקטן האַלט אין איין טענה'ן, אַז ער איז פאַלש פאַראורטיילט געוואָרן. אָבער אָט די פּראָטעסטן האָבן קיינעם ניט אָנגערירט: ווייניק אומגליקלעכע ווייַנען אין דער היינטיקער וועלט? די פאַראורטיילונג פון דרייפוס'ן איז געווען ביי אַלעמען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. „פאַר־משפּט, מסתמא מוז דאָך עפּעס זיין פאַרוואָס." און ווער איז דאָס מחויב צו שטעקן זיך אין פרעמדע עסקים? עס האָט זיך שוין אָבער געהערט שטאַרק דער פּראָטעסט פון ב ע ר נ אַ ר ל אַ ז אַ ר, די אַרגומענטן און אַגיטאַציע פון אָט דעם וויסנ־שאַפטסמאַן, אַנאַרכיסט און פייערדיקן קעמפער קעגן אַנטיסע־מיטיזם, וועלכע האָבן געצוואונגען ערלעכע מענטשן אין פראַנק־רייך צו דיסקוטירן איבער דעם דרייפוס-פּראָצעס.

מיר האָבן דאַן געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו האָבן אַלס גאַסט דאָ, אין ניו יאָרק, דעם אַלטן געלערנטן און פרייהייטס-קעמפער פּ ע ט ע ר ק ר אַ פּ אָ ט ק י ן. מיר זיינען געזעסן מיט אים אין אַן ענגן קרייז פון פריינט און האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס אָט דער זעלטענער מענטש האָט אונז געענטפערט אַלס אויפקלערונג אויף אונזערע פראַגן וועגן פאַרשידענע פּער־זאָנען און אַנגעלעגנהייטן אין אייראָפּע. מיך האָט דאַן אינטע־רעסירט צו פרעגן אים, ווי מען זאָל זיך דערקלערן די ספּעציעלע פילאָסעמיטישע האַנדלונגען פון בערנאַר לאַזאַר. איך האָב דאַן, און אַזוי האָבן אויך פילע, גלויב איך, קיין אַנונג ניט געהאַט, אַז גראָד אין פראַנקרייך, אין דער דריטער רעפּובליק, דראָט דעם פּאָרטשריט אַזאַ גרויסע געפאַר מצד דעם אַנטיסעמיטיזם, וועל־

כער האָט דאָרט אָנגענומען געפערלעכע פאָרמען. יעדער איינער, גלויב איך, וואָלט דאן געהאלטן פאר אוממעגלעך, אז אין פראנקרייך זאָלן פאָרקומען פאָגראָמען אויף אידן. דאָס איז געווען קראַפאָטקין, וועלכער האָט מיר דער ערשטער געעפנט די אויגן איבער דער לאגע אין פראנקרייך. ער האָט דערקלערט, אז יעדער פריי־הייטס־ליבנדער און רעכטדענקענדער מענטש וואָלט אנדערש ניט געקאָנט האנדלען, ווי בערנאר לאַזאר. דער אַנטיסעמיטיזם אין פראנקרייך — האָט אונז קראָפאָטקין געזאָגט — ווערט סיסטע־מאטיש פארשפרייט אין די לעצטע 12, 15 יאָר און איז דאָרט זייער געפערלעך. ער איז דער אויסדרוק פון דעם קלעריקאַליזם, פון דער רעאקציע און קאטאָליציזם, וועלכע ווערן אזוי שטארק געזייט אין יענער מדינה און זיינען א דראָענדע געפאר, ניט נאָר פאר אידן, נאָר פאר יעדן פרייהייטלעכן שטרעבן, פאר דעם פאָרט־שריט אין אַלגעמיין. וואָס אנבאלאנגט דער דרייפוס־אנגעלעגנ־הייט — האָט ער ווייטער געזאָגט — באזיצט בערנאר לאַזאר דאָקומענטאלע באווייזע, אז דאָס באוואוסטע „באָרדעראָ״, אויף גרונט פון וועלכן מען האָט קאפיטאן דרייפוס פאראורטיילט, איז ניט פון אים געשריבן געוואָרן, אז עס איז די ארבעט פון גאָר א גאנץ אנדער פערזאָן.

איצט ווייסט מען, אז די אנדערע פערזאָן איז גראף עסטער־האזי. גאנץ קורץ נאָך דעם דערמאָנטן געשפרעך מיט קראַ־פאָטקינ׳ען האָט זיך אויפגעהויבן אין פראנקרייך די באשולדיקונג קעגן עסטערהאַזי׳ן, באלד נאָכדעם דער סקאנדאלעזער עסטער־האַזי־פראָצעס, די אינטערפעלאציעס און מהומות אין דער דע־פוטירטן־קאמער, דערנאָך זאָלא׳ס „זש׳אקיוז״ (איך קלאָג אָן) אין „אָראָר״, די פאָגראָמען אין פראנקרייך און די אידן־הריגות אין אַלזשיר, און נאכהער, ווי באוואוסט, זאָלא׳ס פראָצעס, אין וועלכן ער איז נעפונען געוואָרן שולדיק און פאראורטיילט געוואָרן צו א יאָר געפענקעניש און 3 טויזנט פראנק שטראָף. אָבער איידער איך וועל דערקלערן, פארוואָס איך האָב דאָ געבראכט דעם געשפרעך מיט קראָפאָטקינ׳ען, וויל איך אַביסל געגויער איינגיין אין דער דרייפוס־טראגעדיע און די באזונדערע פארדינסטן פון זאָלא מיט

זיין ארויסטרעטן אזוי שארף קעגן די סקאנדאלעזע האנדלונגען פון דער רעגירונג און די עלצטע פון דער ארמיי.

„פערלײמדע פרעך, עטוואס ווירד דאך בלייבען,“ זאגט א דייטש שפּריכוואָרט. עס איז מערקווירדיק, אז ניט בלויז אין פראנקרייך און ניט בלויז צווישן די אומות העולם, נאָר אפילו דאָ, אין אמעריקע, און צווישן אידן וועט איר הערן די מיינונג, אז „פיליכט איז דרייפוס ניט א י נ ג א נ צ ן שולדיק, די פאר־אורטיילונג איז טאקע ניט געווען קיין געזעצליכע, אָבער עפּעס מוז דאך דאָ זיין. וועלכע ס'איז פארהאנדלונגען האָבן דאך גע־מוזט זיין צווישן אים און אן אויסלענדישער מאכט, וועלכע האָט געוואָלט וויסן די קריגס־געהיימניסן פון פראנקרייך. אז מען קלינגט, מסתמא איז א חגא“... איך ווייס ניט, צו וועלכער מכה מען זאָל עס צושרייבן. צי איז דאָס די פאָלגע פון דעם, וואָס די עפנטלעכע מיינונג אין אלגעמיין איז זייער קאָרופּט און איז שטענדיק מער נוטה צו זען אין א מענטשן א פארברעכער, איידער צו זען אין אים אן אומשולדיקן, אן ערלעכן מענטשן, אָדער עס איז די מכה פונם ניינצנטן יאָרהונדערט, דער רעספּעקט פאר א „געזעצלעכן“ אורטייל. עס איז צו גלויבן, אז ביידע זאכן צו־זאמען ווירקן דאָ. פון איין זייט קלערט מען זיך: דרייפוס האָט געוואוסט די געהיימניסן און געהאט א געלעגנהייט צו מאכן די מטבעה, איז מהיכי תיתי, א נאר וועט ער זיין? פון דער צוויי־טער זייט, ווידער, האָט אים דאך א טריבונאל פאראורטיילט. דאָס איז דאך עפּעס ניט אבי ווער. מסתמא האָבן זיי דאך געזען, אז עס איז עפּעס דאָ. וואָס דען, משוגע וועלן זיי זיין, סתם דיר נישט מיר נישט, פאראורטיילן אן אומשולדיקן מענטשן?! . . .

פאר מיר, ווי פאר יעדן קלאָר־זעענדיקן מענטשן, איז איצט קיין צווייפל ניט, אז דער פאראורטיילטער דרייפוס איז ריין און אומשולדיק אין דעם פארברעכן, וואָס מען האָט אויף אים אָרויפ־געוואָרפן און וועלכן ער ליידט אזוי שרעקלעך. די פאָלגנדע מיינונג פון מאקס נאָרדוי איז שוין אליין גענוג איבערצייגנדיק: „עס איז פון אָנפאנג אָן קיין אנדער באהויפּטונג גאָר ניט גע־מאכט געוואָרן, ווי בלויז די, אז דרייפוס איז געשטאנען אין פאר־

בינדונג אויסדריקליך מיט דער ד י י ט ש ע ר רעגירונג און האָט איר געליפערט די קריגס־געהיימניסן. און דאָס איז ניט נאָר ווידערהאָלט אָפּגעלייקנט געוואָרן אין דער דייטשער האַלב־אָפיציעלער פּרעסע, נאָר עס איז ענדליך אָפן און קלאָר דער־קלערט געוואָרן פון מיניסטער פאָן בילאָוו אין דייטשן רייכסטאָג, אז ניט דירעקט און ניט אומדירעקט האָט דייטשלאַנד ווען עס איז געהאט וועלכע ס׳איז פאַרבינדלעכקייטן מיט דרייפוס׳ן.״ דר. נאָרדוי האָט נאָך דערצו צוגעלעגט, אז וואָס אים פּערזענליך אָנבאַלאַנגט, ווייסט ער פון זיכערע דאָקומענטאַלע באווייזן, אז דרייפוס איז אומשולדיק. די פאפירן געפינען זיך אין די הענט פון איינעם פון די העכסטע באאמטע פון דער פראנצויזישער רע־פובליק, וועלכער וועט ליפערן אָט די באווייזן, ווען די צייט וועט דערצו קומען.*)

ווער עס האָט געלייענט דעם גענויען באריכט פון דעם זאָלאַ־פּראָצעס, ניט ווי ער איז, צעמישט און צעטומלט, איבער־געגעבן געוואָרן אין די סענזאַציאָנעלע נייעס־נאכריכטן, נאָר פול און גאַנץ קאָפּירט **) דאָס, וואָס אין דער 15 טאָגיקער פּראָצע־דורע איז פאָרגעקומען: די מיינונגען פון די עדות, די באווייזן פון די עקספּערטן א. א. וו., — יענער איז אבסאָלוט איבערצייגט, אז דער שרייבער פון דעם „באָרדעראָ״ איז עסטערהאַזי. עס צייגט זיך פון אָט דעם פּראָצעס ארויס, אז דרייפוס׳עס אָנקלעגער, קאָלאָנעל סאנדהער, איז געווען א געפערלעכער, פאַרביסענער אנטיסעמיט; אז דרייפוס איז געפונען געוואָרן שולדיק בלויז אויף גרונט פון דעם, וואָס דער „באָרדעראָ״ האָט איינינקערמאָסן ענלעכקייט צו זיין האנטשריפט, קיין אנדערע באווייזן האָבן ניט געקאָנט זיין; אז דער פאראורטיילטער האָט, ניט געקוקט אויף אויף פארשידענע קונצן פון דער באשולדיקונג, פון אָנפאנג ביז צו ענדע ניט אויפגעהערט צו באהויפּטן, אז ער איז אומשולדיק;

*) Review of Reviews, March, 1898.

**) The Trial of Emile Zola, a detailed report, by Benj. R. Tucker.

אז אין 1896 האָט קאָלאָנעל פּיקאַר, אלס שעף פון דעם אינפאָר־מאַציאָנס־ביוראָ אין קריגס־דעפּאַרטמענט, געפונען פאַקטן, וועלכע האָבן אין אים דערוועקט א פארדאכט קעגן מאַיאָר עסטערהאַזי, אלס א לאַנד־פאררעטער; אז פּיקאר האָט געזוכט שטארקע באַ־ווייזן און געפונען געננוג, וועלכע זאָלן פירן צום ארעסט פון עסטערהאַזי'ן אלס דעם שרייבער פון „באָרדעראָ", און אָט די חשדים זיינע האָט ער פאָרגעלייגט פאר זיין עלצטן, גענעראל גאָנז; אז גענעראל גאָנז איז געווען מיט דערזעלבער מיינונג און האָט גערעכנט פאר מעגלעך א רעוויזיע פון דעם דרייפוס־פּראָ־צעס; אז דורך אן אינטריגע פון קאָלאָנעל פּיקאר'ס אונטערגע־אָרדנטע איז ער קאָמאנדירט געוואָרן נאָך טוניס און די אונטער־זוכונג איז דורכדעם אָפּגעשטעלט געוואָרן; אז ער איז דערנאָך אונטערוואָרפן געוואָרן א דיסציפּלינארע פאראורטיילונג, כדי אָפּ־צושוואכן זיינע באווייזן קעגן עסטערהאַזי'ן. עס ציינט זיך אויך ארויס, אז עסטערהאַזי איז א מיטארבעטער פון אנטיסעמיטישע ציייטונגען; אז ער האָט קאָפּירט פּאפּירן פון קריגס־דעפּארט־מענט, וואו ער האָט געהאט פארבינדונגען; אז אין דערזעלבער צייט, ווען קאָלאָנעל פּיקאר האָט געפונען זיינע באווייזן קעגן עסטערהאַזי'ן, האָט דער וויצע־פּרעזידענט פון סענאט, שוירער קעסטנער, דורך אן אנדער וועג און ניט ווי סנדיק איינער פונם אנדערן, אויך געפונען קעגן עסטערהאַזי'ן איבערצייגנדע באווייזן; אז אלע, וועלכע האָבן געזען דעם „באָרדעראָ" און עסטערהאַזי'ס בריוו, זיינען איבערצייגט, אז ניט בלויז די האנטשריפט, נאָר אויך די אָרטאָגראַפיע, דער כאראקטער פון דער שפּראך, דער אופן פונם שרייבן און נאָך אנדערע קליינינקייטן דערצו זיינען, אין „באָרדעראָ", פּונקט דיזעלביקע ווי אין עסטערהאַזי'ס בריוו און אונטערשיידן זיך דורכאויס פון דרייפוס'עס שרייבן אין אָט די אלע הינזיכטן; אז עסטערהאַזי האָט זיך אליין מודה געווען, אז אין זיין האנט איז געווען א געהיימער דאָקומענט פון קריגס־דעפּארטמענט, וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן פון א „פאר־שלייערטער דאמע"; אז ער האָט, מיט דער הילף פון אנטיסע־מיטן, פארשפּרייט דעם קלאנג, אז עס עקזיסטירט א „דרייפוס־

סינדיקאט", וועלכער וויל אים שולדיק מאַכן, אַנשטאָט דרייפוס'ן; אז ער איז געווען באפריינט מיט אן אגענט פון דער דייטשער רעגירונג מיטן נאָמען שווארצקאָפּען; אז ער, עסטערהאַזי, האָט געהאט געלט־מאַנגל אין 1894 און האָט געשריבן צו א פריינט, אז ער מוז אָדער באגיין א פאַרברעכן, אָדער נעמען זיך דאָס לעבן; אז ער האָט געשריבן בריוו, אין וועלכע ער האָט אויס־געדריקט זיין האַס צו דער פראנצויזישער ארמיי און זיין האָפ־נונג, אז זי וועט פון דער דייטשער ארמיי פארניכטעט ווערן; אז ער האָט דערנאָך דערקלערט, אז די פיינטלעכע אויסדריקן צו די פראנצויזן אין אָט די בריוו זיינען ניט זיינע, נאָר ער האָט ציטירט דאָס, וואָס ער האָט געהערט אויף א באנקעט פון דייטשע אָפי־צירן, צו וועלכן ער איז געווען איינגעלאַדן, און ווי אזוי ער, א פראנצויזישער מאַיאָר, קומט צו א באנקעט פון דייטשע אָפיצירן, וואו עס ווערט עפנטלעך געשימפּט און געזידלט די פראנצויזישע ארמיי, — דאָס האָט ער ניט געקענט דערקלערן.

דאָס אַלץ האָט איינגנטלעך איבערצייגט ניט בלויז זאָלאַ'ן אליין, נאָר א סך אינטעליגענטע מענטשן אין פראנקרייך, וועלכע זיינען פריי פון פאָראורטיילן, אז „עפּעס איז פארפוילט אין דעם שטאַט פון דענעמאַרק". אָבער מערקווירדיק, דאָס אפילו די יעני־קע, וועלכע האָבן זיך געגעבן די מי צו אגיטירן פאַר דעם עסטער־האַזי־פּראָצעס און זיינען דערנאָך אומצופרידן געווען מיט זיינע פאָלגן, האָבן געפּרוּאווט געוויסע געזעצלעכע מיטלען, און ווען דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפן, האָט עס זיי שטארק פארדראָסן. זיי האָבן אָבער גערעכנט, אז זיי האָבן געטאָן זייער פליכט און שול־דיקייט צו דער גערעכטיקייט און דערמיט איז זייער אויפגאַבע געווען געשלאָסן. מען איז געגאנגען צום יוסטיץ־מיניסטער, מען האָט געוואָלט ווירקן אויף דעם קריגס־מיניסטער, מען האָט איג־טערפּעלירט אין דעפּוטירטן־הויז, אין סענאַט, מען האָט געזוכט צו ווירקן אויף דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אָבער אָט די אַלע מיטלען זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן. קיין איינער פון די אַלע געזעצלעכע מענטשן האָט ניט געפונען וואָס ווייטער צו טאָן. די עפנטלעכע מיינונג, וועלכע איז געווען געהעצט דורכאויס פון דער

אנטיסעמיטישער פּרעסע, צו וועלכער עס איז אויך צוגעשטאַנען די „פּאַטריאָטישע“, — די ערשטע, ווייל זי האָט דאָ געפונען איינע פון די בעסטע געלעגנהייטן צו ווייזן, אז די אידן זיינען געפערלעכע שונאים פון לאנד; די אנדערע, ווייל זי האָט געוואָלט ווייזן, אז זי איז די אויפהאַלטערין פון דער רעגירונגס-אויטאָריטעט, וועלכע וואָלט געגאַנגען צום טייוול, ווען מען דערלויבט זיך צו פאַרלעצן די ערע פון דער אַרמיי, — אָט די עפנטלעכע מיינונג האָט אַפּלאָדירט די באַפרייאונג פון עסטערהאַזי און געברומט, ווי אַ צערייצטער טיגער, קעגן אַלע און קעגן יעדן, וואָס האָט געוואַגט צו צווייפלען אין דעם „גערעכטן“ אורטייל. און אין אָט דעם ברויזן און רוישן פון דער עפנטלעכער מיינונג, ווען אַלע געזעצלעכע מיטלען זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן, ווען די געזעץ-ליבנדע מענטשן האָבן מער קיין מיטלען ניט געהאַט, איז ארויסגעטראָטן זאָלא מיט זיינע אָנקלאַגע-ארטיקלען. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער שריט, אַן אומגעזעצלעכער שריט, אַ באָמבע געוואָרפן קעגן דער עפנטלעכער מיינונג. דאָס איז געווען זאָלא. דאָס איז געווען זיינער אַ שריט אין דעם פּראַקטישן לעבן, אזוי ווי אין דער ליטעראַטור. ער האָט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געפונען פאַר רעכט און פאַר וואָר.

עס איז, אין דער ווירקלעכקייט, שוין ניט געווען אַ קאַמף צוליב דער פּערזאָן פון דרייפוס, צוליב זיין שולד אָדער אומשולד. עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַמף פון רעכט און פרייהייט קעגן מיליטערישן דעספּאָטיזם און אנטיסעמיטישער העצעריי. „שרעקלעך איז דער אָפּפער פון אומגערעכטיקייט, הארצרייסנדיק איז די לאַגע פון דרייפוס, אָבער דאָ האַנדלט זיך ניט נאָר צוליב אים, ניט וועגן זיין פּערזאָן אליין. גענוג ליידנדע, גענוג אומגליקלעכע זיינען דאָ. מיט איינעם מער אָדער מיט איינעם וויניקער, דאָס ענדערט ניט די סיטואַציע. אָבער דאָ איז אַ פראַגע פון גערעכטיקייט, אַ פראַגע פון מיליטערישער ווילקיר,“ האָט איינער פון די פאַרטיידיקער אויף דעם זאָלא-פּראָצעס גע'טענה'ט.

---

דער אַנטיסעמיטיזם פון פראַנקרייך האָט זיך דאָ אַרויס־געצייגט אין זיין גאַנצער אָפּשיילעכקייט, זיך אַרויסגעוויזן אין דער ווירקלעכקייט אין זייער געפערלעכע פאָרמען; געפערלעך, ווי קראַפּאָטקין האָט זיך מיט רעכט אויסגעדריקט, קעגן יעדן שטרעבן נאָך פרייהייט. אָט דער אַנטיסעמיטיזם איז געפערלעך, ווייל ער ווערט געפּריידיקט אין אַ מין סאָציאַליסטישער פאָרם: דאָס פאָלק ווערט ניט אויפגעהעצט קעגן אידן אַלס אידן, נאָר קעגן אידן אַלס קאַפּיטאַליסטן, קעגן אידן ווי קעגן די רייכע הערשער, וועלכע האָבן דעם גאַנצן פאַרמעגן איינגעכאַפּט אין זייערע הענט. עס ווערט פאַרן פאָלק אַרויסגעשטעלט, אַזוי ווי אַלע אידן וואָלטן געווען ראָטשילדס און ענלעכע באַנקירן, וועלכע האַלטן נאָר אין איין באַרויבן דאָס פאָלק און באַזיצן אומגעהייערע רייכטימער. אָט זיינען זאָלאַ׳ס ווערטער איבער דעם פראַנצויזישן אַנטיסע־מיטיזם: „די פירער פון אָט דער באַוועגונג האָבן איינגעשמועסט די האַבעניכטסן דורך פאַרשידענע היפּאָקריטישע מיטלען, אַז זיי מוזן זיך באַפרייען פון די אידן. דאָס וואָרט איד קלינגט איצט פאַר דעם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט ווי אַ קאַפּיטאַליסט, מאָנאָפּאָליסט, באַנקיר, סוועטער, בלוטזויגער. דאָס האָט אָנגענומען אַ פאָרם פון קאַמף פון אָרים קעגן רייך, אַזוי ווי צווישן אידן וואָלטן גאָר ניט געווען קיין אָרעמע לייט, אַזוי ווי צווישן זיי וואָלטן ניט געווען קיין שווערע אַרבעטער, וועלכע ווערן אַליין אויסגעזויגן און אויסגעבייטעט און קעמפן פאַרן דאַזיין ניט לייכטער פון דעם אָרעמען קריסט.״

עס וואָלט אוממעגלעך געווען אַזאַ שטאַרקע רעאַקציע אין פראַנקרייך, אַזאַ שטאַרקע חוצפה פון דעם מיליטאַריזם, ווען דאָס וואָלט ניט געווען געשטיצט אויף דעם פּאָפּולערן אַנטיסעמיטיזם, וועלכער ווערט שטאַרק געפּריידיקט און אויפגעהאַלטן, דירעקט און אומדירעקט, פון דער קאַטוילישער קירכע. פאַר דער קאַטוי־לישער קירכע איז עס נייטיק, עס איז אין אירע אינטערעסן צו האָבן די קרעפטן פון פאָלק אויף איר זייט, אַרויסצורייסן אָט די קרעפטן פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם, פונם אַנאַרכיזם, פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און זיי געברויכן אין דינסט פונם

גלויבן, פונם קאטאליציזם. דערפאר ווערט דער אנטיסעמיטיזם געפריידיקט אונטער דער היפאקריטישער פארם פון סאציאליזם. אזוי איז די איבערצייגונג פון יעדן קלאר־זעענדיקן מענטשן, אזוי איז אויך די מיינונג פון זאלא*). אין יעדער צייט איז דער אנטי־סעמיטיזם, די שנאה קעגן אידן געווען א מיטל, כדי אפצוציען די אויפמערקזאמקייט פון פאלק, זיין גרימיקן צארן, פון זיינע אמת'ע שונאים און אונטערדריקער. אין אונזער געזעלשאפט, וואו דער הויפט-קאמף איז אויף דעם עקאנאמישן באדן, האט דער אנטי־סעמיטיזם אנגענומען אט די עקאנאמישע פארם.

לאמיר האפן, אז דער פראלעטאריאט פון יעדער נאציע, די ארמייי פון אונטערדריקטע, וועלן אמאל דערקענען זייערע אמת'ע שונאים, און אט די וועלן זיי געפינען גענוג אויך צווישן די קריסטן, ווי זיי וועלן געפינען גענוג ברידער צווישן די אידן. דאס וועט ניט זיין א קאמף פון נאציע, נאר א פארברידערונגס-בונד פון נאציעס און א קאמף פון ווארהייט און רעכט קעגן אונטער־קונג, פארדארבנהייט און אומגערעכטיקייט, ווי קעגן דער איינצלנער פערזאן, אזוי קעגן גאנצע שיכטן פון דער געזעלשאפט; א קאמף, וואס זאל אוממעגלעך מאכן אזעלכע אפפער פון יוסטיץ, ווי דרייפוס, אזעלכע אפפער פון אנטיסעמיטיזם, ווי די מיס־האנדלטע אידן, און אזעלכע אומגליקלעכע פארפירטע, ווי דער פראנצויזישער פראלעטאריאט, וועלכער ווערט פארדומט פונם קאטאליציזם און געהעצט קעגן די אידן. לאמיר האפן, אז יענעם לאנד, וואס איז געווען דאס ערשטע צו דערקלערן אלע מענטשן פאר גלייך, וועט אויך דורכפירן אמאל אט די גלייכהייט און פריי־הייט אין דער ווירקלעכקייט, ווי פאליטיש אזוי עקאנאמיש און מאראליש. לאמיר האפן און שטרעבן אויפצוקלערן די מענטשן אין אט דער ריכטונג. ווארים עס בלוטעט דאס הארץ, ווען מען זעט, וואס עס קאן פאסירן אין סאמע סוף פונם 19טן יארהונדערט.

(„נייער גייסט", מאי, 1898)

---

*) Review of Reviews, March 1898. Zola on French Antisemitism.

# די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויפן שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט

.1

עס לאָזט זיך אויס א יאָר, עס פאַנגט זיך אָן א יאָר. די מענטשן, זייערע געדאַנקען און די אומשטענדן ענדערן זיך ניט לויט אָפּשניטן פון צייט, און אויב איך וויל דאָ פּרואוון וואַרפן א בליק צוריק אויף דעם שליאַך, וואָס מיר האָבן געלאָזט אַהינטער זיך, און א קוק טאָן אין פאָרויס צו זען, וועלכער וועג עס ליגט פאַר אונז, איז דאָס נישט מחמת עס איז דער סוף פון אַן אַלטן יאָר און דער אָנהייב פון א נייעם. דאָס זעלבע מעג געטאָן ווערן אין וועלכן עס איז מאָנאַט אין יאָר.

די אויפגאַבע פון א ריקבליק און פאָרבליק איז א זייער ברייטע און מען שטעלט איר גרויסע פאָדערונגען. איך מיין ניט מיט מיינע געוויינלעכע קרעפטן נאָכצוקומען אָט־די פאָדערונגען; דער בליק פון אַזאַ שטערבלעכן, ווי איך בין, איז אפשר צו קורצ־זיכטיק צו דערפילן אַזאַ אויפגאַבע. דאָך גלויב איך, אַז יעדער איינער פון אונז באַמערקט אין די גרויע טעאָריען און אין דעם גרינעם לעבנס־בוים עפּעס, וואָס עס שטויסט אים צום נאָכדענקען וועגן דאָס פאַרגאַנגענע און רופט אין אים אַרויס געדאַנקען על להבא.

אַז אין דעם קרייז, אין וועלכן עס צירקלט זיך די אידישע פאָרטשריטס־באַוועגונג, ווי אין די סאָציאַליסטישע אַזוי אין די אַנאַרכיסטישע רייען, איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג, איז דוכט מיר באַמערקבאַר פאַר יעדן איינעם פון אונז. וואָס אָנבאַלאַנגט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָבן ניט נאָר די שפּאַל־טונגען א טרייסל געטאָן זייערע מוחות. די שפּאַלטונגען זיינען נאָר צוזאַמענגעפאַלן מיט אַנדערע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן

צוזאַמען ארויסגערופן אַן ענדערונג אין די די אנשויאונגען, און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז, טעאָרעטיש ווי פּראַקטיש, ניט דיזעלביקע, וואָס איז געווען אַמאָל.

עס קאָן זיין, אַז די מדה פון סבלנות, דאָס ביסל טאָלעראַנץ, וואָס איז אריינגעטראָטן אין דער איצטיקער זייער שטילער באַוועגונג, איז ניט פון אַ זייער סימפּאַטישער נאַטור. איך מיין צו זאָגן, אויף וויפיל אין אַט־דער דולדזאַמקייט און טאָלעראַנץ איז פאַראַן אַ טייל פון גייסטיקער כאַראַקטער־לאָזיקייט און פאַרבן־בלאַסקייט, אויף אַזויפיל איז זי ניט ווינטשנסווערט. דאָס קאָן נאָר דערמאָנען אויף דעם גוט־לעבן פון יענעם פאָר־פאָלק, ווען ער האָט שוין די לוסט פאַרלאָרן אַנדערע צו געפעלן און ווען זי איז שוין אַזוי געוואוינט געוואָרן צו פאַרשידענערליי ליבהאָבעריי, אַז אַ קוש פון אים איז באַלד אויך קיין סכנה ניט...

עס וועט אָבער אויך זיין פאַלש אָנצונעמען, אַז אַט־דאָס ביסל טאָלעראַנץ איז בלויז אַ פּראָדוקט פון שוואַכקייט, פון כאַראַקטערלאָזיקייט און פאַרבנבלאַסקייט. עס וועט אויך זיין אויבערפלעכלעך צו מיינען, אַז דאָס האָט די פּראַקציע פון דער ס. ד. פּ. (סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי) אליין געשאַפן אַזאַ טאָלעראַנץ, ווייל זי האָט עס אין דער ווירקלעכקייט עפנטלעך געפּריידיקט. אייניקערמאַסן איז „מתוך שלא לשמה בא לשמה". ווען די ארויסגעטראָטענע, וועלכע האָבן אַזויפיל געליטן פון פּאַרטיי־דיסציפּלין, האָבן געוואָלט שאַפן פאַר זיך אַ באַדן און קעמפן קעגן דאָס אַלטע, האָבן זיי קיין אַנדער וואָפן ניט געקאָנט נעברויכן. דיזעלבע אורזאַכן, וועלכע האָבן אַנאַרכיסטן געבראַכט צום דענקען, אַז אַ פּאַרטיי־דיסציפּלין טויטעט יעדן גייסט פון לעבן און אויב עס איז פאַראַן אַזאַ לעבן אין אַ באַוועגונג, איז אין אַט־דעם לעבן אָבער דאָ ווייניק געזונט. — דיזעלביקע אורזאַכן האָבן, דורך פּראַקטישע שמערצן, געבראַכט אויך אַ טייל פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן צום זעלבן שלום.

מיט וועלכע אַנדערע וואָפן קאָן מען קעמפן קעגן דעספּאָטיע, אויב ניט מיט פּרינציפּן פון פרייהייט? און דערום מערקט איר אויך, אַז אַ טייל פון דער ערשטער פּראָקלאַמאַציע, וועלכע די

אָפּגעשפּאָלטענע האָבן אַרויסגעלאָזט, איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַזאַ גייסט פון פרייהייט, וואָס איז ווערט געווען צו זיין דער פּראָדוקט פון אַן אַנאַרכיסטישער פּעדער.

אין אָנהויב איז דאָס געווען, דוכט זיך, אַ קאַמף בלויז קעגן דעספּאָטישער פאַרוואַלטונג פון געוויסע פּערזאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען אַן שפּיץ פון דער פּאַרטיי. אָט־דער קאַמף האָט מיט זיך אַליין אַרויסגערופן אַ באַזונדער מין טעטיקייט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן פאַרשידנהייטן אין פּרינציפּן און אַפילו טעאָרעטישע מיינונגס־פאַרשידנקייטן. דאָס קומט פּשוט דערפון, וואָס ווי נאָר מען הערט אויף צו זיין אַ בלינדער נאָכפאָלגער, ווי מען פאַרלירט נאָר דעם גלויבן אין דער אומפעל־באַרקייט פון אַ פּאַרטיי, דערלויבט מען זיך שוין צו קריטיקירן ניט בלויז אירע טאַטן, נאָר אויך אירע לערן.

דעם אמת געזאָגט, באַשעפטיקט זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאָ זייער און זייער ווייניק מיט טעאָרעטישע דיסקוסיעס, יעדנפאַלס טוט זי עס ווינציק אין אירע אָרגאַנען. פון אָנפאַנג, ווען די קאָמפּאַקטע איינהייט האָט עקזיסטירט, איז דאָס ניט געווען נייטיק. ערשטנס, ווייל אַלץ איז געווען „וויסנשאַפטלעך״ פעסט, דאָגמאַטיש געמויערט, סאָציאַליסטיש זיכער און מאַרקסיסטיש אומווידערלעגבאַר. היינט וועלכער שטערבלעכער וועט דאָס וואַגן נאָך צו גיין דיסקוטירן איבער דעם? דאָס וואָלט דאָך אַליין מיט זיך שוין זיין אַ מין אפּיקורסות. צווייטנס, האָט די יאָגד נאָך פּראַקטישן דערפאָלג אַזוי פאַרנומען די מוחות און די כוחות, אַז מען האָט גערעכנט וואַרשיינלעך פאַר אַן איבעריקער צייט־פאַרשווענדונג צו דיסקוטירן איבער טעאָריען. דאָס פאַר־געניגן, וואָס די היגע לערער און וועג־ווייזער האָבן געהאַט אַלס שטודירנדע יוגנט אין אַ רוסלאַנד, איז געווען אַ מין איבעריקער „לוקסוס״ פאַר זייערע איינפאַכע תלמידים, וועלכע זיינען ספּראָפּאַגאַנדירט געוואָרן דאָ, אויף דעם פּראַקטישן אַמערי־קאַנער באָדן.

נאַטירלעך איז דער פעלער געווען אַן אומגעהייערער. וואָרים אויב ביי די לערער איז געווען געוויסערמאָסן אַ סאָציאַליסטישער

בילדונגס־פונדאַמענט אין די מוחות, און די פּראַקטישע טעטיקייט איז געווען אַ מין אויפבוי, איז ביי די פּראָסטע תּלמידים קיין פונדאַמענט ניט געלייגט געוואָרן. די פּראַקטישע טעטיקייט, וועלכע איז, נעבנביי באַמערקט, אין אירע איינצלהייטן זייער אָפט גאָר נישט פון אַ סאָציאַליסטישער נאַטור, — ווי צ. ב. ש. דאָס שאַפן פון פאָנדן דורך פאַרשידענערליי אונטער־נעמונגען, — איז געווען די גייסטיקע נאַרונג. די גאַנצע באַשטייט דאָ דעריין, וואָס ווי נאָר עס טרעט אַריין אַן אַנטווישונג, אַלצאיינס דורך וואָס פאַר עס איז אורזאַך, אַזוי בלייבט ניט בלויז אין האַרצן אַ קאַלטקייט, נאָר אויך אַ פּוסטקייט אין די מוחות. און ווען די אומשטענדן זאָלן זיך אַפילו ענדערן, די פּוסטקייט בלייבט ניט אויסגעפילט. איצט איז עס געוואָרן אַ מצות אנשים מלומדה, מען האָט זיך אָפּגעוואוינט פון פילאָזאָפירן. דערצו האָט מען די גאַנצע כּוחות געדאַרפט פאַרווענדן אויף דעם קאַמף צווישן זיך, און פאַר עפּעס אַנדערש בלייבט ניט קיין צייט.

אָבער ווי ווייניק אָט־דאָס טעאָרעטיזירן און פילאָזאָפירן גייט אָן, קאָן מען דאָך מערקן אַ גייסטער־וואַנדערונג אין די אַנשויאונגען. מען קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, לויט דעם איצטיקן צושטאַנד, אַזאַ פאַל צ. ב. ש. ווי דער, וועגן וועלכן מיר האָט אין אַ פּריוואַט געשפּרעך דערציילט איינער פון אונזערע „לייטנדע גייסטער“ — ווי אַ דייטש וואָלט זיך אויסדריקן — אין דער אידישער ליטעראַטור. אָט־דער לייטנדער גייסט איז איינגעלאַדן געוואָרן צו שרייבן עפּעס פאַר דער „צוקונפט“. ער האָט אַריינגעשיקט אַן ערנסטע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג איבער עטוואָס. יעדער איינער, וואָס קען די שריפטן פון אָט־דער פּערזאָן, וועט ניט צווייפלען, אַז אַ פּראָדוקט פון זיין פּעדער איבער ליטעראַטור אָדער קונסט איז אַ צירונג און באַלערנדער מאַטעריאַל פאַר אַ מאָנאַטשריפט. דער דעמאָלדיקער רעדאַקטאָר פון „צוקונפט“ האָט אָבער זיך אַנטזאָגט צו דרוקן זיין ווערק, ווייל עס איז ניט געווען אין איינקלאַנג מיט דער מאַטעריאַליסטיש־עקאָנאָמישער געשיכטס־אויפפאַסונג.

איצט וואָלט עס ניט געמאָלט זיין. וואָרים ניט נאָר דערלויבט

מען זיך נאָכצודענקען איבער דער עקאָנאָמיש־מאַטעריאַליסטישער געשיכטס־אויפפאַסונג, נאָר מען דערלויבט זיך צו דיסקוטירן איבער געוויסע אויספירונגען אין די עקאָנאָמישע לערן פון קאַרל מאַרקס. דער מאַרקסיזם האָט אויפגעהערט צו זיין דער הייליקער „אני מאמין באמונה שלמה", ווי ער איז אַמאָל געווען אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע נוסחאות, און זינט עס איז דערשינען בערנשטיינ'ס בוך „די פאָראויסזעצונגען דעס סאָציאַליזמוס אונד די אויפגאַבן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", וואָגט מען צו הערן אויך אַ קעגן־מאַרקסיסטיש וואָרט.

איך קאָן ניט זאָגן אויף וויפיל די דערשיינונג פון בערנשטיינ'ס קריטיש ווערק האָט דאָ געווירקט. אָבער איך וויל דאָ נאָר אָנדייטן אויף דעם צוזאַמענפאַל פון פאַרשידענע פאַקטאָרן. מיט דריי, פיר יאָר צוריק, ווען אין דער „פר. געזעלשאַפט" זיינען דערשינען ט ש ע ר ק ע ס אָ וו'ס קריטישע אַרטיקלען איבער דעם זאָגענאַנטן „וויסנשאַפטלעכן" סאָציאַליזם, איז דאָס געווען אַ קריטיק פון אַ פרעמדן לאַגער; און וועלכע וואַרהייטן דאָרט זאָלן ניט געזאָגט זיין, — מען האָט זיך ניט געקאָנט דערלויבן צו קוקן אין יענער זייט, הגם עס האָט געמוזט זיין אומפאַרמיידלעך, אַז אויף אייניקע ניכטערע קעפּ, וואָס זיינען ניט געווען איינגעפּרעסט אין דער פּאַרטיי, זאָל דאָס מאַכן אַ ווירקונג. אָבער אַט איז געקומען אַן אייגענער, און נאָך וועלכער אייגענער, אַ לייטנדער גייסט, און ער זאָגט:

„די צושפּיצונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן איז ניט אַרויסגעקומען, ווי דאָס שילדערט דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט. עס איז ניט נאָר נוצלאָז, עס איז די גרעסטע דומהייט צו האַלטן דאָס בסוד. די צאָל פון באַזיצנדע איז ניט קלענער, נאָר גרעסער געוואָרן. די אומגעהייערע פאַרמערונג פון געזעלשאַפטלעכן רייכטום גייט ניט האַנט אין האַנט מיט אַ פאַרקלענערונג אין דער צאָל פון קאַפּיטאַל־מאַגנאַטן, נאָר צוזאַמען מיט אַט־דער פאַרמערונג פון רייכטימער שטייגט אויך די וואַקסנדע צאָל פון קאַפּיטאַליסטן פון אַלערליי גראַדן. די מיטלשיכטן ענדערן זייער כ אַ ר אַ ק ט ע ר, אָבער זיי פאַרשווינדן ניט פונם געזעלשאַפטלעכן שטופן־לייטער. די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע גייט אויך ניט פאָר אין דער אינדוסטריע דורכגענגלעך מיט גלייכער

קראַפט און געשווינדקייט. אין אַ גרויסן טייל פון די פּראָדוקציאָנס־צווייגן קומט עס פאָר, ווי די סאָציאַליסטישע קריטיק האָט עס פאָרויסגעזאָגט, אין אַנדערע צווייגן אָבער בלייבט די קאָנצענט־רירונג הינטערשטעליק. נאָך לאַנגזאַמער גייט דער פּראָצעס פון קאָנצענטראַציע אין דער לאַנדווירטשאַפט..."

פּונקט אַזוי שאַרף רעדט בערנשטיין קעגן דער לערע פון קלאַסנקאַמפן און ניט ווייניקער שאַרף איבער דעם שטרענגן עקאָנאָמיזם. קורץ, אונטער דעם דרוק פון דער דורכדרינגלעכער קריטיק, אונטער וועלכער עס איז אונטערוואָרפן געוואָרן דער מאַרקסיזם פון אַלערליי צדדים, אונטער דער פּרעסונג פון די נייע דערשיינונגען אין לעבן, האָט אַזאַ גייסט ווי עדוואַרד בערנשטיין געמוזט מאַכן דעם „חיסר" און ווייזן, וואָס עס בלייבט פון די אַלטע דאָגמעס.

אָבער מיין אויפגאַבע איז דאָ ניט צו ריידן וועגן אָט־דעם ווערק פאַר זיך, נאָר אָנצודייטן, אַז פון אָט־דער זייט האָט געמוזט אויסגעאיבט ווערן אַ שטאַרקע ווירקונג. און מערקווירדיק איז דאָס, ווי די שטרעמונג, וועלכע עס מערקט זיך אין דער פּראַקטיע פון דער ס. ד. פּ., איז אין איינקלאַנג מיט בערנשטיינ'ס אויספירונגען וועגן דער טאַקטיק אָדער, ווי ער רופט זיין שלוס־קאַפּיטל, „ענדציל און באַוועגונג".

לויט זיינע אויספירונגען פּריידיקט בערנשטיין, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף ניט וואַרטן און האָפן אויף רעוואָלוציאָנערע קאַטאַסטראָפן, נאָר ווירקן דורך רעפאָרמען, דורך פרידלעכער און געזעצלעכער ענדערונג דורכפירן די פולע דעמאָקראַטיזירונג אין דער געזעלשאַפט. אפילו אריינצוכאַפן די שטאַטס־פאַרוואַלטונג דורך אַ פּלוצימדיקער געוואַלט־קאַטאַ־סטראָפע, האַלט ער פאַר אַן אוטאָפּיע און שטעלט אַלס הויפּט־אויפגאַבע די נויטווענדיקייט אויסצוקעמפן די דעמאָקראַטיע פאַר דעם ארבעטער קלאַס. „דער קאַמף פאַר דער פּאָליטישער טעטיקייט פון די ארבעטער אין שטאַט און אין דער געמיינדע פאַר אינטערעסן פון זייער קלאַס און פאַר דער ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע פון די ארבעטער", — דאָס איז ביי אים די

הויפטזאך. אָבער ער רעכנט נאָך די ארבעטער פאר ניט פיאיס, פאר ניט רייף גענוג פאר פּאָליטישער פארוואלטונג און דערום מוז די, סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיך באנוצן מיט אַלע רעפאָרם־פּארטייען, באשטרעבן פארבעסערונגען אין דער לאַגע פון די ארבעטער, א. א. וו., א. אַ. וו.

איך וויל דאָ אויך ניט איינגיין דערויף צו ווייזן, אז די דעמאָקראַטיזירונג, וועלכע בערנשטיין פּריידיקט אַלס הויפּט־באשטרעבונג, איז דאָ, דוכט זיך, אַן איבעריקע אויפגאַבע. וואָרים אויף וויפיל ער וויל ווייזן איר היילזאַמקייט, איז זי דאָ, אין די פאראייניקטע שטאַטן, שוין דערגרייכט. צי האָט זי שוין געבראַכט דאָס, וואָס ער מיינט אז זי דארף ברייננען פאר די ארבעטער, איז אַ פראַגע. אָבער איך וויל דאָ נאָר זאָגן, אז די קאָמפּראָמיסן־שטרעמונג, וועלכע איז צו באַמערקן אין דער פראַקציע פון דער ס. ד. פּ., קאָן זיך פּאָלקאָם שטיצן אויף בערנשטיינ'ס אויספירונגען. דער וועג פון אָט דער פראַקציע איז צו ווערן אַ פּראַקטישע רעפאָרם־פּאַרטיי.

מערקווירדיק, אויך ביי די אנארכיסטן, איז מען ניט געבליבן דאָס, וואָס מען איז געווען. אָבער אויב אין געוויסע טיילן האָט דערזעלבער אַנשטויס אויך אַ טרייסל געטאָן אונזערע מוחות, זיינען מיר געקומען צו דיאַמעטראַל קעגנגעזעצטע אויס־פירונגען. איך וויל ריידן דאָ נאָר בנוגע אונזער פּראָפּאַגאַנדע. וויפיל מיר האָבן ניט געקעמפט קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פונדעסטוועגן האָט זיך דורך דעם גאַנצן אופן פון אונזער פּראָפּאַגאַנדע דורכגעלויכטן אַ שטיק מאַרקסיזם. שטיקלעך קאָמוניסטישן מאַניפעסט האָט מען געקאָנט אויפפיקן דאָ און דאָרט. מיר האָבן זיך אַ לאַנגע צייט ניט געקאָנט אָפּגעוואוינען פון צו ריידן איבער דער אָנהויפונג פון קאַפּיטאַלן אַלץ אין ווייניקער הענט, איבער דער האָפנונגסלאָזיקייט פון די ארבעטער ארויסצוקאַפּן זיך פון די רייען פון די פּראָלעטאַריער, א. אַ. וו., א. אַ. וו.

זאָנדערבאַר קומט עס פאָר, ווען מען באַגעגנט די אַמאָליקע געזיכטער, וועלכע מען פּלעגט זען אַלס אָרעמע ארבעטער אויף

די אַגיטאַציאָנס־מיטינגען, אין אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט. אַ קרעמערל, אַן איידזשענטל, אַ קאָנטראַקטאָרל, אַן אויסגעשטודירטער, און ער איז אַלרייט. ניט אײַ־אײַ־אײַ, אָבער ניט פאַרפּראָלעטאַריזירט געוואָרן האַפּנונגסלאָז. מען וועט מיר זאָגן, דאָס זיינען קליינע פאַלן, פון וועלכע מען קאָן קיין שלוסן ניט ציען, אויף וועלכע מען קאָן קיין טעאָריען ניט בויען. פיליכט, אָבער „אחת לאחת למצוא חשבון”, און ווען מען באַגעגנט אָט־די געזיכטער, זעט מען אויך אַ שטיקל פאַקטאָר צו דערקלערן זיך דעם איצטיקן צושטאַנד אין דער אידישער באַוועגונג. אָבער דאָס איז ניט די הויפּטזאַך.

די דערוואַרטונג, אַז עס גייט שלים־שלימזל'דיקער מיט יעדן יאָר אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די אַרבעטער; אַז אָט־אָט קומט עס צו אַן אויסברוך, וואָס אין גרונט איז דאָ געלעגן מאַרקס' לערע וועגן דער אָנהויפונג פון קאַפּיטאַל, האָט געגעבן מער אָנשטויס צו אַ מאָמענטאַל־פייערדיקער, געפילס־היציקער אַגיטאַציע. ווי שטאַרק יעדערער פון אונז זאָל ניט גלויבן אין אַ רעוואָלוציע־קאַטאַסטראָפע, אָבער מערקווירדיק, עס הערט זיך ניט מער דער טאָן, וועלכער האָט זיך געהערט אַמאָל. עס הערט זיך ערגעץ ניט, אַפילו ניט דאָרט, וואו מען נאַרט זיך מיט אַ פּאָפּולערער אַגיטאַציע־באַוועגונג. ווי מען איז ניט איבער־צייגט, אַז די אַרבעטער דאַרפן רעבעלירן, דאַרפן אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון זיך, פונדעסטוועגן קלינגט ניט מער די פראַזע: אַרבעטער, רעבעלירט! אויב עס זאָל אייניקערמאַסן אמת זיין, אַז עס האָט זיך אָפּגעקילט דער אַמאָליקער האַרצנס־גלות, איז דאָס אַליין דאָך אויך אַ פאַקט, מיט וועלכן מען האָט זיך געדאַרפט רעכענען.

אין גרונט גענומען, איז דאָך דאָס ניט די איינציקע און די הויפּט אורזאַך. איר קאָנט ניט פּשוט אַרויסגיין אויף דער פּלאַטפאָרמע און זאָגן: רעבעלירט! איר קאָנט עס ניט זאָגן ווידערהאָלט אין אַרטיקלען. איינפאַך דערפאַר, ווייל איר ווייסט, אַז ניט היינט רעבעלירט מען און ניט מאָרגן רעבעלירט מען. און דער עיקר איז, אַז ריידנדיק צו אַ גרעסערער אָדער קלע־נערער צאָל מענטשן, ווילט איר אין זיי ניט בלויז דערוועקן

א גייסט פון אומצופרידנקייט, נאָר הויפּטזאַכלעך ווירקן אויף אַן ענדערונג אין זייערע מוחות. פון קאָנספּיראַטיווער רעוואָלו־ציאָנערער טעטיקייט, דעם אמת צו זאָגן, טרוימט מען דאָך גאָר ביי אונז ניט. דאָס קומט דאָך גאָר אויף די געדאַנקען ניט אַרויף, אפילו ביי די, וועלכע קאָנען זיך אפשר רימען, אַז אין זיי ברענט דער שטאַרקסטער אַגיטאַציאָנס־פייער.

די אַפּלייקענונג פון דעם קאָמוניזם אַלס הויפּט באַזיס פון געזעלשאַפטלעכע אָרדנונגען, ברייננגט אונז אויך צו דער איבער־ציגונג, אַז אין אַגיטאַציע איז דאָס שטענדיק קלאַפּן אויף די סטרונעס פון אָרעמקייט ניט די איינציגע אויפגאַבע. עס איז זייער פאַרשטענדלעך, אַז פון וועקן געפילן פון פאַרצווייפלונג און ניט צאָלנדיק די הויפּט אַכטונג אויף אויסצואַרבעטן גרינט־לעכע איבערצייגונגען אין דער פּערזאָן, קומט אַרויס איינס פון די ביידע: אָדער דער מענטש בלייבט אָרים און האָפנונגסלאָז ווי געווען און ניט זעענדיק נאָך קומען די באַלדיקע גאולה, ווערט ער אַנטוישט, אָדער אַזאַ מענטשן געלינגט אין קאַמף אומ׳ס דאַזיין אַביסל צו בעסערן זיין עקזיסטענץ און ער הויבט אָן בורזשואַזנע צו גרעבצן, מיט רעספּעקט צו מעלדן, פיל גרעבער און אָפּשטויסנדער, איידער אַ פּערזאָן, וואָס האָט קיין אַגיטאַציע־רעדע קיינמאָל ניט געהערט.

אָדער ווייס ניט יעדערער וועגן געגוג אַזעלכע פאַלן פון איין זייט און פון דער אַנדער זייט? די איבערצייגטע פּערזאָן בלייבט דאָך די איינציקע, אויף וועלכער איר קאָנט עפּעס בויען, אַלצאיינס צי זי איז אין דעם ראַנגלען זיך פאַר עקזיסטענץ אָרעמער אָדער רייכער געוואָרן. ווי די געשיכטע זאָל ניט זיין מיט דער איצטיקער אויפבלאָזונג פון דער אינדוסטריע און האַנדל, — זי איז זיכער ניט קיין דויערהאַפטע. און אפילו איצט זיינען דאָ געגוג מיליאָנען נפשות, וואָס לעבן ניט בלויז אין דחקות און שפלות, נאָר פאַרהונגערן פשוט. פונדעסטוועגן איז דער „בום" אַזאַ, אַז עס מערקט זיך ניט קיין אויסדרוק פון מאַסן־אומצופרידנקייט. מען ווייסט ניט, וואָס עס וועט ברייננגען די נעקסטע צוקונפט, אפשר אַ גוואַלטיקע רעאַקציע אין דער

פראָדוקציע און האנדל, אז עס וועלן אויסברעכן מורא׳דיקע אומצופרידנקייטן אין די מאסן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט איניקע יאָר צוריק.

פאַר דעם איבערצייגטן מענטשן, אָבער, איז די נויטווענדיקייט פון אַן אומוועלצונג אין דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג פונקט אזוי דרינגענד איצט, ווי זי איז געווען דאַן און ווי זי וועט זיין, ווען אַ פּאָפּולערער אויסברוך פון אומצופרידנקייט זאָל קומען. פאַר אים איז די עקאָנאָמישע אומגלייכהייט, די מאָראַלישע צעפוילטקייט, די פּאָליטישע פאַרדאָרבנקייט, די רעליגיעזע דומהייט און אַלע, אַלע גרונט־איינגשאַפטן פון דער היינטיקער געזעלשאַפט, — דאָס אַלץ איז פאַר אים איצט פונקט אזוי העסלעך און פאַראורטיילט צום אונטערגיין, ווי דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק און ווי דאָס וועט זיין מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער.

איין זאַך איז זיכער, אַז האָבנדיק אַ גענוגנדע צאָל פון דענקנדע, איבערצייגטע מענטשן, איז ניט נאָר אויפגעטאָן דאָס, וואָס אזא צאָל מענטשן איז שוין דאָ — דאָס אַליין איז אַ גענוג דאַנקבאַרע אויפגאַבע — נאָר עס איז אויך אַ פעסטע גאַראַנטיע פאַר אַ פרוכטבאַרער פּראָפּאַגאַנדע אין די צייטן פון פּאָפּולערער אומצופרידנקייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אָט־די סאָלידע דערציאונגס־אַרבעט מוז ניט דווקא געטאָן ווערן אין קליינע קרייזן. דאָס קאָן זיך זיין אין ברייטסטן און פּאָפּולערסטן אופן. דאָס ווענדט זיך אָן די קרעפטן. אָט איז די ריכטונג, וועלכע ווייזט זיך, דוכט מיר, איצט שטאַרקער ווי אין די פריערדיקע יאָרן ביי אונז אַליין.

.2

די סאָציאַליסטן, האָב איך אַנומאָלט געזאָגט, האָבן פאַרפעלט צו זיין די קולטור־טרעגער, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט זיין אין זייער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אידישע מאסן. אָבער דערמיט האָב איך ניט געמיינט, אַז דאָס איז געווען די אויסשליסלעכע

אויפגאַבע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דאָס איז געווען די אַלגעמיינע אויפגאַבע פון פּראָפּאַגאַנדיסטן, וואָס טרוימען פון אַ נייער וועלט, וועלכע שטרעבן צו דער אומוועלצונג פון אַ געזעלשאַפטלעכן סיסטעם. די הויפּט אַרבעט פון אַזעלכע מענטשן דאַרף באַשטיין אין אויסרייסן אַלטע אַנשויאונגען, אויסוואָרצלען אַבערגלויבן, אָפּראַמען שימל און פּלאַנצן נייע אידייען, בילדן אין די הערצער און די מוחות נייע וועלט־־אַנשויאונגען. מיט איין וואָרט, אַרבעטן פאַר אַ נייער צוקונפט.

דער ביטערער קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר יאָרן מצד די סאָציאַל־דעמאָקראַטן קעגן די אַנאַרכיסטן, האָט געפאָדערט אַזויפיל אָנשטרענגונג, האָט פאַרצערט אַזויפיל כוחות, אַז מען האָט גאָר ניט באַמערקט, ווי זעלבסטפאַרניכטנדיק עס ווירקט אָט־דער קאַמף, ווי ער פרעסט אויף די קרעפטן, פאַרדאַרבט דעם גייסט, זייט רעאַקציע אָנשטאָט פאָרטשריט און דערציט ענגהאַרציקייט אין ברוסט, אָנשטאָט ליכטיקייט אין די מוחות. אין דער ביטערקייט פון מחלוקות האָט מען אָפט אַזוי ווי לחלוטין פאַרגעסן, ווער עס איז דער שונא, קעגן וועלכן מען דאַרף קעמפן. אין געוויסע צייטן האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי די פאַרניכטונג פון אַנדערע ריכטונגען איז מער צום האַרצן, איידער די באַשטרעבונג אונטערצוגראָבן די אַלטע אָרדנונג. עס וואָלט פּלייכט געווען צו קליינלעך אָנצופירן דאָ ביישפּילן, וואו פאַראייניקונג, צושמייכלונג און באַנוצונג פון רעאַקציאָנערע עלעמענטן זיינען געברויכט געוואָרן אַלס מיטל אין אָט־דעם קאַמף, און פון וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אין דער לעצטער צייט קיין האָניק ניט געלעקט.

אָבער זאָל מען פאַרשטיין, אַז ניט אין מאַכן פאָרוואורפן גייט עס דאָ, נאָר אָנצודייטן אויף די קרומע און פאַלשע וועגן, אין וועלכע מען איז געגאַנגען און וועלכע האָבן געבראַכט צו טרויעריקע רעזולטאַטן. וואָס אונז אַנאַרכיסטן אָנבאַלאַנגט, זיינען מיר געווען געצוואונגען צייטנווייז אָפּצוראַנגלען זיך קעגן אָנגריפן, ווערן זיך קעגן אַ ביטערער מאַכט, וועלכע האָט געוואָלט ווירקן קעגן אונז פאַרניכטנדיק. און עס האָט פאַרשלונגען קרעפטן

אויף דעם צווישנקאַמף, אַנשטאָט וואָס זיי האָבן געקאָנט אין גאַנצן אַנגעווענדט ווערן אויף צו זייען מער אויפבליאונג צווישן די מאַסן.

די פאַרשידנקייט אין אנשויאונגען, די קעגנגעזעצטע מיי־נונגען, די באַזונדערע טעאָריעס און טאַקטיקן און די באַשטרע־בונגען פון א נייער וועלט־אָרדנונג זיינען געשיכטלעכע נויט־ווענדיקייטן. די קעגנזייטיקע קריטיק, די צעגלידערונג פון אַנדערע ריכטונגען זיינען קיינמאָל ניט צו שאָדן. פאַרקערט, זיי ברייינגען מער אויפקלערונג. וואָס שאַרפער אַזעלכע קריטיקן זיינען, וואָס גענויער עס איז די צעגלידערונג פון קעגנערישע טעאָריעס אין דער סאָציאַלער וויסנשאַפט, וואָס שטרענגער עס איז די פּאָלעמיקע איבער דער אָדער יענער טאַקטיק, אַלץ ניצלעכער, אַלץ פּאַרטייל־האַפטער איז עס פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון נייע אידייען. וואָרים נאָר אויף אַזאַ'ן אופן שלאָגט זיך דער אמת דורך א וועג.

אָבער הייסט דען קריטיק פאַרניכטן יענעמס מיינונג אום יעדן פּרייז און דורך סיי וועלכע מיטלען? הייסט דען פּאָלעמיק גיסן פּעך און שוועבל? מיינט מען דען ביי צעגלידערונג פון טעאָריע אבזיכטלעך צו פאַרדרייען די וואַרהייט און מאַכן חוזק? אין א גאַנצער ריי פון יאָרן איז אַזוי געהאַנדלט געוואָרן. דאָס פאַרדריסלעכע דערביי איז, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף דעם דרויסן־שטייענדיקן, אַרבעטער אָדער ניט־אַרבעטער, דעם איינדרוק, אַזוי ווי עס וואָלט ניט געוועזן א קאַמף וועגן אַנשויאונגען, נאָר א פּערזענלעכע קנאָה־שנאָה צוליב כבוד, צוליב פּרנסה, צוליב מאַטעריעלע נוצן. און וואָס פאַר א רעספּעקט, וועלכע אויפ־מערקזאַמקייט, וועלכע באַגייסטערונג האָט עס געקאָנט אַרויס־רופן? אין די רייען, וואו אַזאַ אַרבעט האָט אַרויסגערופן באַגייסטערונג, איז דאָס, לײַדער, געוועזן א באַגייסטערונג פאַרבונדן מיט אַזאַ ענגהאַרציקן פאַנאַטיזם, וואָס האָט מיט גוטס אויך געזייט שענדלעכעס. און ווען דער פאַנאַטיזם איז, דורך דער שטאַרקער מאַכט פונם צייטגייסט, אָפּגעשוואַכט געוואָרן, איז צוזאַמען מיט אים פאַרשוואונדן אויך די באַגייס־טערונג. פילע האָבן פאַרלאָרן טעטיקייט, ווייל מען קריגט זיך

ניט מער, אַזוי ווי פריער. אין אַנדערע איז דער פּאַנאַטיזם נעגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס פון דער באַגייסטערונג איז שוין ביי זיי לאַנג קיין זכר ניט געבליבן, דער פּאַנאַטיזם אָבער איז אין זיי געבליבן פעלזן־שטאַרק.

און וואו ליגט דאָ די הויפּט שולד? זי איז פון אָנפאַנג אָן געלעגן אין דער דאָגמאַטישער ענגהאַרציקייט. נאָך מיין מיינונג איז עס געווען איינער פון די גרעסטע און גרעבסטע פאַרברעכנס פון דער אַלטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי דאָ, וואָס זי איז געווען אַזוי דאָגמאַטיש בלינד, אַז אַלץ, וואָס איז ניט אַרויסגעגאַנגען פון יענער פּאַרטיי, האָט עס געמעגט זיין ווער ווייס ווי וואָרהייטלעך, האָט עס געמעגט זיין ווער ווייס ווי גוט און מענטשלעך, — איז עס ניט בלויז ניט אָנערקענט געוואָרן, נאָר געמאַכט געוואָרן צו שפּאָט. אַזוי ווי אַ גאַנץ לעבן מיט אַלע זיינע דערשיינונגען, מיט אַלע זיינע קערונגען און ווענדונגען, וואָלט געקאָנט מאַכן זיך אָפּהענגיק נאָר פון פאַרהאַרטעוועטע דאָגמעס. אַזוי ווי די באַפרייאונג פון דער מענטשהייט, די אַלע באַוועגונגען פונם מענטשלעכן גייסט, וואָס זיינען נייטיק פאַר אָט־דער באַפרייאונג, וואָלטן געקאָנט אַרויסשטראָמען בלויז פון מאַיאָריטעט באַשלוסן פון יענער פּאַרטיי, ווי פּאַרנינפטיק אפילו און ווי ערלעך אַזעלכע באַשלוסן זאָלן ניט זיין.

ערשטנס, האָט מען זיך אַזוי אַריינגעשלאָגן אין זינען, אַז דער קאַמף פאַר אַ בעסערער אָרדנונג איז בלויז אַ קלאַסנקאַמף, אַז דער קלאַסנקאַמף איז בלויז אַן עקאָנאָמישער קאַמף און אַז פּריידיקנדיק עקאָנאָמישע באַפרייאונג, וועט אַלץ שוין זיין אויסגעפירט. דערפון האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געמוזט פאָלגן, אַז די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון די אַרבעטער, דאָס באַפרייען דעם מענטשנס גייסט פון אַלערליי גלויבן און אַבערגלויבן, די אויסווירקונג אין יעדן און אין אַלעמען, אַרבעטער אָדער ניט־אַרבעטער, אַ מער מענטשלעכן באַוואוסטזיין, — אַז דאָס אַלץ זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַן אַרבעט פון היץ־קעפּ, מעשה שייגעץ. אַלץ, וואָס איז געוואַקסן ניט אויף דעם עקאָנאָמישן פעלד, איז ניט געווען קיין געווינשטע פּרוכט און האָט ניט געקאָנט אַנער־

קענט ווערן אַלס נאַרונג פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

צווייטנס, איז אויך אַ מאָדנעם אופן אויסגעוואָקסן אויף דעם עקאָנאָמישן פעלד פּאָליטישע תבואה, און פון אָט־דער פּאָליטישער תבואה האָט מען נאָר געשניטן די רעפּרעזענטאַטיוו־זאַנגען, און פון אָט־די זאַנגען האָט מען אויסגעדראָשן בלויז די מוניציפּאַל־קערנער, און פון אָט־די קערנער האָט מען געמאָלן שמורה־מעל־קאַנדידאַטן, און פון אָט־דער שמורה־מעל האָט מען אויסגעקנאָטן אַ באַזונדערע וואַלן־„מורה" און געוועלגערט מצה־שטימען מיט דער גאַנצער „כשרות" פון אַ אידישן פּאַדראַד. די באַוועגונג פון אַ גאַנץ יאָר האָט זיך געדרייט אַרום אָט־דעם פּאַדראַד און עס זיינען נאָר געווען הכנות צום וואַלן־סדר, וועלכער איז איין מאָל אין יאָר. די גאַנצע טעטיקייט, מיין איך צו זאָגן, האָט זיך רעדוצירט צו אַ מינימום פון וועלן אויסוויילן וואו ניט איז אַ שטיקל פּראָפּאָרשטשיק אין די קהל'שע ביזנעס. עס איז געווען גערעכנט פאַר צוועקמעסיקער צו כאַפּן איין שטימע פאַר אַ סאָציאַליסטן־קאַנדידאַטן, איידער עטלעכע באַוואוסטע מענטשן צו אַנטוויקלען.

דאָ איז געמאַכט געוואָרן דערביי דער שרעקלעכער פעלער קעגן דעם באַלדיקן צוועק פון וויילן אפילו. ווארים נאָך אַלעמען קאָן מען אויף געכאַפּטע שטימען גאָרנישט בויען. ווי לאַנג דער וויילער איז ניט קיין ציל־באַוואוסטער מענטש, ווי לאַנג ער איז ניט אַן איבערצייגטער, פּריווהייטלעבער, זעלבסטשטענדיקער מענטש, קאָן מען מיט אים ניט זיכער זיין: היום כאן ומחר ויברח. אין דער שטימען־כאַפּעריי, וועלכע ווערט אָנגעטריבן פון פאַרשידענע פּאַרטייען און אויף אַלערליי אופנים, גליטשט זיך די סתם־שטימע אַרויס פון די הענט און דערום דאָס שוואנקען אין צאָל פון וויילער. דאָס האָבן סאָציאַליסטן געדאַרפט שטענדיק געדענקען, ווען אפילו מען זאָל שוין גלויבן אין וויילן. זיי, אַלס פּריידיקער פון אַן אַנדער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, קאָנען ניט גלייכן זיך מיט אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען, ביי וועלכע עס האַנדלט זיך נאָר וועגן דעם היינטיקס מאָל אַריינצוכאַפּן די מאַכט אין דער האַנט.

און וויפיל האָט געקאָנט אויפגעטאָן ווערן מיט אַט־דער אָנשטריינגונג פון אַזויפיל קרעפטן, פון אַזויפיל יונגע, ענערגישע, איבערגעבענע און וואַרעמע מענטשן, — וויפיל וואָלט געקאָנט אויפגעטאָן ווערן אויף דעם פעלד פון אויפקלערונג! ווען מען באַטראַכט דעם צושטאַנד איצט — ווירקלעך, דאָס האַרץ טוט וויי. די ערשטע אינטעליגענטע קרעפטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זייער אויפקלערונג צווישן די איינגעוואַנדערטע אידן מיט אַ צוועלף יאָר צוריק, זיינען געוועזן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. זיי האָבן די ערשטע אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין דעם אידישן פראָלעטאַריאַט אַ גייסט פון בילדונג. זיי האָבן געטראָגן דעם ערשטן מאַטעריאַל צו בילדן אַ לעזע־פובליקום. אפילו דאָרט, וואו מען הערט איצט רעאַקציאָנערע מוזיק, האָט מען אין יענער צייט געמוזט אייניקערמאָסן סאָציאַליסטיש זינגען. מען קאָן, חס־חלילה, ניט זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז געווען אומזיסט, אַז עס איז דורכאויס געגאַנגען לאיבוד. אָבער זיינען די רעזולטאַטן אַזעלכע, ווי זיי האָבן געדאַרפט און ווי זיי האָבן געקאָנט זיין?

ווי זאָנדערבאַר דאָס האָט זיך אַ קער געטאָן! מגידים לייענען איצט לעקציעס; רעוועלענדלעך אין לוסטרינענע קאַפאָט־קעס און ווייסע שניפסן טרייבן אָן אַ טיכטיקע אַגיטאַציע; ארץ ישראל משולחים בלאָזן אריין דעם אַלטן, אויסגעוועפטן חורבן־גייסט אין פרישע, יונגע אידישע ביינער; בחורים׳לעך, אויסגע־האָדעוועטע אויף דעם היגן פרייען באָדן, גרינדן מפיצי הדת חברות; „כל־ישראל״־צייטונגען וואָיעווען קעגן חלול שבת נאָך אַלע דיקדוקים ופרטים, און עס שטייגט דער גייסט פון יענער אידישקייט, פון יענער טומאָה־דבקדושא, הגם אין לעבערלעבע פאָרמען, קעגן וועלכער די משכילים האָבן נאָך געקעמפט אין די גלות־לענדער מיט צענדליקע יאָרן צוריק.

מען וועט מיר ענטפערן, אַז דאָס זיינען ביזנעס בלויז, קאַפּיטאַליסטישע ביזנעס. די פריידיקער זיינען אַליין טרייפניאַקעס, זיי גלויבן אַליין ניט. יאָ, דאָס איז אמת, אָבער דאָס מאַכט ניט לייכטער. ביזנעס אָדער ניט ביזנעס, פינסטערניש אין די מוחות שאַפט דאָס געוויס און דער באָדן ווערט פאַרזייט מיט זויערע

קריטיקער, אין דער צייט וואָס ער האָט געקאָנט אין גרעסטן טייל באַאַרבעטן ווערן פאַר פריי־הייטלעכע אידייען. איצט האָט איר עס דערלעבט צייטנווייז צו הערן, ווי אַ פּאָטער, וואָס איז געווען אַ באַזוכער פון סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, ענטפערט, אַז ער מוז גיין אין שול און אָפּהיטן אידישקייט, אַליין ניט גלויבנדיק, ווייל ער שעמט זיך פאַר זיינע קינדער.

מען קאָן דאָ מיר מאַכן דעם פאָרוואורף, אַז איך וויל כלומר׳שט, אַז די גאַנצע סאָציאַליסטישע טעטיקייט זאָל זיין אָנגעווענדעט קעגן דער פינסטערניש פון רעליגיע, עס זאָל אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פריידענקע־רישער און דאָס זאָל זיין די אויסשליסלעכע אויפגאַבע. דאָס וועט זיין אַ גרויסער טעות. כאָטש דעם אמת צו זאָגן, אויב אַ גאַנצע אַגיטאַציע קאָן זיך אַראָפּפירן צו דעם מינימום פון ווילן און דאָס זאָל באַפרידיקן, דאַן וויפיל מער קאָן זי באַפרידיקן, ווען זי זאָל זיך אַראָפּפירן צו דעם מינימום פון אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. וואָרים פאַרגעסט ניט, אַז ווייל ערליי איז בלויז אַ טייל פון פּאָליטישער טעטיקייט. דאָס נעמט ניט אַרום די גאַנצע פּאָליטישע געביידע.

אָבער דאָס איז נאָר בדרך משל גערעדט. עס איז ניט מיין זאַך צו ריידן איבער דעם, וואָס פּאָליטישע אַגיטאַציע דאַרף זיין. איך האָב לחלוטין ניט געהאַט בדעה צו זאָגן, אַז אַנטי־רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע האָט געדאַרפט זיין די אויסשליסלעכע טעטיקייט. ווען איך האָב גערעדט וועגן אויפקלערונג און אַז פּראָפּאַגאַנדיסטן פון נייע אידייען דאָ צווישן די אידן האָבן געדאַרפט זיין די קולטור־טרעגער, האָב איך ניט געמיינט בנוגע רעליגיע אַליין. אַך, וויפיל האָט נאָך געדאַרפט און געקאָנט גערעדט ווערן וועגן אונזער אידישער ליטעראַטור, וואָס די ערשטע שאַפער אירע זיינען אויך געווען סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. וויפיל האָט געקאָנט אָנגעוויזן ווערן אומפאַרציילעכע פעלערן, מילד אויס־צודריקן זיך, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דאָ, און ווי אויף דעם פעלד האָבן די סאָציאַליסטן פאַרפעלט צו זיין די רייניקער, די אויפקלערער, וועלכע זיי האָבן געקאָנט און געמוזט זיין!

אויב איך רעד דאָ איצט נאָר וועגן רעליגיע־פרייהייט, איז עס דערפאַר, ווייל דעריין איז, דוכט מיר, געמאַכט געוואָרן דער גרעבסטער טעות. די מערסטע סאָציאַליסטישע פריידיקער דאָ זיינען, אויב איך נאָר זיך ניט, אויף דעם וועג געקומען צו זייערע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען. דער פרייערער בליק אויף דער געזעלשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן מיט זייער באַפרייאונג פון גלויבן, און איר קאָנט זיך ניט פאָרשטעלן אַן אמת איבער־צייגטן אידישן סאָציאַליסט, וועלכער זאָל צו דערזעלבער צייט זיין אַ גלויבנדער, רעליגיעזער איד. עס איז ביי מיר אויך קיין ספק ניט, אַז דאָס איז דער זיכערסטער אופן, ווי אַזוי אַ אידן צו געווינען פאַר אָנפאַנגען טראַכטן וועגן אַ נייער סאָציאַלער איינריכטונג. דוקא אַ אידן.

אויב עס זאָל זיך פאָדערן צו געבן דערצו, רופט עס, אַ וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג, וואָלט איך עס דערקלערט דערמיט, וואָס דער אידישער מוח מוז זיין צו רעליגיע־אויפקלערונג מער מסוגל, און אָט פאַרוואָס: אַ גלויבנס־בירגער איז ער געוועזן איבעראַל. דער גלויבן איז געוועזן זיין פּאָליטיק, דאָס איז געוועזן פאַרבונדן מיט זיין עקאָנאָמיע. דאָס האָט פאַרנומען די מערסטע גייסטיקע טעטיקייט פון זיין לעבן. אין דער פּאָליטיק איז ער געוועזן אַן אויסגעשלאָסענער, און ווען ער ווערט מיט איין מאָל אויך אַ פּאָליטישער בירגער, ווערט ער פון אָט־דער מתנה אַזוי פאַרבלענדט, אַז ער וועט קיין מורד, קיין אויסנאַם־ווײלער אַזוי גיך ניט ווערן. אים דוכט זיך, אַז ער דאַרף שוין דערפאַר אַליין דאַנקבאַר זיין, וואָס ער האָט אַ רעכט צו וויילן, זאָל ער גאָר זיין דער אַרויסשפּרינגער און וועלן שוין בייטן, איינפירן סאָציאַ־ליסטישע פאַרטייען און וויילן ניט אַזוי ווי דער כלל, ווען ער איז גערן גאָר אין דעם פּרט צו זיין אַ כלל־מענטש! דאָס וויילן ניט אַזוי ווי אַלע, גלויב איך, איז ביי אים גלייך ווי גאָר איינגאַנצן ניט וויילן. ער האָט זיך נאָך ניט געזעטיקט מיט אָט דער מתנה. מען וועט נאַטירלעך מיר זאָגן, דאַן איז דאָך שווערער נאָך פאַר די אַנאַרכיסטן צו ווירקן, אַז ער זאָל גאָר ניט האַלטן פון וויילן. נו, איז טאַקע שווער אפשר. אָבער זיין ניט וויילן

אַליין איז דאָך ניט דער צוועק פונם אַנאַרכיסט. דער צוועק איז דאָס ניט גלויבן אין פאָרשטייער און כדי דאָס אין אים איינצופלאַנצן פאָדערט זיך טאַקע אים צו מאַכן פאַר אַן אַנדערש דענקנדן מענטשן. דעריין זיינען מיר ניט געגאַרט.

ווי געזאָגט אָבער איז דער איד פון זיין גאַנצן פריערדיקן לעבן אַ גלויבנס־בירגער. דאָ אַרבעט זיין מוח אויף אַלע גלגלים און דאָ איז געווען און איז דער בעסטער באָדן פון אַרבעט. ווי ווייט אָט די אַרבעט איז פאַרנאַכלעסיקט און געהינדערט געוואָרן, וואָלט געווען גאַנצע בלעטער צו שרייבן. האָט אָט די אַרבעט, די אויפקלערונגס־אַרבעט, אויב שוין ניט קיין אַנדערע, ניט געקאָנט געטאָן ווערן מיט ריזן־ערפאָלג, שוין דערמיט אַליין וואָס אמווייניקסטן אין אָט־דעם פעלד האָבן געקאָנט אָנגעווענדט ווערן די כוחות פון די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע שולן געמיינ־שאַפטלעך? וואָס פאַר אַן אונטערשיד עס זאָל ניט זיין צווישן די פאַרשידענע פראַקציעס, די אויפקלערונגס־אַרבעט האָט געקאָנט סאָלידאַריש געטאָן ווערן, ניט זייענדיק פאַרשמאָלצן, ניט זייענדיק צוזאַמענגעמישט, ניט ענדערנדיק קיין איבערצייגונגען, נאָר טאַקע יעדערער פרייִדיקנדיק דאָס זייניקע, אָבער מאַכן דעם באָדן רייף פאַר נייע, פרייע אידייען, ניט איבערלאָזנדיק דעם פעלד פאַר רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וואָס זייען אויף אים אַלערליי ווילדע קרייטיכער.

וועט אָט־די אַרבעט געטאָן ווערן? וועט זי אויפגענומען ווערן פון יונגע פרישע קרעפטן? די דאָגמאַטישע האַרטנעקיקייט הויבט אָן ווייכער צו ווערן. מען דערלויבט זיך איצט זיך צוצו־הערן אויך צו געדאַנקען פון אַנדערע. אויב עס וועט נאָך קומען דערצו, אַז מען זאָל מקיים זיין דעם „קבל את האמת ממי שאומרו" און מיינע ווערטער וועלן עטוואָס בייטראָגן, אַז יונגע קרעפטן זאָלן זיך נעמען צו אָט־דער אויפקלערונגס־אַרבעט, וועט דאָס זיין גענוג באַלוינונג פאַר דער גאַנצער לעצטער צייט פון טאַט־און ראַטלאָזיקייט.

(„די פרייע געזעלשאַפט", יאַנואַר און פעבר., 1900)

# פון זשעליאבאָוו'ן צו גערשוני'ן

„אין קאַמף וועסטו דיין רעכט דערוועררבן".

עס איז געוואָרן 26 יאָר, זינט יענער פּאַסירונג, וועלכע מען קען רעכענען געשיכטליך אלס א פּרעליוד צו דער גרויסער היס־טאָרישער דראַמע, וואָס האַלט נאָך איצט אין אָפּשפּילן זיך אין רוסלאַנד, און וועלכע וועט זיך ענדיקן מיט דעם טויט פון אבסאָלוטיזם אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. מיר מיינען די פּאַסירונג פון ערשטן (פערצנטן) מערץ 1881, ווען די באָמבע פון גרינעוויצקי, קיבאלטשיש און ריסאקאָוו — די העלדן פון דער „נאַראָדנאַיא וואָליא" — האָט געפּלאַצט אין פּעטערבורג, אויף יעקאטערינענסקי קאַנאַל, און האָט געשטעלט א סוף־פּסוק צו דער הערשאַפט פון אַלעק־סאנדער דעם צווייטן.

ווי לייכטנדע שטערן שיינען פאַר דער קעמפנדער מענטשהייט די נעמען זשעליאבאָוו, פּעראָווסקאַיאַ, העלפמאַן און די אַלע אַנדערע העלדן פון די נאַראָדאָ־וואָלצעס, וועלכע זיינען געווען די ערשטע אָנצוהויבן דעם אָרגאַ־ניזירטן טעראָריסטישן קאַמף קעגן דעספּאָטיזם אין רוסלאַנד און האָבן דערמיט געוויזן דעם וועג, אויף וועלכן דאָס יונגע רוסלאַנד מוז גיין, כדי צו קענען דערגרייכן יענעם צושטאַנד, ווען פריי וועלן אויפאָטעמען די פעלקער פון יענער גרויסער מדינה, פריי פון דעם טויזנט־יאָריקן יאָך, אונטער וועלכן זיי האָבן אַזוי לאַנג געשמאַכט, אַזוי אוממענטשליך געבלוטיקט.

נאָך יענעם גוואַלטיקן טויט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָט רוסלאַנד איבערגעלעבט שווערע, שרעקלעכע צייטן. א גרוי־זאַמע, א מורא'דיקע רעאַקציע האָט פאַרפינסטערט רוסלאַנד אונטער דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. דאָס איז

געווען אַ צייט פון רעוואָלוציאָנערער אומבאַוועגלעכקייט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז אויף אייביק איז אויסגעמעקט געוואָרן די טעטיקייט פון דער בראַווער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און אַז פון דער גאַנצער אָנשטריינגונג פון יענע פּיאָנערן אין דעם קאַמף קעגן דעספּאָטיע איז קיין שפּור ניט פאַרבליבן, אויסער דעם מאַרטיראָלאָג, וואָס האָט זיך קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. עס האָט זיך געדוכט פאַר אַ לאַנגער צייט, אַז יענע העלדן האָבן נאָר געווירקט אויפצורייצן די דעספּאָטישע חיה־רעה און אַז זייער טעטיקייט האָט נאָר אַרויסגערופן מער בלוטיקע מעשים פון דער טיראַנישער הערשאַפט. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער בייזער האָט אויף אייביק באַזיגט דעם גוטן, אַז דער שלעכטער האָט אויף תמיד דערשטיקט דעם גערעכטן.

און שרעקלעכער פון אַלץ איז געווען יענע רעאַקציע, וועלכע האָט זיך, אין דער צייט פון דעם דריטן אַלעקסאַנדער'ס ממשלה, צעשפּילט אין די מוחות פון די סאָציאַליסטישע דענקער, וועלכע האָבן פאַראורטיילט דעם אָרגאַניזירטן טעראָר אַלס נוצלאָז, אַלס שעדלעך אין דעם קאַמף קעגן טיראַניי. שטאַרק איז געווען די רעאַקציע. מיט זיין נאַטירלעכן טויט איז געשטאָרבן דער דעס־פּאָטישסטער פון אַלע מאָנאַרכן, אַלעקסאַנדער דער דריטער. און קיין האָפנונג האָט ניט געשיינט פאַר רוסלאַנד, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע הערשאַפט פון דעם ווייך־קעפּיקן און האַרטהאַרציקן ניקאָלאַי דעם צווייטן.

אַ מורא'דיקער קרעכץ האָט זיך דערהערט איבער דער גאַנצער פאַרפינסטערטער מדינה, ווען דער איצטיקער דעספּאָט פון רוסלאַנד איז אַרויף אויפן כסא המלוכה און ווען ער האָט געהאַלטן זיין היסטאָרישע טראָן־רעדע. יענע רעדע האָט נאָר אַ גלייכן צו זיך אין דער רעדע פון דעם אידישן מלך ר ח ב ע ם, וועלכער האָט געזאָגט צו די פאָרשטייער פון פאָלק: „אבי יסר אתכם בשוטים ואני איסר אתכם בעקרבים" — מיין פאָטער האָט אייך געשטראָפט מיט ריטער, איך וועל אייך פייניקן מיט דערנער. ווי אַ שוואַרצע אָנקלאַגע קעגן דעם איצטיקן דעספּאָט זיינען אין דער געשיכטע פאַרשריבן זיינע ווערטער, מיט וועלכע

ער האָט גענענטפערט די פֿאָרשטייער פון פֿאָלק, וואָס האָבן אויס־געדריקט, מיט פולן רעספּעקט פֿאַרן מאָנאַרך, די האָפענונג אויף וועלכע ניט איז רעפֿאָרמען: „וואַרפט אַוועק אייערע אומזיניקע פֿאַנטאַזיעס״, — האָט ער זיי געענטפערט.

ניט זעענדיק קיין האָפנונג אויף פרידלעכע רעפֿאָרמען פֿאַר זייער בלוטנדיקן פֿאָטערלאַנד, האָט זיך די יוגנט פון רוסלאַנד דערמאָנט אויף דעם וועג, דורך וועלכן פֿעלקער דערווערבן זיך פֿרייהייט. זיי האָבן זיך דערמאָנט אויף די לערן פון זייערע פֿאָרקעמפֿער, פון זייערע פּיאָנערן פון די אַכציקער יאָרן, אויף דער טאַקטיק פון די העלדן פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״. נאָך לאַנגער אונטערערדישער אַגיטאַציע האָט זיך ענדלעך געגרינדעט די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָט אַוועקגע־שטעלט דעם אָרגאַניזירטן טעראָר אַלס דעם וויכטיקסטן פּונקט אין איר טאַקטיק, ווי צו באַקעמפֿן די דעספּאָטישע מאָנאַרכיע און אויסקעמפֿן אַ בעסערע וועלט.

און ווען די ערשטע אַטענטאַטן פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ״ פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן — די קויל פון קאַרפּאָוויטש׳ן, וואָס האָט געטויט באָגאָלעפּאָוו׳ן, און די קויל פון באַלמאַשאָוו׳ן, וואָס האָט געטויט סיפּיאַגינען — האָבן נאָך אַפילו אין די רייען פון קעמפֿנדע סאָציאַליסטן אַרויס־גערופן אָנגריפן אויף אָט־דער טאַקטיק; ווען די ווייטערע אַקטן פון אָט־דער פּאַרטיי, ווי דער אַטענטאַט אויף דעם כאַרקאָווער גובערנאַטאָר, פירסט אָבאָלענסקי, און דאָס אָפּראַמען פון דעם אופימער טיראַן באָגדאַנאָוויטש, האָבן נאָך אַלץ אַריינגעבראַכט צווייפל אין די רייען פון די באַוואוסטע קעמפֿער, צי דאָס איז דער צוועקמעסיקער וועג אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף, האָט אָבער שוין דער אַטענטאַט פון סאַזאָנאָוו און סיקאָרסקי — די באָמבע, וואָס האָט באַפֿרייט רוסלאַנד פון דעם מיניסטערסקן אַרכי־טיראַן, פֿאָן פּלעווע, — אַלעמען געעפֿנט די אויגן, אַלעמען איבערצייגט, אַז דער וועג, וועלכן עס האָבן אָנגעוויזן די פּיאָנערן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג מיט זייער באָמבע פון ערשטן מערץ 1881, איז דער נויטווענדיקסטער, דער אומ־

פאַרמיידלעכער, דער צוועקמעסיקסטער וועג אין דעם קאַמף קעגן פאַרהאַרטעוועטער, פאַרקנעכטעטער, פאַרשטיינערטער דעספּאָטיע פון יאָר־טויזנטער.

ווער צווייפלט דאָס איצט, אַז סאַזאָנאָוו'ס באָמבע, וואָס האָט צעריסן פּלעווע'ן, האָט צעריסן יענע פינסטערע וואָלקנס, וועלכע האָבן באַדעקט גאַנץ רוסלאַנד און ניט געגעבן קיין מעגלעכקייט צו שטרעבן צו אַ פאַרבעסערונג? ווער צווייפלט דאָס איצט, אַז די „באָיעוואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ", וועלכע האָט פאַר־געזעצט די טאַקטיק פון זשעליאַבאָוו, פּעראָווסקאַיאַ, גרינעוויצקי, העלפמאַן, ריסאַקאָוו און די אַנדערע העלדן פון די נאַראָדאָ־וואָלצעס, האָט צעריסן דעם אומגעהייערן פעלזן־בלאָק, וואָס האָט פאַרשטעלט פאַר רוסלאַנד דעם שיין פון יעדער האָפענונג צו קענען שטרעבן פאָרווערטס?

אזוי האָט זיך דאָס פאַרווירקלעכט יענע נבואה, וועלכע עס האָבן פאָרגעזאָגט די העלדן פון ערשטן מערץ 1881. אזוי האָט זיך דאָס פאַרווירקלעכט יענע האָפענונג, וואָס עס האָבן ארויס־געזונגען די נאַראָדאָוואָלצעס אין זייער הארציקן ליד, מיט וועלכן זיי האָבן באַגלייט צו אייביקער רו די גרויסע מארטירער פון דעם פּיאָנערן־קאַמף, וואָס זיי האָבן געפירט:

„עס וועט קומען יענע זעגנרייכע צייט,
ווען פון אונזער געביין
וועט אויפשטיין אַ מעכטיקער ראכענעמער
און שטאַרקער פון אונז וועט ער זיין."

די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן מיט איר העל־דישער „באָיעוואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ", וועלכע מען מוז היסטאָריש רעכענען אַלס דירעקטן יורש פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", איז אָט דער מעכטיקער ראכע־נעמער, און מעכטיק דערפאַר, ווייל אָט־די טאַקטיק איז שוין די אנערקענטע פון דער גאַנצער שטרעבנדער רוסלאַנד. ניטאָ איצט שוין קיין מענטש אין רוסלאַנד, וואָס זאָל ניט ווייסן און ניט אנערקענען, אַז ווען ניט די באָמבע, וואָס האָט אָפּגעראַמט פּלעווע'ן, וואָלטן זיך

די טויערן פון שליסלבורג קיינמאָל ניט געעפנט. עס וואָלט איצט נאָך קיין דומא ניט געווען אין רוסלאַנד און עס וואָלט ניט געווען יענע זיכערע דערוואַרטונג, אַז ניקאָלאַי דער צווייטער וועט זיין ניקאָלאַי דער לעצטער. ווען עס וואָלט ניט געווען קיין אַנדריי זשעליאַבאָוו אין 1881, וואָלט ניט געווען קיין ג ר י ג אָ ר י ג ע ר ש ו נ י איצט.

און ווען די קינדערלעך פון אַ באַפרייטער רוסלאַנד וועלן לייענען די געשיכטע פון דעם קאַמף פאַר זייער באַפרייאונג, וועלן זיך זייערע אויגעלעך, בליצנדיק פון באַגייסטערונג און אָנגעפילט מיט טרערן פון דאַנקבאַרקייט, אָפּשטעלן אויף יענע נעמען פון די העלדן פון דעם ערשטן מערץ, 1881, וועלכע זיינען געווען די ערשטע צו באַלייכטן אין רוסלאַנד דעם יאַמער־טאָל פון מענטשן־בלוט און מענטשן־טרערן און ווייזן דעם וועג, ווי צו דערגרייכן די ענדלעכע באַפרייאונג.

(„די וואָרהייט“, ניו יאָרק, 16 מערץ, 1907)

# פעטער לאַווראָוויטש לאַווראָוו

אין דער גליקלעכער צוקונפט פון א באפרייטער מענטשהייט, ווען מען וועט רעכענען די טאטן און לייענען די ווערטער פון די גרויסע קעמפער פאר דער וועלט-באפרייאונג, וועט איינס פון די הערלעכסטע בלעטער פון איר געשיכטע פארנעמען דער נאָמען פ ע ט ע ר  ל א ו ו ר אָ ו ו. און לאנג נאָך וועט פאר די יונגע דורות שיינען אָט דער נאָמען ווי א גלענצענדער שטערן, ווי א וועג-ווייזער אין דער וויסטעניש פון שקלאפעריי און אונ־טערטעניקייט, — א געזעגונגס-קוואל פון אמת און מענטשן-ליבע.

אין משך פון צענדליקע יאָרן איז לאַווראָוו פאר יונג-רוסלאנד געוועזן לערער, פריינט און חבר — אן אלטער, וועלכער איז ביזן קבר געבליבן יונג, אן אומבויגזאמער רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז אין זיינע געפילן געוועזן צערטלעך און זאַנפט, ווי א ליבנדע מוטער. זעלטן איז אין דער וועלט צו געפינען אזא טיפן פרייהייטס-דענקער; זעלטן איז צו געפינען אין איר אזא אייפריקן קעמפער; נאָך זעלטענער איז צו געפינען אין איר אזא ווארהייטלעכע נאטור. אָבער זעלטענער פון אלץ איז צו געפינען אין אונזער וועלט אזא ל י ב נ ד ע  נשמה! בלויז די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָ־נערער רוסלאנד; די געשיכטע, וואָס האָט דער וועלט געליפערט אזעלכע גבורים אין קאמף פאר א בעסערער וועלט, אזעלכע נאָ־בעלע זעלן פון מענטשן-ליבע, ווי א  ב ע ל י נ ס ק י,  ה ע ר־צ ע ן,  אָ ג אַ ר י אָ ו,  ב אַ ק ו נ י ן,  מ י כ אַ י ל אָ ו,  ט ש ע ר נ י ש ע ו ו ס ק י,  פ י ס אַ ר ע ו,  ד אָ ב ר אָ־ל י ו ב אָ ו, — נאָר אָט די געשיכטע האָט אונז געקאָנט געבן אויך א  ל אַ ו ו ר אָ ו ו.

זאָל די פילאָזאָפיע פון דער פאָרשריטס-געשיכטע, אויפן

פעלד פון וועלכער לאַווראָוו איז געווען אַן אומדערמידלעכער פאַר־שער, — זאָל זי אָפּשאַצן די אַרבעט פון אַט דעם גרויסן דענקער. פאַר אונז, רוסישע יונגע לייט, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט דורך זיינע געדאַנקען, וועלכע האָבן פון זיין אידייען־קוואַל געשעפּט אַזויפיל גייסטיקע נאַרונג, אין וועמעס מוחות ער האָט אריינ־געגאָסן אַזויפיל ליכט, אין וועמעס הערצער ער האָט אַזוי גע־וואַרעמט דאָס בלוט, אין וועמעס פריסטע יוגענט ער האָט אַרויס־גערופן דעם גייסטיקן „איך“, דעם גלויבן אין א בעסערער מענטש־הייט, די ערהאַבענסטע באַשטרעבונגען, — פאַר אונז איז דער נאָמען ל א ו ו ר אָ ו ו פאַרבונדן מיט אַלעם אידעלע און גוטע, וואָס איז אין אונז ווען אַמאָל געווען, וואָס האָט אַמאָל באַגייסטערט אונזער לעבן; מיט יענער זעלן־ריינקייט, אין וועל־כער עס האָט זיך אין אונז אָפּגעשפּיגלט א נייערע, א פרייערע וועלט. און ווען די אויגן ווערן איצט אַזוי פייכט פון א טרער, און עס פילט זיך אַזוי יתומ'דיק אין אונז ביי דעם טויט פון דעם גרויסן לערער, פון אונזער גייסטיקן דערציער, איז עס דאָס בייג־קען, דער נשמה־ווייטיק נאָך יענע זיסע, ליכטיקע און האַרציקע יוגענט־יאָרן, וואָס זיינען אַזוי פאַרדאָרבן און פאַרשטאָרבן גע־וואָרן אין אונז, און וועלכע עס וואָלט זיך אַזוי וועלן מיט דעם פאַרצווייפלונגס־געשריי פון א שמאַכטנדיקער זעלע רופן צוריק צו פרישן אויפלעבן, צו נייער באַגייסטערונג.

---

ווי פילע פון די בעסטע רוסישע פרייהייטס־קעמפער איז פּעטער לאַווראָוו געבוירן געוואָרן (1823) אין א פאַמיליע פונם רייכן רוסישן אַדל. זיין זיידע איז געווען — ווי מען האָט עס דאַן גערופן — „גענעראַל־אַדיוטאַנט“ פונם גראַף א פ ר אַ ס־ק י ן. זיין פאָטער איז געווען פּאַלקאָווניק אין דער רוסישער אַרמיי און א רייכער גוטבאַזיצער. זייענדיק א געטרייער דינער פונם קייזער, האָט דער פאָטער צוגעגרייט זיין זון צו א מיליטע־רישער קאַריערע, און צו פערצן יאָר (1837) איז ער אַריינגעגעבן

געוואָרן אין אן אַרטילעריע-שול. שוין אין דער פריסטער יוגענט האָט זיך אין לאווראָוו׳ן ארויסגעוויזן די ליידנשאפט צו שריי־בעריי. און ווי עס איז דאָס רוב דער פאַל מיט דער אריסטאָ־קראַטישער יוגענט, האָט ער אָנגעהויבן מיט פאַרפאַסן גערדיכטע. אין 1840 איז שוין איינס פון זיינע גערדיכטע געווען געדרוקט.

באַמערקנסווערט איז, אז דעם גריבלנדיקן פילאָזאָף האָט מען שוין אין אים געקאָנט מערקן, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר פופצן. „ער האָט שוין דאַן געהאט אויסגעארבעט זיינע אן אייגענע פילאָזאָפיע. ער איז געווען איבערצייגט, אז אַלץ, וואָס טוט זיך אין דער וועלט, קומט פאָר אויפן גרונט פון אייביקע, אומ־פאַרענדערלעכע געזעצן. ער האָט נאָך דאַמאָלס געגלויבט אין גאָט, האָט אָבער געגלויבט, אז גאָט אליין, וואָס האָט באשאפן אָט די אייביקע געזעצן, איז שוין ניט אימשטאַנד זיי צו ענדערן, אַזוי אז פאַר קיין געטלעכער השגחה בלייבט קיין פּלאַץ ניט אין דער וועלט.״

זייענדיק נאָך אין דער אַרטילערי־שול, האָט זיך לאווראָוו אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט פּאָליטישע און סאָציאַלע אידייען און איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. די ערשטע סאָציאַליסטישע גע-דאַנקען, וואָס האָבן אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק — דערציילט זיין ביאָגראַף — זיינען געווען די סאָציאַליסטישע קריטיקן אויף דער מאָדערנער הייראַט און דעם היינטיקן פאַ-מיליען־לעבן.

געענדיקט די מיליטער־שול צו 19 יאָר, איז ער געוואָרן אָפיציר און אין צוויי יאָר ארום (1844) איז ער גערופן געוואָרן אלס אונטערריכטער פון העכערער מאַטעמאַטיק אין דער אַרטי־לעריסקער אַקאַדעמיע. די „נאַטשאַלסטוואָ״ האָט זייער געאַכט און רעספּעקטירט דעם יונגן געלערנטן. זיין אייגנטלעכער ארויס־טריט אויפן ליטעראַרישן געביט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אין די פופציקער יאָרן, נאָך דעם טויט פון ניקאָלאַי. עס זיינען אינטע-רעסאַנט די „פאַרבאָטענע גערדיכטע״ זיינע, וועלכע פלעגן זיך נאָך פריער פאַרשפּרייטן ניט געדרוקטע. אין זיי האָט זיך שוין

געזוען דער רעוואָלוציאָנער. אין איינעם פון אָט דעם סאָרט גע־דיכטע, געשריבן אין 1852, זאָגט ער:

„איר קעניגע פון דר'ערד, איר פירער פון פאָלק,
ווי די פאַלנדע שטערן וועט פאַרשווינדן אייער מאַכט,
און פאַרפלוכט וועט איר ווערן פון דור צו דור.
איילט זיך צו שטייגן, אום שרעקלעכער צו פאַלן."

ער האָט, אָבער, נאָך דאַן געהאַלטן, אַזוי ווי די פּאָליטישע ליבעראַלן פון יענער צייט, אַז אַ ק אָ נ ס ט י ט ו צ י ע איז נייטיק פאַר דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד. דאָס איז געווען ניט לאַנג נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרויף אויפן טראָן. עס איז כדאי צו דערמאָנען אייניקע שורות פון זיינע געדיכטע אין יענער צייט (1857), וואו ער דריקט אויס זיין פּראָ־טעסט קעגן הימל:

„ניין, גאָט איז אומבאַרמהאַרציק! אומזיסט זיינען די טרערן,
ער פילט ניט מיט דעם מענטשנס שמאַרצן;
רואיק קאָן ער דעם סקריפּ פונם טרוקענעם בוים הערן,
דאָס זשומען פון בין און דאָס געוויין פון האַרצן.
ניין, ער איז אומבאַרמהאַרציק. לויט פעסטע געזעצן
פאַרשווינדן די דורות אין אייביקן תהום,
און עס פאַרגייען וועלטן און עס פאַלן די טראָנען,
און מיט בלוט פליסט דער געשיכטלעכער שטראָם."

אין אָט דער צייט איז ער שוין אַרויף אויף דעם ליטעראַרישן וועג. זיין אָפּהאַנדלונג איבער דער לערע פון ה ע ג ע ל, וועל־כע איז דערשינען אין אַ זשורנאַל, האָט אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פונם געבילדעטן עולם. ער איז געוואָרן מיט־אַרבעטער אין „סאָווראַמעניק". אין רוסלאַנד האָט זיך דאַן אָנ־געהויבן אַ לעבעדיקע צייט, דאָס ווייען פון אַ נייער עפּאָכע. עס האָט זיך אין דער לופט געטראָגן אַ פריש, ניי אויפלעבן. געזעל־שאַפטלעכע פראַגן האָבן אָנגעהויבן עפנטלעך דיסקוטירט צו ווערן. דאָס איז געווען די צייט, ווען ט ש ע ר נ י ש ע ווס ק י האָט באַגייסטערט די מוחות מיט זיינע שריפטן; ווען נ ע ק ר אַ־ס אָ ו האָט געוואַרעמט די הערצער מיט זיינע לידער; ווען

הערצען האָט מיט זיין פייערדיקער שפּראַך געבראַנדמאַרקט דאָס אַלטע, אָפּגעלעבטע, — עס איז געווען אַ יום־טוב'דיקע צייט פון לעבעדיקע שטרעמונגען אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און אין דער ליטעראַטור. לאווראָוו איז וואָס ווייטער אַלץ נענטער צוגעשטאַנען צו די ראַדיקאַלערע עלעמענטן; ביז אין 1860 זיינען דערשינען זיינע אַרטיקלען איבער דער באַדייטונג פון דער פּערזאָן אין דער געשיכטע. אָט די אַרטיקלען זיינען געווען געווידמעט צו אַלעקסאַנדער הערצען און פּיער פּרודאָן. ער האָט זיך, הייסט עס, דאַן שוין גערעכנט פון זייער חדר.

אין 1862 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אַלס מיטגליד פון דעם רעוואָלוציאָנערן פאַראיין „זעמליא אי וואָליא" (ערד און פריי־הייט). דאָרט איז ער ערשט פּערזענלעך באַקאַנט געוואָרן מיט טשערנישעווסקי'ן. דאָס איז שוין געווען ניט לאַנג פאַר טשער־נישעווסקי'ס פאַרהאַפטונג. אין 1866, נאָך דעם אַטענטאַט פון קאַראַקאָזאָוו, איז לאווראָוו אַרעסטירט געוואָרן. אַ מיליטעריש געריכט האָט אים פאַראורטיילט צו זיצן אַ קורצע צייט אין געפענקעניש. וואָרים עס זיינען קעגן אים ניט געווען קיין דירעקטע באַווייזן, נאָר אַז „ער איז געווען אין סימפּאַטיע מיט די שונאים פון דער רעגירונג און אַז ער האָט שריפטלעך פאַרשפּרייט שעדלעכע אידייען". אָבער אָט דער אורטייל איז באַלד פאַרביטן געוואָרן אויף אַ שטרייגערן. אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט גוטגעהייסן דעם שטרייגערן אורטייל, לויט וועלכן פּעטער לאווראָוו האָט געמוזט אַרויס פון מיליטער־דינסט און טשין פון אַ פּאָלקאָווניק, און ער איז פאַרשיקט געוואָרן צו וואוינען אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל, אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי.

אָט דאָס לעבן איינזאַם אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון אַ טרויע־ריקן שטעטעלע, שטענדיק אונטער דער אויפזיכט פון צוויי ספּע־ציעלע זשאַנדאַרן, האָט פונדעסטוועגן ניט צעבראָכן דעם מוט, דעם גייסט פונם דענקער און ניט געמינדערט זיין שאַפונגס־קראַפט. דאָרט זיינען עס באַשאַפן געוואָרן פיל פון זיינע ווערק. זיי זיינען דערשינען אין זשורנאַל־אַרטיקלען, אין „נייעדיעליא"

און אין זשורנאל „אַטיעטשעסטווענייא זאַפּיסקי״, אונטער דער רעדאַקציע פון נעקראַסאָוו. דאָן האָט עס לאַווראָוו געשריבן אונ־טער דעם באַרימטן פּסעוודאָנים „מירטאָוו״. און אין יענער צייט איז דאָס אויך באַשאַפן געוואָרן זיין ווערק, וואָס האָט געהאַט די וויכטיקסטע ווירקונג אויף דער רוסישער יוגענט: די „היסטאָ־רישע בריוו פון מירטאָוו״. דאָס איז ניט געווען זיין גרעסט ווערק, אָבער איך גלויב, מען מעג זיך דערלויבן צו זאָגן, אז דאָס איז געווען זיין בעסט ווערק בנוגע זיין ווירקן צו באַגייסטערן די יוגענט צו א העכערן אידעאַלן שטרעבן. די ווירקונג פון אָט די היסטאָרישע בריוו איז געווען אן אומגעהייערע. אָט ווי לאַוו־ראָוו׳ס ביאָגראַף גיט איבער זייער דערפאָלג:

„אך, מען האָט געדאַרפט לעבן אין די זיבעציקער יאָרן, אין דער עפּאָכע פון גיין צום פאָלק, כדי צו זען ארום זיך אליין דעם וואונדערלעכן רושם, וואָס עס האָבן געמאַכט די היסטאָרישע בריוו! פילע פון אונז, נאָך גאַנץ יונגע צו יענער צייט, מאַנכע נאָך גאָר אינגלעך, האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם קליי־נעם, אויסגעלייענטן, אויסגעריבענעם ביכל. עס איז געלעגן ביי אונז צוקאָפּנס, מען האָט געטאָגט און גענעכטיקט דערמיט. און ביינאַכט, זיצנדיק איבערן ביכל און לייענענדיק, פלעגן טריפן אויף די ווערטער אונזערע זודיקע טרערן פון אידעאַלער באַגייס־טערונג, וועלכע האָט אונז דורכגענומען מיט דעם ברענענדיקן דאָרשט צו לעבן פאַר די ערהאַבענע אידייען און צו שטאַרבן פאַר זיי . . . און ווי האָבן זיך געצאַפּלט אונזערע הערצער מיט פרייד, מיט א געטלעכער פרייד! אין וואָס פאַר א ריזן־גרויס־קייט האָט זיך פאַר אונז פאַרגעשטעלט דאָס בילד פונם פערזענ־לעך אומבאַקאַנטן, אָבער אונזער אייגענער אין די געדאַנקען, אונ־זער „גוטער לערער״, וועלכער איז ווייט פון אונז אין פּלאַץ, אָבער אזוי נאָענט צו אונזערע הערצער, באַגייסטערנדיק אונז צו קעמפן באמת, אָן שום פּניות, פאַר די הויכע פּרינציפּן! פריער האָבן מיר זיך באַגייסטערט פאַר פּיסאַריעוו׳ן, וועלכער האָט צו אונז גערעדט איבער די גרויסע נוצן פון נאַטור־וויסנשאַפטן, כדי פון א מענטשן זאָל זיך אויסאַרבעטן א „דענקנ־

דער רעאליסט". מיר זיינען אלע געווען באריט צו אויסארבעטן פון זיך אזעלכע „דענקנדע רעאליסטן", וועלכע זאלן לעבן אין נאמען פון זייער „אנטוויקלטן עגאאיזם", פארוואָרפנדיק אלע אויטאָריטעטן און שטעלנדיק זיך אלס צוועק די דערגרייכונג פון א פרייען, גליקלעכן לעבן פאר זיך און פאר אלע. וואס דענקען גלייך מיט אונז. אָבער אַט איז פּלוצלינג דערשינען א קליין ביכל, וואס זאָגט אונז, אז אויף נאטור-וויסנשאפטן אליין שטייט נאָך ניט די וועלט; אז מיט צושניידן אנאטאָמיש א ליוהאשקע ווערט נאָך ניט אלץ אויפגעטאָן; אז עס זיינען דאָ אנדערע וויכטיקע מענטשלעכע פראגן. עס איז דאָ געשיכטע, עס איז דאָ מענטש־לעכער פּראָגרעס, עס איז דאָ ענדלעך, דאָס פאָלק, דאָס הונגערנ־דע, אויסגעמאטערטע ארבעטער־פאָלק, וואס האלט אויף זיינע שול־טערן די גאנצע געביידע פון דער ציוויליזאציע און וואס גיט אונז די מעגלעכקייט צו שטודירן, צו סעקטירן ליוהאשקעס און באַ־שעפטיקן זיך מיט די אלע אנדערע וויסנשאפטן; עס איז דאָ, ענדלעך, אונזער אומבאצאָלטע פליכט צום פאָלק, צו דער גרוי־סער מאסע פון דער ארבעטנדער און שאפנדער מענטשהייט.

„מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואס פאר א שטורם פון נייע גע־דאנקען און נייע געפילן עס איז פאָרגעקומען אין אונזער זעל! ווי פאר'מיאוס'ט עס זיינען אונז געוואָרן אונזערע קליינלעכע בורזשואזנע פּלענער — די רעכענונגען, ווי צו פאַרזאָרגן זיך מיט פערזענלעכן גליק! צום טייוול מיט דעם „פערזענלעכן עגאאיזם" און מיט דעם „דענקנדן רעאליזם" און צום טייוול מיט די ליוהאש־קעס און אנדערע וויסנשאפטלעכע זאכן, וועלכע האָבן אונז דער־וייטערט פון ליידנדן פאָלק! פון היינט אָן באלאנגט אונזער גאנץ לעבן צו די מאסן, און נאָר אוועקגעבנדיק היילִיק אונזער צייט און אונזערע קרעפטן פאר דעם טריאומף פון דער געזעל־שאפטלעכער וואָרהייט, האָבן מיר געקאָנט בלייבן ערלעך און גע־טריי צו אונזער פאָלק און צו דער גאנצער מענטשהייט."

יאָ, דאָס איז געווען די ווירקונג, וואס עס האָבן געהאט די געדאנקען פונם אומשטערבלעכן גרויסן לערער. די יעניקע, וואס האָבן זיך דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראטור, וועלכע האָבן

נאָך אין אונזערע יאָרן — אין סוף פון די זיבעציקער און אָנהויב פון די אכציקער — אריינגעזויגן אין זיך דאָס ביסל גוטס און דערהויבנס, וואָס איז פארבליבן פון די זיבעציקער יאָרן אין רוס־לאַנד; די, וואָס האָבן אליין אין זיך דאָס אַלץ דורכגעדאכט און דורכגעפילט, און אין וועמעס הארץ עס האָט דערוועקט די זויי־בערסטע געפילן, די ריינע ליבע צום אידעאַל, — יענע קאָנען עס פילן און אין יענע מוז זיך שטענדיק דערוועקן די ברענענדיקע זענזוכט, דאָס האַרציקסטע בייינקען נאָך יענער יוגנט־צייט פון אויפאָפּפערונג, פון באגייסטערונג, פון הייליקער, פייערלעכער שטימונג צו לעבן און צו שטארבן פארן אידעאַל פון גליק פאר דער גאנצער מענטשהייט . . .

מיט דעם ענדיקט זיך לאַווראָוו׳ס לעבן אין רוסלאַנד. זע־ענדיק, אז ער וועט בלייבן דאָס גאנצע לעבן פארשיקט אין יענעם פארוואָרפענעם קליין־שטעטל, האָבן די רעוואָלוציאָנערן געזוכט אויסצופירן א פּלאַן פאר זיין אנטלויפן. לאָפּאַטין האָט אים געבראכט קיין פּעטערבורג, און פון דאָרט איז לאַווראָוו אָפּגעפאָרן קיין פּאַריז. אָט דאָס אנטלויפן פון זיין היימלאַנד איז אויך גע־ווען פארבונדן מיט ריזיקאַלע, געהיימניספולע געשעענישן, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס די געוואגטע אונטערנעמונגען פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן און מיט וועלכע עס איז אזוי רייך די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד.

אין אויסלאַנד איז לאַווראָוו ניט געבליבן אומטעטיק. דאָ האָט זיך פאר אים ערשט אנטוויקלט א ניי לעבן. ער איז דאָ באַ־פריינדט געוואָרן מיט דעם העלד פון דער פּאַריזער קאָמונע, וואַרלען, און איז אריינגעטראָטן אלס מיטגליד אין אינ־טערנאַציאָנאַל. אים איז געווען באַשערט אליין דורכצולעבן אויפן פּלאַץ די גרויסע געשעענישן אין פראַנקרייך, אין צייט פון דער דייטש-פראנצויזישער מלחמה: די באַלאַגערונג פון פּאַריז, דאָס אנטשטיין און דאָס פאַלן פון דער קאָמונע. דאָס האָט אים גע־געבן די מעגלעכקייט צו שאפן זיין וויכטיק ווערק איבער דער קאָמונע. ער האָט עס אליין געמוזט דורכלעבן צו זען, ווי די קאָ־

מונע איז פאַרטרונקען געוואָרן אין די טייכן בלוט פון פאַריזער פּראָלעטאַריאַט.

אָנהויב מאַי, ווען אַלץ האָט געהאַלטן ביים זינקען — אַזוי גיט איבער זיין ביאָגראַף — האָט לאווראָוו געמאַכט אַ פאַרזוך צו באַקומען הילף פאַר דער קאָמונע אויסערהאַלב פראַנקרייך. ער האָט געוואָלט ווענדן זיך נאָך הילף צום „אינטערנאַציאָנאַל". איז ער צוליב דעם צוועק געפאָרן קיין בעלגיע און דערנאָך קיין לאָנדאָן. אָבער ער האָט געמוזט ווערן אַנטוישט אין אָט דער האָפנונג. „די אורזאַך דערפון איז געווען, וואָס אין יענער צייט האָבן ניט בלויז די שונאים, נאָר אויך די פריינט פון אינטער־נאַציאָנאַל זיך געניאַרט אין דער קראַפט און אין דער באַדייטונג פון אָט דער אָרגאַניזאַציע. מען האָט גערעדט וועגן גאַנצע פיר מי־ליאָן מיטגלידער, וועלכע עס ציילט די אָרגאַניזאַציע, און וועגן איר קאָנציקע און פעסטע מאַכט, דורך איין סיגנאַל צו דערהויבן אָט די מיליאָנען מענטשן, ווען עס איז נייטיק, צו אַ באַשטימטן צוועק. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז ווען לאווראָוו האָט זיך גע־ווענדט פערזענלעך צו מאַרקס'ן און צו די אַנדערע מיטגלידער פונם גענעראַל-ראַט פון אינטערנאַציאָנאַל, איז די לאַגע פון דער אָרגאַניזאַציע געווען אַזאַ, אַז זיי זיינען ניט געווען אַפילו אימ־שטאַנד צו אַראַנזשירן אַ דעמאָנסטראַציע צו גונסטן פון דער קאָמונע . . ."

אין דער גאַנצער צייט דערנאָך האָט לאווראָוו זיך באַשעפ־טיקט מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, האָט פיל געשריבן פאַרן סאָציאַליזם און איז געווען טעטיק פאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד. ער איז אַ צייט־לאַנג געווען רעדאַק־טאָר פון דער רעוואָלוציאָנערער צייטונג „וופעריאָד", און אין 1883 איז ער געוואָרן רעדאַקטאָר פון „וועסטניק נאַראָדני וואָלי", דער באַרימטער זשורנאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. די איבעריקע צייט האָט ער אומדערמידלעך געאַרבעט ביי זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען.

אָבער ווער עס האָט געקענט פעטער לאווראָוו'ן בלויז פון זיינע ווערק, זאָגט מען, יענער האָט נאָך לאווראָוו'ן ניט געקענט.

מען האָט געמוזט זיין מיט אים פערזענליך גענוי באַקאַנט, לעבן מיט אים צוזאַמען, כדי צו וויסן, וואָס לאַווראָוו איז געווען, — די באַשיידענע נאַטור פון אַן אמת גרויסן מענטשן. זיין פּרינציפּ איז געווען צו זיין אין דער פּראַקטיק אַזוי ווי אין אידעאַל, צייגן מיטן איינענעם לעבן אַ ביישפּיל, לעבן לויט די איבערצייגונגען און מאַכן פּראָפּאַגאַנדע דורך ריינעם, אידעאַלן לעבן.

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי האָט געווירקט אָט דער גרויסער דענקער, לערנענדיק אונז צו קעמפן, צו לעבן און צו ליבן. יאָ, אין די ליכטיקע טעג פון אַ גליקלעכער צוקונפט, ווען מען וועט לייענען די ווערטער און ציילן די טאַטן פון די נאָבעלע קעמפער פאַר דער מענטשהייטס באַפרייאונג, וועט דער נאָמען פּעטער לאַווראָוו פאַרנעמען איינעם פון די גלענצענדסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון העכערן שטרעבן, און מיט אייביקער הייליקייט וועט פאַר אונז תמיד קלינגען אָט דער נאָמען, וועלכן מיר האָבן, צום גרעסטן טייל, צו פאַרדאַנקען אונזער בעסערן „איך“, דעם הייליקן גלויבן אין אידעאַל, אונזער אמת'ע נשמה.

(„פרייע געזעלשאַפט“, מערץ 1900)

# „דאָס ליד פונם העמד" און זיין פּאַרפאַסער: טאָמאַס הוד

ווער פון די, וועלכע האָבן געלייענט אָדער געהערט „דהי סאָנג אָוו דהי שוירט" (דאָס ליד פונם העמד), וואו עס ווערן געשילדערט די יסורים פון דער אָרעמער נייטאָרין, האָט זיך געקענט איינהאַלטן ניט ארויסצולאָזן א טרער! עס איז ניטאָ קיין איין אייראָפּייאישע שפּראַך, אין וועלכער אָט־דאָס ליד פון טרערן און וויטיק זאָל ניט זיין איבערזעצט, און עס איז ניטאָ אזא קאַלט האַרץ, וואָס זאָל פון אָט־דעם ליד ניט זיין גערירט. איר הערט, ווי די אָרעמע באַוויינט איר ביטערן גורל:

„...איך ניי! — אָבער ניי — ווידער ניי!
פון מאָרגן ביז שפּעט אין דער פינסטערער נאַכט,
ניי! פּראַצעווע, פּראַצעווע — ניי!
אַזוי ווי פאַרברעכער אין צוכטהויז פאַרמאַכט;
די באַנד און די מערלע — דער זוים,
די מערלע, דער זוים און די באַנד!
ביז איך פיל מיין קאָפּ אויף די שולטערן קוים,
מיין מוח פאַרווירט און שוואַך מייבע הענט.
ניי! פּראַצעווע, פּראַצעווע — ניי!
ביים פינסטערן ליכט פונם דעצעמבער־טומאַן;
איך ניי! — אָבער ניי — ווידער ניי!
אין ליבלעכסטן פרילינג, וואָס געבן נאָר קאָן,
ווען אונטערן דאַך אין איר נעסט זיצט די שוואַלב,
און ווייזט מיר פון ווייטן די ליכטיקע זון —
און ווייזט מיר דעם פרילינג און פרעגט מיך וועסחאלב
איך זע דאָס אַלץ צו און געניס ניט דערפון..."

און ווי זי בעט זיך:

„אָ, איין מאָל נאָך שעפּן וואָלט איך פרייע לופט,
די רויזן און ליליען שמעקן אַזוי זיס,

די בלומען, צו וועלכע דאָס פויגעלע רופט!
דעם הימל פון אויבן — גראָז אונטער די פיס...
נאָר איין קורצע שעה דאָרט זיין פארן טויט,
צו שלינגען די לופט, וואו אַ ווינטעלע בלאָזט..." *)

**
*

דער פּאָרפּאָסער פון אָט־דעם ליד, ט אָ מ א ס  ה ו ד, איז שוין לאַנג געשטאָרבן, אָבער זיין נאָמען איז געבליבן אומשטערבלעך — און דעם 23טן מאי, 1898, אין דעם פּאָעטס הונדערטסטן געבורטסטאָג, האָט די ליטעראַרישע וועלט באַצירט מיט קראַנצן זיין קבר.

טאָמאַס הוד איז געבוירן געוואָרן אין לאָנדאָן, דעם 23טן מאי 1798 און איז אַלט געווען בלויז 47 יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן, — געשטאָרבן, ניט מורא האָבנדיק פארן טויט, אָבער דענקנדיק, ווי עס זינגט זיך אין זיינעם אַ געדיכט:

"מעגלעך, אַז דאָרט, אויף יענעם זייט לאַנד,
לעבט מער ניט אויף דעם מענטשנס פאַרשטאַנד."

דער פּאָעט איז זיין גאַנצן לעבן געווען אַ שוואַכער און קרענקלעכער מענטש, אָבער נאָך זיין גייסט איז כמעט קיין גלייכן ניט געווען צו אים אין פרישקייט, לעבעדיקייט און הייטערקייט. ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגל האָט מען שוין אין אים באַמערקט גוניאַלע פּיאַיקייטן, שאַרפזיניקייט און ליכטיקן שכל. אין דער ווירקלעכקייט ווייסט מען זייער ווייניק פון זיין לעבן. מען ווייסט וועגן אים בלויז דאָס, וואָס מען האָט געלייענט אין זיינע „ליטעראַרישע עראינערונגען" און וואָס מענטשן, וועלכע האָבן אים געקענט נענטער, האָבן דערציילט. אין זיינע „ליטעראַרישע עראינערונגען" זאָגט ער:

„עס איז ניטאָ אין דער ליטעראַטור קיין איין מאַן, וואָס

---

*) אנטנומען פון דער פרייער איבערזעצונג, אויס דעם ענגלישן, פון מ. ווינטשעווסקי, איז בלויז אַ טייל פונם ליד.

זאָל ניט האָבן, מער ווי איך, צו דערציילן וועגן זיין פּריוואַט־לעבן. איך האָב ניט איבערוועלטיקט קיין שוועריקייטן און ניט געהאַט קיין באַזונדער גליק, און קיין וויכטיקע צופאַלן האָבן אויך אין מיין לעבן ניט פּאַסירט. „מעשות", געזונט זאָלט איר זיין, האָב איך אויך קיינע צו דערציילן, מיין הער!..."

דעריין זעט זיך אויך הוד'ס אָריגינאַליטעט. ער האָט געהאַט אַ צו הייטערן פאַרשטאַנד, צו לייגן אַ טרויעריקע וויכטיקייט אויף יעדער שוועריקייט אין זיין לעבן, אָדער רעכענען יעדן צופאַל אין זיין לעבן פאַר אַ זאַך, וועגן וועלכער מען דאַרף אָנדולן דעם לעזער אַ קאָפּ. ווען ער שרייבט וועגן זיך, קענט איר זיך ניט איינגעהאַלטן פון לאַכן, פון דעם הייטערן וויץ, פון דעם פרישן הומאָר, פון דעם אנגענעם קיצלדיקן שכל, וואָס ליגט אין יעדן זאַץ. לײדער איז שווער עס איבערצוגעבן אין אידיש, ווייל די הויפּטקונסט ליגט דאָרט אין דעם וואָרטשפּיל, וואָס קען מער ניט האָבן אין זיך קיין וויץ, ווען עס ווערט איבערגעגעבן אין אַן אַנדער שפּראַך, ער ענדיקט וועגן זיך אַזוי:

„קורץ, מיין לעבן, אַזוי וואַר ווי איך לעב, איז ניט ווערט ניט צו נ ע מ ע ן, ניט צו געבן. עס איז נאָר געגוג פאַר מיר אויף צו לעבן, און פאַר אַן אַנדערן איז אין דעם ווייניק דאָ צו פאַראינטערעסירן. דערצו האָב איך אַ קורצן זכרון, און שרייבן אַ פערזענלעבע געשיכטע וואָלט הייסן שרייבן נאָר אַ מיטן, ווייל דעם אָנפאַנג געדענק איך ניט און דעם סוף זע איך ניט. איך קען, אַלזאָ, ניט געבן מיין לעבן פאַר דער וועלט — לכל הפחות, ביז עס האָט זיך ניט געענדיקט..."

נאַטירלעך, ווען דאָס לעבן האָט זיך געענדיקט, קען מען מער ניט שרייבן. אָבער הוד'ס פריינט האָבן געהאַט צו דערציילן וועגן געגוג שוועריקייטן אין זיין לעבן. ער האָט כמעט אָפּגעלעבט אַ לעבן דורכאַוים פון צרות. „שטענדיק אויפן קראַנקן־בעט, מיט לעכער אין טיר, און דער דרוקער־יונג וואַרטנדיק אויף מאַנו־סקריפּט, אַזוי האָט ער געמוזט שרייבן צוויי דריטל פון זיינע שריפטן", דערציילט וועגן אים ה ע נ ל י אין „וויוס ענד רעוויוס". הוד האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכן אַ לעבן אַלס אַ

שרייבער, אָדער צו שרייבן פאַר געלט, ווען זיין שוואַכער געזונט האָט אים מער ניט דערלויבט צו טאָן וואָס פאַר עס איז אַנדער אַרבעט. נאָכדעם ווי ער איז אַרויס פון שול, איז ער אַריינגעטראָטן אַלס קלערק אין אַ געשעפט. אָט־די באַשעפטיקונג האָט ער דערנאָך פאַרביטן אויף דעם לעבן פון אַן אַרבעטער. ער איז געוואָרן אַ גראַווירער. ביי אָט־דער אַרבעט האָט זיך אויסגעצייכנט זיין טאַלאַנט אין צייכענען קאַריקאַטורן.

זיין ערשטער ערנסטער אַרויסטריט, אַלס שרייבער, איז געווען אין 1821, ווען ער איז, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס, „געקרוינט געוואָרן אַלס אַ מין אונטער־רעדאַקטאָר" פון „דהי לאָנדאָן מאַגאַזין", אַ זשורנאַל, וואָס איז דאַן אַרויסגעגאַנגען אין לאָנדאָן. דאָרט האָט ער זיך באַפריינדעט מיט די בעסטע דאַמאָלסדיקע שרייבער. זיין אַרבעט איז פון אָנפאַנג באַשטאַנען אין מאַכן די קאָרעקטור און שרייבן די ענטפערס צו קאָרעספּאָנדענטן. אין אָט־די ענטפערס, ווי מען רופט עס, אין „בריווקאַסטן", האָט ער זיך שוין אויסגעצייכנט מיט זיין הומאָר. די הויפּט קונסט איז דאָרט, ווי אין די בעסטע שריפטן זיינע, אויך באַשטאַנען אין ווערטשפּיל.

אין 1825 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיינע שריפטן, און פון דאַן אָן איז ניט אַוועק קיין איין יאָר, ער זאָל ניט האָבן אַרויסגעלאָזט אַ ווערק. ה ו ד האָט זיך אויסגעצייכנט, ווי קריטיקער שרייבן וועגן אים, אין קאָמבינירן, אין פאַרבינדן דאָס קאָמישע מיט דעם טראַגישן. זיין וויץ, זיין הייטערקייט האָט אין זיך אַ זעלטענעם שפּיגל פון ליכטיקע קאָלירן, אין וועלכע עס שפּילן זיך זונען־שטראַלן. אין זיין פּילן איז ער אַזוי צאַרט־רירנדיק, אַז ער גרייפט טיף אין האַרצן. דאָס „ליד פונם העמד", איינס פון די וויניקע, וואָס האָבן געמאַכט דעם פּאָעט אומשטערבלעך, איז פון אים געשאַפן געוואָרן דורך פאָלגנדן צופאַל:

אַן אָרעמע פרוי, מיט אַ פאַרהונגערט זויג־קינד אויף די הענט, איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין אַ לאָנדאָנער פּאָליציי־געריכט, אַז זי האָט פאַר'משכונ'ט די וואַרע, וואָס מען האָט איר געגעבן צו נייען. זי האָט געדאַרפט אָוועקלייגן צוויי פונט סטער־

לינג אַלס זיכערקייט פאַר אָט־דער װאַרע. זי איז געװען אַ יונגע אַלמנה, געבליבן נאָך איר מאַנס טויט מיט צװיי קליינע קינדער, און האָט זיך דערנערט פון נייען. זי האָט פאַרדינט מיט דער נאָדל 7 שילינג אַ װאָך. װאו האָט זי געזאָלט נעמען צװיי פונט סטערלינג? די צייטונג „טיימס" האָט געשריבן אָט־דעם פאַל און האָט דערװעקט אַלעמענס מיטלייד. די צייטונג „פּאָנטש" האָט זיך אויך אָנגענומען פאַר דער אָרעמער פרוי. הוד איז געװען זייער גערירט פון דער געשיכטע. ער האָט אָנגעשריבן „דאָס ליד פונם העמד" און עס אַװעקגעשיקט צום רעדאַקטאָר פון „פּאָנטש". די רעדאַקציע האָט דאָס ליד פאַראורטיילט אַריינצו־װאַרפן אין „פּאַפּיר־קאָרב". אָבער דער הויפּט־רעדאַקטאָר, מאַרק לעמאָן, האָט פונדעסטװעגן באַשלאָסן אָט דאָס ליד צו דרוקן אין אַ קריסטמאָס־נומער פון „פּאָנטש", און אַזוי האָט ער געטאָן. װען דאָס ליד איז דערשינען, האָט הוד'ס פרוי צו אים געזאָגט: „מאַרק װאָס איך זאָג דיר, הוד, אָט־דאָס ליד װעט האַונדערבאַר רעדן! דאָס איז איינס פון די בעסטע זאַכן, װאָס דו האָסט אַמאָל געטאָן."

„און אַזוי איז עס מקוים געװאָרן", — זאָגט אַ קריטיקער. — „אָט דאָס ליד, ניט געקוקט אויף פעלערן, נעמט דורך דעם לייענער דורך מאַרך און ביין, און האָט אַרויסגערופן נאָכן דערשיינען אַזאַ ענטוזיאַזם ביים עולם, װאָס האָט קיין גלייכן ניט אין דער ליטעראַטור." באַלד איז עס איבערזעצט געװאָרן אין אַלע אייראָפּייאישע שפּראַכן. דאָס ליד איז דערנאָך געדרוקט געװאָרן באַזונדער און מען האָט עס פאַרקויפט אין אַלע גאַסן פון לאָנדאָן. אין אַ װאָך אַרום, נאָכדעם װי „דאָס ליד פונם העמד" איז דערשינען אין דרוק, האָט הוד געהערט אַ בעטלער־פרוי עס זינגען לעבן פענסטער פון זיין הויז, מיט אירן אָן אייגענעם מאָטיװ, און ביי דעם פּאַרפאַסער האָבן זיך געגאָסן טרערן פון די אויגן, װען ער האָט געהערט זיינע אייגענע װערטער.

אין קורצע שטריכן כאַראַקטעריזירט דעם פּאָעט אַ שרייבער, װעלכער זאָגט װעגן אים פאָלגנדעס:

„ער האָט געקענט אין זיינע גרעסטע ליידן הייטער שפּאַסן

און וועקן אַנדערע צו לאַכן. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געקענט לאַכן, ווען ער האָט געזען די ליידן פון אַנדערע. אויב ער האָט דערפרישט די מוחות פונם עולם מיט אַ ליכטיקן שמייכל, איז דאָך דאָס בעסער, ווי ער וואָלט זיי זויער מאַכן דאָס לעבן. צו מאַכן טויזנטער לוסטיק, איז דאָך בעסער, ווי צו מאַכן אייניקע פאַרביטערט.״

אָבער אַט־וואָס הוד האָט אליין געשריבן, און ער האָט זיכער געפילט דעם אמת פון די ווערטער:

„עס איז ניטאָ קיין מוזיק אין יענעם לעבן,
אין וועלכן עס קלינגט בלויז געלעכטער אַליין;
עס קען קיין קלינגנדע פרייד ניט געבן,
וואו עס זאָל ניט זיין אַ סטרונע צו דערוועקן געוויין.״

(„נייער גייסט״, יולי, 1898)

# טאָלסטאָי'ס „תחית המתים"

.1

„עס איז דאָ א היילזאַמע קראַפט, א הייליקער חן איז אין איר. פון הארצן קייקלט זיך ווי א משא אראָפּ, יעדער צווייפל פארשוואונדט, און עס גלויבט זיך און עס וויינט זיך און ס'ווערט אזוי לייכט..."

וואָס פאר א מתיקות ליגט אין אזא גלויבן, ווי עס באזינגט אים דער רוסישער דיכטער ל ע ר מ אָ נ ט אָ ו ו! און „אין די שווערע מינוטן פון לעבן, ווען דאָס הארץ אין ברוסט ווערט געשטיקט" אונטער דער אָנגעזאמלטער משא פון לעבנס־אנטוי־שונגען — דער רעזולטאַט פון אייגענער זינד און פון פרעמדע, פון דעם גאַנצן צעקריפּלטן לעבנסגאַנג אין און ארום זיך; ווען עס טרעט אריין די אומצופרידנקייט מיט זיך אליין, די מאַטערנדע דיסהארמאָניע צווישן גוף און נשמה; ווען דער בעסערער איך מאָנט, נאָנט און ציט ביז ניט צום אויסהאַלטן, אזוי ווי אָפּצוגעבן דין וחשבון פאר דעם מלך מלכי המלכים אין זיך, און די צע־מאַטערטע נשמה, פארמוטשעט פון אינערלעכן און אויסערלעכן קאַמף, אָפּגעשוואַכט פון טויזנטער בלוטנדיקע וואונדן, זוכט אַן אויסגאַנג און דערפילט, ווי עס פעלן די כוחות צו ראַנגלען זיך קעגן אלצדינג, — דאַן ווילט זיך אזוי זיס גלויבן, ביז א מין כלית הנפש, זיין ווייט פון אלע ערדישע ליידנשאַפטן, אויסגעטאָן פונם חומר הגשמי, לויז ווערן פון אלע ביטערע קאַמפן, פּטור ווערן פון דעם טאָפּל־קאַמף אין זיך און אויסער זיך — אַן אינערלעכע פרידן־שליסונג, א זיסער דרעמל, „און עס גלויבט זיך און עס וויינט זיך און עס ווערט אזוי לייכט..."

יאָ, זיס איז עס אין די מינוטן פון לירישער שטימונג, און מערסטנטייל ווי א רעאַקציע נאָך א ליידנשאַפטלעך לוסטיקן,

אומגעצאַמט רווישנדיקן און ברויזנדיקן געננוס־לעבן — א מין „ודע כי על כל אלה...״ נאָך דעם „שמח בחור בילדותך וייטיבך לבך בימי נעורותך״. איז אָבער אָט־דער רעזולטאַט א לעבן נאָכן טויט, אָדער א טויט נאָכן לעבן? אָט־די פראַגע איז מיר ארויפגעקומען אויפן זינען, נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט דעם ראָמאַן „תחית המתים״ — דאָס לעצטע געניאַלע ווערק פון דעם וועלטגרויסן דיכטער ל ע ו ו ט אָ ל ס ט אָ י.

וואָס פאַר א מאָדנע קראַפט האָט אין זיך די קינסטלערישע גאונות פון טאָלסטאָי אין אָט־דעם ווערק! זי פּאַקט אייך אויסער־געוויינלעך, צעטרייסלט אייך אַזוי, אַז עס ציטערט יעדער נערוו אין אייך, גראָבט זיך אונטער אונטער די גרעבסטע ליידנשאַפטן, עפנט די געהיים־פאַרבאָרגנסטע אָנרייסונגען פון הארצן, גרייפט דאָרט אָן די איידלסטע סטרונקעס פון דער נשמה, לאָזט זיי צעשפּילן זיך אויף יענע טיף־פּסיכישע מאָטיוון, וואָס זינגען ארויס דאָס ווייטיקדיקע געבעט־ליד, די זענזוכט, דאָס אייביקע בייַנקען נאָך א ריינעם, נאַטירלעכן, געזונטן לעבן; און אין דערזעלבער צייט דונערן זיי אויך ארויס א פלוכ־שטורמענדיקן פּראָטעסט קעגן דעם עקלהאַפטע צעקריפּלטן, זינדיק־מיאוס'ן און פאַלש־פאַרפּוצטן לעבן פון אונזערע ציוויליזאַציע־מענטשן.

יאָ, אַזוי צענעמען די קנייטשן און פאַלדן פון דער נשמה קאָן נאָר א טאָלסטאָי. אָבער אָך, ווי ער אַנטוויקלט מיט זיין אויספיר! ווי ער לאָזט איבער א ביטערע אומצופרידנקייט מיט זיין רעטונגס־פּאָזיציע! ווי ער לאָזט ניט איבער קיין איבערציי־גונג אין עפּעס פּאָזיטיוועס און עס בלייבט צוריק פּוסטלעך גראָד אויף דעם פּלאַץ, וואו דער דיכטער האָט געוואָלט ארייַנבלאָזן א נייע נשמה אין די צעטרייסלטע ביינער: אָט אפנים אַז קונסט־שאַפונג און אידייען־בילדונג זיינען צוויי באַזונדערע קאַטעגאָריעס אין דעם מענטשנס גייסטיקער טעטיקייט, און ווי א קונסטווערק זאָל ניט זיין דורכגענומען מיט א אידייע אָדער אידעאַל־אויסבילדונג, — דאָך בלייבן זיי צוויי באַזונדערע זאַכן. איינע קאָן זיך זיין וואָר, ווי דער אמת אַליין, און דאָס אַנדערע זאָל זיין א מין קינדערשער, נאַאיווער חלום.

טאָלסטאָי איז אי קינסטלער, אי דענקער, אי דיכטער, אי רעפאָרמאַטאָר. אין „תחית המתים", מער ווי אין וואָס פאַר עס איז פון זיינע פריערדיקע ליטעראַרישע קונסטווערק, טרעט פאַר אייך ארויס שטאַרק דער רעפאָרמאַטאָר, דער בילדער פון אַן אידעאַל. עס איז אַ מין פראָפּאַגאַנדע־ווערק פאַר זיין אוטאָפּיע, און דעריין ליגט דער דואַליזם, די טאָפּל־ווירקונג, וועלכע געפינט זיך דאָ אין ווידערשפּרוך. פון איין זייט די וואַרהייטלעכע שילדערונג פונם קולטיווירטן מענטשנס לעבן, וואָס ווירקט אַזוי איבערצייגנדיק, אַזוי שניידנד אמת'דיק, אַז איר דערזעט די גאַנצע פאַלשקייט, די גאַנצע פאַרדאָרבנקייט, די טאָטאַלע צעפּוילטקייט פונם מאָדערנעם אַרט לעבן אין דער געזעלשאַפט און אין דער פּערזאָן, און עס צעטרייסלט אַלץ אין זיך און אַרום זיך; און פון דער אַנדער זייט, דער קינדעריש־נאַאיווער מוסר־השכל, וואָס זאָגט אייך גאָרנישט, גיט אייך גאָרנישט און רופט אין אייער געהירן אַרויס דאָס בילד פון איינעם, וואָס טרינקט זיך אין אַ שטורעם־רוישנדיקן ים, געשליידערט פון הימל ביז אָפּגרונט פון די מעכטיקע כוואַליעס, און וואָס כאַפּט זיך אָן פאַר אַ שטרוי, ווי דאָס וואָלט געווען אַן אמת'ע רעטונג... עס איז צום פאַרצווייפלען, ווען מען לייענט אָט־דאָס ווערק. דעם טרויעריקסטן פּעסימיזם מוז עס אַרויסרופן, אויב, צעבראָכן אין קאַמף קעגן די שטורמדיקע כוואַליעס האָט מען נאָך ניט פאַרלאָרן דאָס ביסעלע שכל צו זען, אַז אָנכאַפּן זיך אָן אַ שטרוי איז אַ קנאַפּע רעטונג.

**
*

„תחית המתים" איז אַ גאַנצע גאַלעריי פון בילדער, שרעקלעכע, גרויזאַמע בילדער, וואָס דער פאַרפאַסער ווייזט אונז מיט די אויגן פון דעם הויפּט־העלד פון זיין ראָמאַן, פירסט ד מ י ט ר י נ ע כ ל ו ד אָ ו ו. אַ רייכער געבוירענער אַריסטאָקראַט — אַ מענטש, וואָס האָט פון זיין געבוירנס־טאָג אָן שוין גע'ירש'נט אַלע פּריווילעגיעס און מיטלען צו לעבן אָן רעכענונג און אָן מי, צו לעבן פּוסט, לייכטזיניק, פאַרשווענדעריש,

ווי עס לעבן אַלע אין זיין שטאַנד, אָבער צו גלייכער צייט אַ מענטש מיט אַ נאַטירלעכער נייגונג צו גוטס, מיט אַ פילנדיקער נשמה און מיט אַ העכערן גראַד בילדונג — שטויסט אים דער פּאַרפּאַסער אָן אויף אַזאַ פאַל אין זיין לעבן, וואָס עפנט אים די אויגן אויף זיין אייגענער פאַרגאַנגנהייט און רופט אין אים אַרויס אַ שטאַרקע אינערלעכע אומצופרידנקייט, אַ מעכטיקן פּראָטעסט קעגן זיך אַליין, און אין אים קומט פאָר אַן איבער־קערעניש. וועלנדיק פאַריכטן דאָס בייז, וואָס ער האָט פאַראור־זאַכט, שטויסט ער זיך אָן אויף שריט און טריט אויף אַזעלכע אומשטענדן, וועלכע ווייזן אים די גאַנצע אומנאַטירלעכקייט, די גאַנצע אומוואַרהייטלעכקייט, די טאָטאַלע צעפּוילטקייט, די ביזן גרונט פאַרדאָרבנקייט פון די געזעלשאַפטלעכע איינריכטונגען. אין אַ צושטאַנד פון העכסטער אומצופרידנקייט מיט זיך אַליין און מיט אַלץ אַרום זיך, באַטראַכט ער שוין קריטיש יעדע גרויסע און קליינע דערשיינונג, און וואוהין ער גיט זיך אַ קער, וואו ער גיט אַ ריר, עפנט זיך פאַר זיינע אויגן אַ מיאוס׳ע וואונד.

אָט וואָס עס פּאַסירט:

נעכלודאָוו ווערט גערופן צו פיגורירן אַלס געשוואָרענער אין אַ קרימינאַל־פּראָצעס. אויף דער אָנקלאַגע־באַנק, צווישן אַנדערע אָנגעקלאָגטע, געפינט זיך די פּראָסטיטוטקע ליובקאַ, אַ שיין מיידל. זי ווערט באַשולדיקט, אַז זי האָט פאַר׳סמ׳ט דעם דיקן, רייכן קופּיעץ סמעלקאָוו, מיט וועלכן זי איז געווען אייניקע נעכט צוזאַמען אין אַ האָטעל, און אַז זי האָט גערויבט זיין געלט. ווי שרעקלעך האָט געמוזט זיין פאַר נעכלודאָוו׳ן די אַנטדעקונג, אַז אָט־די פּראָסטיטוטקע, וואָס ווערט גע׳משפּט פאַר אַזאַ שרעקלעכן פאַרברעכן און וועמעס ריכטער אים קומט אויס צו זיין, איז ניט קיין אַנדערע, נאָר י ע ק אַ ט ע ר י נ אַ מ אַ ס ל אָ וואַ, מיט וועלכער ער איז געווען אין ליבעס־פאַרהעלטענישן מיט צען יאָר צוריק, ווען זי האָט געלעבט, אַלס האַלב קאַמער־מיידל, האַלב דערציאונגס־קינד, אין הויז פון זיינע טאַנטעס, אַ פּאָר רייכע פּאָמעשטשיצעס.

„ער האָט זי דערזען צום ערשטן מאָל, ווען ער איז געקומען

צו גאַסט צו זיינע טאַנטעס אין אימעניע. ער איז דאַן געווען אויפן דריטן קורס פון אוניווערזיטעט און האָט, יענעם זומער, איבערגעלעבט יענעם העכערן, אידעאַלן צושטאַנד, ווען ניט דורך דעם אָנווייז פון אַנדערע, נאָר אַליין פון זיך, דערקענט דער י ו נ ג ע ר מענטש די גאַנצע שיינקייט און די גאַנצע וויכטיקייט פון לעבן און די פולע באַדייטונג פון דער אַרבעט, וואָס אים שטייט פאָר אין לעבן אויפצוטאָן; ווען ער זעט די מעגלעכקייט אַליין זיך צו פאַרפולקאָמען און צו פאַרפולקאָמען די גאַנצע וועלט און גיט זיך איבער אַט דער פאַרפולקאָמונגס־טעטיקייט, ניט בלויז מיט האָפענונג, נאָר מיט דער פולער זיכערקייט, אַז עס וועט דערגרייכט ווערן די פולקאָמענהייט, פון וועלכער ער טרוימט"... ער האָט פיל געלייענט וועגן לאַנד־אייגנטום און האָט „צום ערשטן מאָל דאַן פאַרשטאַנען די האַרטהאַרציקייט און אומגערעכטיקייט פון באַזיצן פּריוואַט־אייגנטום אין לאַנד. זייענדיק איינער פון יענע מענטשן, פאַר וועלכע אָפּפערן זיך אין נאָמען פון מאָראַלישע פאָדערונגען איז אַ העכערער גייסטיקער פאַרגעניגן, האָט ער באַשלאָסן אָפּצוזאָגן זיך פון רעכט אויף אייגנטום און אוועקגעשייגקט די פּויערים דאָס שטיק לאַנד, וואָס איז אים געבליבן בירושה פון זיין פאָטער."

אויף אַזאַ מאָראַלישער שטופע איז געשטאַנען נעכלודאָוו, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען מאַסלאָוואַ'ן. זיינע באַציאונגען צו איר זיינען געווען דאַן אַט וועלכע: „אין אָנהויב האָט ער איר ניט געשיינקט קיין אויפמערקזאַמקייט". אָבער די יוגנט פאָדערט דאָס אירע. דער צופאַל האָט זיי צונויפגעפירט געזיכט צו געזיכט, ווען זיי האָבן, צוזאַמען מיט נאָך יונגע מענטשן, געשפּילט אין באַהעלטעניש. „אַליין ניט וויסנדיק, ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, האָט ער שטאַרקער אַ דריק געטאָן איר האַנט, האָט זיך אַ צי געטאָן צו איר מיטן געזיכט, און זי אַ קוש געטאָן אין די ליפּן"... „פון דאַן אָן האָבן זיך זייערע באַציאונגען געענדערט. עס זיינען אַריינגעטראָטן יענע פאַרהעלטעניש, וועלכע קומען פאָר צווישן אַן אומשולדיקן יונגן מאַן און פּונקט אַזאַ אומשולדיק יונג מיידל, צוגעצויגענע

איינס צום אַנדערן. ווי נאָר קאַטיושאַ פלעגט אַריין אין צימער, אָדער אַפילו ווען נעכלודאָוו האָט בלויז פון ווייטן דערזען איר ווייסן שירץ, אַזוי האָט זיך פאַר אים אַלץ זוניק באַלויכטן; אַלץ האָט אויסגעזען פרייַלעכער, אינטערעסאַנטער, באַדייטנדיקער. דאָס לעבן איז געוואָרן פריידנספולער. זי האָט אויך אַזוי געפילט. אָבער ניט בלויז די אַנוועזנקייט און די נאָענטקייט פון קאַטיושאַ׳ן האָבן געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף אים. אָט־די ווירקונג האָט אויף אים געמאַכט דאָס באַוואוסטזיין, אַז עס איז דאָ אַ קאַטיושאַ, און פאַר איר — אַז עס איז דאָ אַ נעכלודאָוו.״

ווען נעכלודאָוו איז, אין דריי יאָר אַרום, ווידער אַמאָל געקומען צו גאַסט צו די טאַנטעס, איז ער געווען שוין גאָר אַן אַנדער מענטש. פריער איז פאַר אים אַ פרויענצימער געווען אַ געהיימער חן און אָט־דער געהיימער חן האָט אים צוגעצויגן. „איצט איז די באַדייטונג פון אַ פרויענצימער, פון י ע ד ע ר פרויענצימער, פאַר אים געווען אַ באַשטימטע זאַך: אַ פרויען־צימער איז פאַר אים געווען איינס פון די בעסטע מיטלען הנאה צו האָבן. פריער איז זיין ג י י ס ט י ק ע ר „איך״ געווען דער עיקר. איצט איז אין אים געווען דער עיקר זיין געזונטער, טירישער איך״. נעכלודאָוו איז שוין דאַמאָלס געווען אַן אָפיציר. די מיליטער־דינסט קאָן פון אַ מלאך אויך מאַכן אַ טייוול. „זי פאַרדאַרבט מענטשן דורכדעם וואָס זי שטעלט זיי אַוועק אין אַזעלכע אומשטענדן, וואו פון פאַרנינפטיקער, ניצלעכער אַרבעט קאָן גאָר קיין אידייע ניט זיין. הערשער איבער די אונטערגע־אָרדנטע, שקלאַף צו די עלצטע. די ערע פון מונדיר, פונם פלאַג, די פריווילעגיעס פון גוואַלט־מאָרד״. ווען דערצו זיינען נאָך פאַראַן די מיטלען צו גלאַנצן פאַר די חברים־אָפיציערן אַלס פיינער יונג, וואָס קאָן אָפּטאָן אַלערליי מעשים, דאַן דערגייט די פאַרדאָרבנקייט איבער די גרעניצן. און וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט ביי אַזעלכע די רו, די ערע, דאָס גליק און לעבן פון אַן אָרעמער יתומה! — און אַזוי איז עס געשען. קאַטיושאַ איז געבליבן אַ קרבן פון נעכלודאָוו׳ס ליידנשאַפט. און וואָס נאָך שענדלעכער: צו איר דערשטויינונג האָט ער איר אַריינגעשפּאַרט

א הונדערט־רובלדיקן אין האנט, דענקנדיק, אז ער פארגיטיקט דערמיט זיין טאט. אין פינף מאָנאט ארום נאָך זיין אוועקפאָרן האָט זי דערפילט, אז זי איז שוואנגער.

דער אויסגאנג פון אזא ליבעס־פּרוכט — אך, עס איז אן אלטע געשיכטע, א געוויינלעכע געשיכטע! פול מיט אָט־די געשיכטעס איז אונזער געזעלשאפט, און זייערע קרבנות, זיי זיינען ניט צום איבערציילן, הארצרייסנדיק, ווי די גאנצע עקזיס־טענץ פון יאָמער און עלנט, שמוץ און צעקריפּלונג, אין וועלכע עס ווערן פארזונקען און פארטרונקען די דערנידעריקטע און באליידיקטע אין ביטערן לעבנס־קאמף.

„פון דאן אָן איז פאר קאטיושא'ן אלץ געוואָרן חושך און קאלט און זי האָט נאָר געטראכט, ווי אזוי פטור צו ווערן פון איר שאנד"... די פריצטעס האָבן זי אוועקגעלאָזט פון פלאץ. זי איז אָנגעקומען אלס דינסטמיידל פון איין אָרט אויפן אנדערן. אומעטום האָט מען זיך צו איר געשאַרט: דאָ דער אלטער־טאטע, דאָרט דער יונגער זון, און זי האָט קיין תקומה ניט געהאט. ווען זי האָט, אין דאגות און יסורים, געבוירן דאָס קינד און עס איז געשטאָרבן אין יתומים־הויז, האָט זי לאנג געזוכט באשעפטיקונג, ביז זי האָט ענדלעך, אין א ביוראָ פאר ארבעט־זוכער, געפונען אן אויסגעפּראנטעוועטע „מאדאם", ביי וועלכער די פינגער זיינען געווען באדעקט דורכאויס מיט דימענטענע פינגערלעך און א פּאָר בראסלעטן אויף די נאקעטע, פּוכיק־ווייכע הענט. אָט די „דאמע" האָט זי געפירט צו זיך, איר טראקטירט מיט גוטע זאכן און זי פאָרגעשטעלט פאר אן אלטן, רייכן, אויסגעזינדיקטן ליטעראַט, אלס א „פרישינקע, א דאָרפישע"... א פינף און צוואנציקער פלעגט זי פון אים באקומען יעדעס מאָל, און אזוי וויטער, ביז א שטענדיקן פלאץ אין אן עפנטלעכן הויז.

עס האָט זיך אָנגעהויבן פאר מאסלאָוואַ'ן „יענעם לעבן פון כראָנישע זינד, וואָס ווערט געפירט פון הונדערטער טויזנטער פרויען און ענדיקט זיך, פאר ניינציק פּראָצענט פון זיי, מיט שרעקלעכע קראנקהייטן און פריצייטיקן טויט".

„זי האָט געביטן די פּלעצער. אָבער אומעטום דאָסזעלביקע לעבן. און אַ שרעקלעך לעבן איז דאָס. עס שווינדלט בלויז ביי דעם געדאַנק, אַז אַזוי לעבן מיליאָנען נפשות און זיינען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט די אַנדערע צענדליקע מיליאָנען מענטשן, וואָס רעכענען אַזאַ לעבן פאַר געוויינלעך, פאַר נאַטירלעך־נויטוועדיק. עס דוכט זיך, אַז אָט־די בלוט־אייטערדיקע מכה אַליין אויפן געזעלשאַפטלעכן קערפּער דאַרף אַרויסרייסן אַ טויזנט־פאַכן פלוך פון יעדן דענקנדן און פילנדן קעגן אַלע די אומשטענדן, וואָס טרייבן דערצו.״

„אין דערפרי און ביי טאָג אַ שווערער שלאָף נאָך די נאַכטיקע הולטאַיסטוועס. פיר אַזייגער אין דערפרי אַ מידער, פוילער אויפשטיין פונם שמוציקן בעטל; זעלצער־וואַסער צו פאַרטרינקען די איבלקייט פון שכרות, קאַפע, אַ פּויל אַרומשליורען איבער די צימערן, אָפּנעגלאָזן, האַלב־נאַקעט, אין לויזע קליידלעך, קריגערייַ צווישן די חבר׳טעס. דערנאָך וואַשן זיך, שמירן זיך, פאַרפיומירן דעם קערפּער, אונטערפאַרבן די באַקן, די ברעמען. זיס, פעט עסן. אָנטאָן זיך אין בונט־פאַרביקע קליידער, אַזוי אַז דער האַלז, די אָרעמס זאָלן אויסקומען ווייט געבלויזט. רייסעריי מיט דער „מאַדאַם״ פאַר אַ קלייד. דערנאָך דער אַרויסגאַנג אין דעם העל־באַלויכטענעם זאַל. — עס קומען אָן געסט. מוזיק, טאַנצן, קאָנפעקטן, ווייַן, רויכערן און איבערזייַן מיט יונגע, מיט מיטליעריקע, מיט האַלב־קינדער נאָך, מיט אויסגעזינדיקטע, אָפּגעלעבטע אַלטע, מיט בחורים, מיט פאַרהייראַטע, מיט קופּצעס, פּריקאַשטשיקעס, טשינאָווניקעס, אַרמענער, אידן, טאַטאַרן, רייכע, אָרעמע, געזונטע, קראַנקע, ניכטערע, באַזויפענע, גראָבע, אייידעלע, שיינע, מיאוס׳ע, סאָלדאַטן, שטאַטיסטן, סטודענטן, גימנאַזיסטן — פון פאַרשידענעם עלטער, פון פאַרשידענעם שטאַנד, געוואוקס און כאַראַקטער. און געשרייַ, געפּילדער, געשלעג, מוזיק, רויכערן, ווייַן, און אַזוי די גאַנציקע נאַכט, ביז טאָג״... „און אַזוי יעדן טאָג, די גאַנצע וואָך, סיי זומער סיי ווינטער, סיי אינדערוואָכן, סיי יום טוב... אַזוי האָט מאַסלאָוואַ אָפּגעלעבט זיבן יאָר.״

אינם פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען האָט איצט מאַסלאָוואַ׳ן פראָצעסירט, איז זי געווען אומשולדיק. דאָס האָט נעכלודאָוו געזען, דאָס האָבן די מערסטע ריכטער פאַרשטאַנען. אָבער די ריכטער האָבן זייערע פּערזענלעכע, זייטיקע אינטערעסן, און זיי ליגט כמעט גאָר אין פיאַטע ניט וואָס פאַר זיי קומט דאָ פאָר. זיי זיינען שוין אַזוי איינגעוואוינט מיט דער גאַנצער פּראָצעדור, אַז דאָס שטערט זיי ניט צו טראַכטן וועגן זייערע זאַכן. און אויף וויפיל דאָס שטערט זיי, וואָלטן זיי וועלן אָפּ׳פּטר׳ן עפּ וואָס גיכער. פאַראורטיילן אָדער באַפרייען — נאָר מאַכן אַ סוף. דער פּרעדסעדאַטעל (פאָרזיצער) האָט דעם טאָג געהאַט אַן אָפּמאַך צו טרעפן זיך מיט זיינער אַ „ווי רופט מען דאָס״, אין אַ האָטעל, אום זעקס פאַרנאַכט, און ער קוקט יעדע מינוט אויפן זייגער. איין ריכטער האָט זיך צעקריגט אין דערהיים מיט זיין פלונית׳טע איבער די עטלעכע רובל, וואָס זי האָט פאַרשווענדט אויף פוצן זיך, און זי האָט אים געסטראַשעט, אַז ער וועט קיין מיטיק ניט געפינען, ווען ער וועט קומען אַהיים. דאָס האָט אים געמאַכט פאַרביטערט, נערוועז. דער דריטער ליידט שטאַרק פון כראָנישע עצירות און האָט היינט ערשט אָנגעהויבן אַ נייעם קורס פון היילן זיך, און ער טראַכט די גאַנצע צייט, צי עס וועט ווירקן, צי ניט. דער געריכטס־סעקרעטאַר איז אין כעס אויף דעם יונגן טאָוואַרישטש פּראָקוראָר; דער יונגער טאָוואַרישטש־פּראָקוראָר וויל מאַכן אַ קאַריערע און ער זעט צו רעדן וואָס לענגער אין זיין אָנקלאַגע און איבעראַשן מיט זיינע קענטעניש. ער מישט דעריבער אוים טעאָריעס פון ל אָ מ ב ר אָ ז אָ, פון ט אַ ר ד און קאַמף אום׳ס דאַזיין און די עוואָלוציאָנס־טעאָריע און די ערבונגס־טעאָריע און היפּנאָטיזם און דעקאַדענץ, און פלעכט דאָס אַלץ צונויף מיט שיינע ריידעלעך און שלינגט אַליין די שפּייעכץ פון זיינע פראַזן.

וואָס איז דאָ וויכטיק, וועמען ליגט דאָ אין זינען דאָס שיקזאַל, די ערע, גליק און לעבן פון דער אָנגעקלאָגטער ?! זיי זיינען איר, חס חלילה, קיין שונאים ניט, האָבן קיין וואונטש ניט איר שלעכטס צו טאָן. זיי דענקען איבערהויפּט וועגן איר ווייניק,

אויסער וואָס אויף איר איז גלאַט געשמאַק פון דער זייט אַ קוק צו טאָן — און זי ווערט פאַראורטיילט.

זיינען זיי אויסנאַם־ריכטער? איז דאָס געשען בלויז פער צופאַל אַזוי? איז דאָס געווען אַ שפּיל פון בלינדן שיקזאַל? ניין. אין דעריין ליגט די גרויסקייט פון אַזאַ קינסטלערישן, רעאַליס־טישן ווערק. ווען ענלעכע קרימינאַל־פּראָצעסן לייענט מען דאָס רוב אין שונד־ראָמאַנען. דאָרט זיינען דאָ אַבזיכטן, אינטריגעס; אויסנאַמווייז בייזע מענטשן האָבן אַ דירעקטן וואונטש, אַ פאָרויס־געזעצטן פאַרלאַנג צו פאַרפאָלגן דעם אומשולדיקן קרבן. דער לעזער ווערט אויפגעבראַכט קעגן די בייזע בעסטיעס און טרייסט זיך, וואָס אַזעלכע חיות רעות אין מענטשנגעשטאַלט זיינען אויסנאַמען. דאָס האָט פּאַסירט ערגעצוואו, אַמאָל. אָבער אַזוי ווייט איז דערפון זיין אייגן לעבן, זיין אומגעבונג, די אנשטענדיקע מענטשן, וועלכע ער קען. דאָס געלייענטע רייצט בלויז זיין פאַנטאַזיע און עפּנט ניט זיינע אויגן; אדרבה, עס מאַכט אים נאָך בלינדער. דאָ אָבער, ווי סענזאַציאָנעל די געשיכטע זאָל ניט זיין, אַז עס קאָן זיך דוכטן, עס איז נאָר אַ שלימזל׳דיק אומגליק געשען, אַזוי ווי דער בלינדער שיקזאַל וואָלט דווקא וועלן, אַז די ריכטער זאָלן זיין אין אַזאַ צושטאַנד, אַז עס זאָל פּאַסירן אַזאַ און אַזאַ מין טעות, — ווען איר לייענט אָבער די גאַנצע פאַר־האַנדלונגען, די שילדערונג פון די אומשטענדן, דעם פּסיכישן פּראָצעס אין געהירן פון די ריכטער, דאַן ווערט אייך קלאָר, אַז די טראַגעדיע, וואָס האָט דאָ פּאַסירט אין געריכט, איז ניט קיין אויסנאַמס־שפּיל פון בלינדן שיקזאַל, ניט ב ל ו י ז אַ צופאַל, נאָר איז, מער אָדער ווייניקער, אַ געוויינלעכע געשיכטע, וואָס טרעפט שטענדיק, אויף אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדער אופן, און קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין. עס עפּנט אייך די אויגן אויף דער גאַנצער געריכטס־אינסטיטוציע. ניין, ניט דער צופאַל, ניט דער בלינדער שלימזל, נאָר אַ פּראָדוקט פון אונזער קולטור, אַ פילפאַך קאָנסטרואירטע מאַכינאַציע, אַ רעגולאַר אַרבעטנדיקע מאַשין זעט איר, — אַ מאַשין, וואָס שלינגט און מ ו ז שלינגען אָפּפער, אָפּפער און אָפּפער — קרבנות פון יוסטיציאַ.

אין זיין קאַזיאַנעם „רעזיומע", וואָס ער איז געוואוינט צו זאָגן ווי אַ איד „אשרי", האָט דער פּרעדסעדאַטעל פאַרפעלט אויסצוטייטשן עפּעס אין די אינסטרוקציעס צו די געשוואָרענע. די געשוואָרענע זיינען געווען מיד און האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין די אַרגומענטאַציעס. „דערצו האָט דער פּאַלקאָווניק (אַ געשוואָרענער) דערעסן אַלעמען, בריינענדיק אַ לאַנגע געשיכטע וועגן אַ פּראָצעס פון זיינער אַ שוועגערין" — אהין, אהער, כמעט אַלע האָבן איינגעזען דעם פעלער, ווען דער אורטייל איז שוין אַרויסגעטראָגן געוואָרן. עס איז שוין אָבער געווען שפּעט. דער פּרעדסעדאַטעל וועט פאַרשפּעטיקן דעם „ראַנדעוואו" מיט קלאַראַ'ן. די ערווירדיקייט פון געריכטלעכער פאָרמאַליטעט קאָן ניט דער־נידעריקט ווערן צו דער איינזעעניש פון פעלערן. אַניט פאַרלירט זיך דאָך דער גאַנצער רעספּעקט פאַרן געריכט.

„— איך בין גראָד אַרויסגעגאַנגען פון צימער און דערווייל — זאָגט פּיאָטר געראַסימאָוויטש. — ווי אַזוי אָבער האָט איר פאַרזען?

— מיר איז גאָר עפּעס ניט איינגעפאַלן, — ענטפערט צעטומלט נעכלודאָוו.

— זעט איר, אייך איז ניט איינגעפאַלן.

— אָבער מען קאָן דאָך דאָס פאַריכטן, — זאָגט נעכלודאָוו.

— ניין, — שוין פאַרפאַלן."

מאַסלאָוואַ איז פאַר'משפּט געוואָרן צו קאַטאָרגע. און דוכט זיך, וואָס איז דאָ געשען? קאָן מען ניט אויסמעקן די שורה, איבערטראַכטן און פאַריכטן. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן דעם שיקזאַל פון אַ מענטשן, און אָט דער מענטש איז דאָך פאַר זיך אַ גאַנצע וועלט — עס ווערט דאָך אָט די וועלט חרוב! דוכט זיך, אויף דער האַנט איז דאָס, איין וואָרט צו זאָגן... אָך, אָבער דאָ זעט איר דעם גאַנצן טיפן אָפּגרונט, — די מאַכט פון געשרי־בענעם געזעץ, סאַנקציאָנירט דורך אַלערליי צערעמאָניעלע, פאָר־מעלע, קאָנווענציאָנעלע און אָפיציעלע הייליקייטן. און וועלטן קאָנען דאָ אונטערגיין. באַשריינקטע, שטערבלעכע, באַגרעניצטע, קליינלעכע, דומע און פּוסטע אומשטענדן קאָנען זיך זיין די

אורזאַך פאַר אַט־דעם אונטערגאַנג, אָבער די סאַנקציע מ ו ז פעסטשטיין! און ווי זאָגט זיך דאָרט אין געטהע׳ס „פאוסט״:

„עס ערבען זיך געזעץ אונד רעכטע,
ווי איינע עוויגע קראַנקהייט פאָרט...״

וואָס פאַר אַ שטורם האָט זיך געמוזט אויפהויבן אין נעכלודאָוו׳ס נשמה! איז ער ניט די אורזאַך פון איר אומגליק? ער זעט דאָס איצט איין, און איז ניט זיין פליכט זי צו ראַטעווען? אַן איבערקאַכעניש פון זיין גאַנצן ביזאַהעריקן לעבן קומט אין אים פאָר. ווי קרום איז פאַרקראָכן זיין לעבנסגאַנג! ווי פאַר־זינדיקט! ער נעמט זיך פאַר דער רעטונגס־אַרבעט. און דאָ ערשט שטויסט ער זיך אָן אויף אַלע נגעי ופגעי בני אדם אין אונזערע געזעלשאַפטלעכע איינריכטונגען — ער דערזעט דאָ נענטער די בלומען פון אונזער ציוויליזאַציע, די געפּאַקטע געפּענקעניש.

וואָס פאַר אַן אמת׳ע גאַלעריי פון בילדער, גאַנצע סעריעס פון גרופּן־בילדער, אַ פּאַנאָראַמע וויקלט זיך דאָ פאַר נעכלודאָוו׳ן פאַנאַנדער, און ער זעט דאָ אויך און קומט אין נאָענטער באַקאַנט־שאַפט מיט די קעמפער פאַר דער וועלט־אויסבעסערונג, די „פּאָליטישע פאַרברעכער״, —

„די ווייניקע, וואָס האָבן שוין דעם אמת דערקענט,
און האָבן זייער האַרץ ניט געקאָנט פאַרווערן
דעם המון זייער געפיל, זייער דענקען צו דערקלערן,
האָט מען פון תמיד געפייניקט און געברענט...״

.2

„וואָלגאַ, וואָלגאַ, אינם וואַסער־רייכן פרילינג
פאַרפלייצסטו אַזוי ניט די פעלדער,
ווי מיט גרויסע יסורים פון פאָלק
איז געוואָרן איבערפילט אונזער לאַנד.״
(נ ע ק ר אַ ס אָ ו)

די אייגנטלעכע הויפט־געשיכטע פון „תחית המתים״ פאַרלירט זיך אין דאָס נעבנזאַכלעכע. די נעבן־זאַכן ווערן דער עיקר פון

דער דערציילונג און דער עיקר ווערט ניט מער ווי א טפל. נאָך בעסער, ווען איר לייענט איבער אָט־דעם מערקווירדיקן ראָמאַן, בלייבן טיף אין די געהירן איינגעדריקט די אַלע בילדער, וועלכע איר זעט פאַר אייערע אויגן, אָדער אויף וועלכע עס שטויסט זיך אָן דער הויפּט־העלד פון דעם ראָמאַן, פירסט דמיטרי נעכלודאָוו, אין זיינע באַמיאונגען צו פאַרלייכטערן דעם שיקזאַל פון קאַטיושאַ מאַסלאָווא, וועלכע איז אַזוי פאַראומגליקט געוואָרן. עס בלייבן אונז שוועבן פאַר די אויגן די פילע הימל־שרייענדיקע סצענעס, די גאַנצע אַטמאָספערע, צומישט פון אומשטענדן, דער־שיינונגען, געשעענישן, פּערזאָנען און זייערע האַנדלונגען, אין וועלכע עס פירט אונז אריין נעכלודאָוו'ס באַשטרעבונג; אָבער זיין בילד אליין, זיינע באַציאונגען צו קאַטיושאַ'ן און צו די אי־בעריקע פּערזאָנען, זיין אַרט פילן און דענקען, — דאָס אַלץ ווערט פאַרטושט, פאַרלירט זיך פאַר אונז אין לויף פונם ספּור המעשה. איך וויל זיך דערלויבן צו זאָגן, אַז דער העלד ווערט וואָס ווייטער אַלץ צעקראָכענער און פאַרלירט פאַר אונז ענדלעך יעדע באַדייטונג. עס באַקימערט אונז, עס צערייסט אונזער האַרץ אַלץ, וואָס נעכלודאָוו זעט, וואָס נעכלודאָוו הערט. און ער אליין הערט אינגאַנצן אויף צו זיין וויכטיק פאַר אונז.

און די בילדער, וועלכע עפענען זיך פאַר זיינע אויגן, דאָס זיינען, מערסטנס, די יסורים פון פאָלק; יענע יסורים, „וואָס האָבן זיך צעגאָסן ברייט און ווייט איבער דאָס רוסישע לאַנד, טיפער און ברייטער, ווי די וואַסערן פון דער וואָלגאַ צעגיסן זיך איבער זיינע פעלדער אין פרילינג־צייט." איר הערט דאָרט דעם מאוים'דיקן קרעכץ פון פאָלק, דעם קרעכץ פון רוסישן פּויער: —

„ער קרעכצט אויף די בערג, אויף די וועגן,
אויף פורן, נאַכטנדיק אין סטעפּ דעם ברייטן;
ער קרעכצט אין די טורמעס און אַסטראָגן,
אין די מינעס, געשמידט אין אייזערנע קייטן."

א שווידער גייט אריבער איבערן לייב לייענענדיק, ווי די מענטשלעכע פּערזאָן ווערט דערנידעריקט, באַליידיקט, געטראָטן און געשטיקט; ווי זי צאַפּלט זיך אָנמעכטיק, הילפלאָז, פאַרלאָרן

אין א גאנצן נעץ, געוועבט פון רעליגיע, געזעצן, עקאָנאָמישע שקלאַפעריי און פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט, — א נעץ, פארצויגן פון באַאמטנטום, גלחים, פּאָליציי, מיליטער, און אומגעהייערע מחנה פון מלאכי חבלה, וועלכע טוען זייערע מעשים תעתועים און דערפילן זייער פארדארבונגס־ארבעט, אזוי ווי עס וואָלט גע־ווען נאַטירלעך, אָפּט ניט געבנדיק זיך קיין חשבון פארוואָס און צו וואָס זיי טוען עס.

וואָס פאר א שוידערלעכע, אומנאַטירלעכע און מענטשן־דער־נידעריקנדיקע סצענע עס עפנט זיך פאר נעבלודאָוו׳ן, אפילו אין דעם בעסטן טאָג, אין א „פּראַזדניק״, אין דעם גאָטעס־דינסט אין קלויסטער פון אסטראָג, אין דער סאמער קדושה פון געפריידיקטער קריסטוס־ליבע! ווי א סטאַדע געפּענטעטע חיות ווערן אריינגע־טריבן די מאסן ארעסטאַנטן און ארעסטאַנטקעס. די מענער מיט האַלב־געגאָלטע קעפּ, אין קייטן געשמידט, אין די שווערע, גרויע כאַלאַטן, שווערע קלומפּעס אויף די נאקעטע פיס. אויף פילע פון זיי איז דעם צלם אלהים שוין גאָר ניט צו דערקענען. און דאָ שטייען זיי ניט ווייט פון דעם אין דימענטן איינגעפאסטן בילד פונם געקרייציקטן. דאָרט שטייט דער גלח אין א גאָלדענער ריזע מיט זיינע משרתים און זיי פּראַווען די „עבודה״. מען בענטשט, קודם כל, דעם קייזער, זיין פאַמיליע, קלינגנדיק הללויה, מאַכנדיק אַלערליי פאָקסן דערביי, זינגנדיק פּזמונים פון געטלעכער גוטס־קייט, זאָגנדיק סקאַרבאָוון מוסר, מאָלנדיק, וואָס עס דערוואַרט די רשעים אויפן עולם האמת... און עס ענדיקט זיך מיט קושן דעם גלח אין דער ווייכער, פעטער, ווייסער רעכטער האנט און דעם גאָלדענעם צלם, וואָס ער האַלט אין דער לינקער.

„און קיינעם איז אויפן זינען ניט ארויף, אז דער גאָלדענער קרייץ מיט די דימענטן אויסגעזעצט, וואָס דער גלח האָט גערוקט דעם עולם צו קושן, איז קיין אנדער זאך ניט, נאָר גראָד די פאַר־שטעלונג פון יענער תליה, אויף וועלכער עס איז געקרייציקט גע־וואָרן קריסטוס דערפאר, וואָס ער האָט געפריידיקט קעגן דעם, וואָס ווערט אקוראט אין זיין נאָמען דאָ געפּראַקטיצירט . . . ; אז עס ווערט גערויבט דאָ דאָס גרעסטע וואוילזיין פון די מענטשן

און מען אונטערוואַרפט זיי די שרעקלעכסטע מאַטערניש און יסורים."

ווער זיינען אָט די געפּענטעטע חיות? אַך, פאַרשידענע קאָנט איר דאָ זען. די אַלע, וועלכע נעכלודאָוו האָט דערנאָך די מעגלעכקייט גענטער צו באַאָבאַכטן, באַזונדערס די אַסטראָגן. דאָ געפינט איר דעם אָפּפאַל, וואָס די געזעלשאַפט וואַרפט אַרויס פון זיך, רויבנדיק פון זיי פריער די מעגלעכקייט צו לעבן מענטשלעך און דערנאָך אויך דאָס ביסל פרייע לופט און דאָס ליכט פון דער זון. דאָ געפינט איר די קלענערע פישעלעך, וועלכע האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין נעץ, בעת ווען די גרויסע העכט שווימען זיך אַרום באַקוועם און שלינגען אָן רחמנות און אָן געוויסנסביסן. דאָ זעט איר די קרומע פאַלענעס, וועלכע האָבן זיך ניט געקאָנט אַריינפּאַסן אין דער אָרדנונג־סקירדע, ווייל זיי האָבן קיין חשק ניט זיך לייגן גלייך ווי אַ פלאַכע, כאָטש מיט דער צורה אַראָפּ, אָדער סתם אויספילן אַ חלל אין דער געזעלשאַפט. דאָ געפינט איר אויך די „פּאָליטישע", וועמעס איינציקער פעלער איז זייער איידעלער זינען, זייער גוט האַרץ און זייער הייסער פאַרלאַנג אויפצוהויבן זייערע געפאַלענע ברידער. קורץ, דאָ איז אַ גאַנצע אויסשטעלונג פון די קרבנות פון דער הימלשרייענדיקער אומגערעכטיקייט.

אָט זעט איר דאָרט אַ פאַרברעכער. ער איז אַלט ערשט צוואַנציק יאָר. קיין בלוטסטראָפּן אין געזיכט. ער איז פאַראורטיילט צו זייער אַ שווערער שטראָף פאַר גנבה, דורך אויפברעכן אַ שלאָס. נאָך אַ פּופּצן יעריקער אינגל, איז ער אַנגעקומען אַרבעטן אין אַ טאַבאַק־פאַבריק. פינף יאָר האָט ער דאָרט געאַרבעט און איז דערנאָך אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, ווייל ער איז געווען צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרבעטער, ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ סכסוך צווישן זיי און דעם פאַבריקאַנט. עטלעכע חדשים האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אָן אַרבעט. פון צרות האָט ער מיט זיין חבר, אַ שלאָסער, פאַרטרונקען די לעצטע פּאָר גראָשן. און אָט די צוויי האָבן שכור'ערהייט, ביינאַכט, פאַרבייגייענדיק אַ שפּייכלער, אויפגעבראָכן דעם שלאָס און אַ נעם געטאָן דאָס ערשטע, וואָס איז

זיי געקומען צו דער האַנט. די גנבה איז באַשטאַנען פון עפּעס אַלטוואַרג, וואָס האָט באַטראָפן 3 רובל מיט 60 קאָפּיקעס. מען האָט זיי געפּאַקט. זיי האָבן זיך מודה געווען. דער שלאָסער איז געשטאָרבן אין אָסטראָג, ניט דערלעבנדיק דעם פּראָצעס, און דעם יונגן טאַבאַק־שניידער האָט מען פּראָצעסירט, ווי אַ „גע־פערלעך וועזן, קעגן וועלכן מען דאַרף באַשיצן די געזעלשאַפט".

ווען מען האָט דעם בעל הבית פון די גע׳גנב׳עטע זאַכן אין געריכט אָנגעהויבן אויספרעגן צום וויפלטן מאָל וועגן דער גנבה און דער פּראָקוראָר האָט זיך געקינצלט דורך די פראַגן צו באַווייזן, ווי פאַרלעצט דער אייגנטימער איז געוואָרן דורך דער גנבה, איז אים מיאוס געוואָרן ענטפערנדיק, און ער האָט בייזלעך געזאָגט: „שדים האָבן דאָס געמעגט נעמען אינגאַנצן; איך האָב דאָס גע־דאַרפט האָבן אויף אַ כפּרה. ווען איך וואָלט וויסן, וויפיל אַרומ־שלעפּעניש איך וועל האָבן איבער דעם, וואָלט איך נאָך צוגע־צאָלט עפּעס, ניט נאָר ניט מאָנען. עס קאָסטן מיר שוין איזוואָש־טשיקעס, אַרומפאָרנדיק אויף די דאָפּראָסן, אַ רובל פינף. און איך בין גאָר קראַנק. לאָזט מיך שוין אַמאָל פּטור ווערן . . ." אַזוי אומגעפער האָבן אויך גערעדט די עדות. „דער גנב אַליין האָט, ווי אַ געפאַנגען חיה׳לע, דערשראָקן געקוקט אין אַלע זייטן". ער האָט אַלץ דערציילט און מען האָט אים פאַר׳משפט. די געזעל־שאַפט איז באַשיצט געוואָרן פון אַ געפערלעכער בריאה...

נאָך אַ פּאָר פאַרברעכער: אַ זון מיט אַ מוטער. זיי זיינען פאַראורטיילט צו קאַטאָרגע, פאַר אונטערצינדן. זייער שולד איז ניט באַוויזן געוואָרן. אָבער דער קעגנער זייערער איז אַ רייכער קולאַק, וועמען עס האָט געלוינט זיי אומגליקלעך צו מאַכן, ווייל ער האָט געוואָלט פון דעם יונגנמאַן פּטור ווערן, צוליב אַן אינ־טריגע מיט זיין פרוי. דער קולאַק האָט זיך געלאָזט קאָסטן געלט, פאַרפּלאָנטערט דעם בחור מיט באַווייזן, און דער אָנגעקלאָגטער איז נעבעך אַן אָרעמאַן. זיין אומשולד וואָלט אפשר באַוויזן גע־וואָרן. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין מיטלען צו דינגען אַ גוטן אַדוואָקאַט. און אַליין האָט ער ניט געוואוסט ווי אַרויסצופּלאָנ־טערן זיך פון די יוריסטישע דריידלעך.

און דאָרטן, ווייטער, זעט איר א גאנצע פּארטיע, א 150 מענטשן, אן ארטעל פון ארבעטער. זיי האָבן פארשפּעטיקט פּע־סער ארויסצוגעמען און מען דארף זיי אָפּשיקן אין זייער גע־בורטסשטאָט. שוין א פּאָר חדשים, ווי זיי וואלגערן זיך דאָ אין אָסטראָג, ווייל די טורמע פון זייער שטאָט איז אָפּגעברענט גע־וואָרן, און מען האָט פון דאָרט אָנגעזאָגט, אז מען זאָל זיך אָפּ־האַלטן מיט ארויסשיקן אהין ארעסטאנטן. ווער קימערט זיך וועגן זייערע פאמיליעס, וועגן זיי אליין! און זיי „פיטערן די לייז" אויף זיך, וואלגערנדיק זיך אין געפענקעניש, אָן א פארוואָס, אָן א פאר־ווען.

און אנדער פארברעכער: א גראמאָטנער פויער. זיין פאר־ברעכן איז באשטאנען אין דעם, וואָס ער פלעגט ביי זיך אין דאָרף פאָרלייענען פון יעוואנגעליום פאר די אנדערע פויערים און פאר־טייטשן דאָס אזוי, ווי ער האָט פארשטאנען. דער גייסטלע־כער האָט זיך דערוואוסט און אָנגעזאָגט דעם פּריסטאַוו. דער פּריסטאַוו האָט געשיקט דעם אוריאַדניק. דער אוריאַדניק האָט געמאכט אן אקט און אָפּגעשיקט דעם פארברעכער אויף א דאָפּ־ראָס. דער סלעדעוואטל האָט אים אויסגעפרעגט. דער פּראָקוראָר האָט אויסגעארבעט א שווערע אָנקלאגע פאר גאָטעס־לעסטערונג. די קרימינאַל־פּאַלאַטע האָט אים פאראורטיילט.

און אָט זיינען פּאָליטישע: א מאָגערע, רויטהאָריקע, נער־ווועזע יונגע לערערין. מיט צרות האָט זי געשטודירט, אויף קור־סערנע גראָשנס האָט זי זיך דערוואָרבן אביסל קענטעניש און זיך אריינגעוואָרפן אין דער „באוועגונג" מיט לייב און לעבן, לערנען, אויפקלערן דעם אומוויסנדן, דערהויבן דעם גייסט פונם נידעריקן. אמת, עס איז ביי איר ניטאָ קיין קלאָרקייט אין קאָפּ און זי פּלאָ־פּלט פיל וועגן סעקציעס און אונטער־סעקציעס, גרופּעס, פּראָ־קלאמאציעס, דענקנדיק, אז זי טוט שוין דערמיט אליין אויף וועלטן. אָבער זי טראָגט מיט שמחה איר גורל. זי איז פאראור־טיילט, זי רעכנט זיך פאר א העלדין און איז שטאָלץ מיט דעם, וואָס זי איז זיך מקריב.

אָט איז א נאאיווו, לעבנפול מיידל. מען שיקט זי אָפּ אין

פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, דאָרט לעבעדיקערהייט באַגראָבן צו ווערן. ביי איר אויפן קוואַרטיר האָט מען געפונען פאַרבאָטענע ביכער, וואָס מען האָט איר געגעבן צו באַהאַלטן.

אָבער אָט שיינט מיט אירע גרויסע רונדע, קאַרע אויגן א יונג, בלוטפול, בלענדנדיק-שיין מיידל. איר גוטסקייט, איר האַרציקייט איז צו לייענען אין איר יעדן קער, אין יעדן בליק. פון אירע אויגן שיינען אַרויס וואַרהייט און ליבע. זי איז יונג, בלוט און מילך, איידעלע מאַניערן, נאַטירלעכע איינפאַכקייט — א מוסטער־געשטאַלט פון מענטשן־ליבע. אין אַסטראָג אַפילו האָט זי קיינמאָל ניט געטראַכט פון זיך, נאָר וואָס צו טאָן עפּעס צו פאַרלייכטערן דעם שיקזאַל פון דעם ערשטן נעקסטן ליידנדן. איר פאַרברעכן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס „זי האָט באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערער גרופּע און געוואוינט אויף א קאָנספּיראַטי־ווער קוואַרטיר, אין וועלכער עס איז געווען א געהיימע דרוקעריי. עס איז געווען אַן איבערפאַל. פּאָליציי האָט זיך אַריינגעריסן מיט געוואַלט. די איינוואוינער האָבן זיך באַשיצט. אימיצער האָט אויסגעשאָסן און פאַרוואונדעט א זשאַנדאַר. ווען מען האָט אָנגעהויבן די אונטערזוכונג, אויסצוגעפינען ווער עס האָט גע־שאָסן, האָט זי געענטפערט, אַז געשאָסן האָט זי דאָס, כאָטש אין אמת׳ן האָט זי קיינמאָל אין איר האַנט קיין רעוואָלווער ניט גע־האַלטן און וואָלט אַפילו א פליג ניט געטויט. און אַזוי איז זי פאַר־אורטיילט געוואָרן צו קאַטאָרגע.״

און אַזוי זעט איר אַלערליי מינים פון „פאַרברעכער״ — ווי רעעל, ווי נאַטור־טריי שילדערט זיי דער גרויסער קינסטלער! מען דאַרף האָבן זיין ריינע, רעאַלע פעדער, זיין פעסטע האַנט, כדי צו מאָלן זיי אַזוי אמת׳דיק, אַזוי נאַטור־טריי, אַזוי ניט איבער־טריבן, אַזוי ניט באַפּוצט, ניט פאַרקלענערנדיק און ניט פאַרגרע־סערנדיק. אַלערליי קרבנות זעט איר דאָ, זיי זיינען אומצייליבאַר.

נעכלודאָוו׳ן קומט אויס צו טאָן עפּעס אויך פאַר זיי, א שטיקל טובה בלויז פאַר א טייל פון זיי. אָבער וואו? עס גיט אים נאָר קלערער צו פאַרשטיין די אומבאַהילפלעכקייט, דעם גאַנצן פּלאָנטער, און צו זען, אַז אַלץ איז פאַרקראָכן אַזוי ווייט,

גענונקען אזוי טיף, אז מען קאָן ניט וויסן פון וואנען אַנצוהויבן.

„— דאָס איז דאָך שרעקלעך; זאָל עס דען זיין אמת? — ווענדט זיך נעכלודאָוו צו דעם גרויסן אדוואָקאט פאנארין, בעטנ־דיק אים וועגן איינעם פון די אומגליקלעכע.

— וואָס וואונדערט אייך דאָ אזוי? — פרעגט פאנארין.

— אלץ. נו, איך פארשטיי דעם אוריאדניק, וועלכער מוז טאָן ווי מען הייסט. אָבער דער פּראָקוראָר, א געבילדעטער מענטש . . .

— דאָס זיינען טשינאָווניקעס, וועלכע האָבן נאָר אין זינען דעם 20טן (ווען מען קריגט געהאלט). פאר זיין ארבעט קריגט ער געהאלט, און ער דארף וואָס מער. דערמיט באגרעניצן זיך אלע זיינע פּרינציפּן. ער וועט אייך וועמען איר ווילט באשולדיקן, אַנקלאָגן, פאראורטיילן."

. . .„— אָבער עס קאָן דאָך ניט זיין, — וואונדערט זיך שפּעטער ווידער נעכלודאָוו.

— און איך זאָג אייך: איך זאָג דאָס שטענדיק צו די הערן ריכטער — האָט פאָרגעזעצט דער אדוואָקאט, — אז איך בין תמיד דאנקבאר, ווען איך דערזע זיי נאָר. וואָרים אויב איך און איר און מיר אלע זיינען נאָך ניט איינגעשפּארט אין אסטראָג, איז דאָס נאָר צו פארדאנקען זייערע חסדים. און ס'וואָלט געווען די לייכט־סטע זאך צו אָנווענדן אויף יעדן פון אונז דאָס געזעץ, לויט וועלכן מען זאָל פון אונז אָפּנעמען אלע רעכטן און אונז פארשיקן אין די ווייטסטע פּלעצער.

— אויב אזוי, אויב אלץ הייננט אָפּ פונם ווילקיר פון א פּראָ־קוראָר און פון די מענער, וואָס קאָנען אָנפּאסן דאָס געזעץ אזוי אָדער ניט אזוי, ווי זיי פארווילט זיך בלויז, טאָ וואָס באדייטעט דער גאַנצער געריכטס־וועזן?!

„דער אדוואָקאט האָט זיך צעלאכט: — אָט וועלכע פראגן איר שטעלט! נו, טייערער, דאָס איז פילאָזאָפיע. א יאָ, פארוואָס ניט? מען קאָן איבער דעם אויך אביסל שמועסן. אָט אדרבא, קומט צו אונז שבת צו גאסט. איר וועט ביי מיר יעדן שבת אָוונט טרעפן וויסנשאפטסמענער, ליטעראטן, קינסטלער; דאן קאָן מען

שמועסן וועגן אַלגעמיינע פראַגן, — האָט געזאָגט דער אַדוואָקאַט, אַרויסרײדנדיק מיט אַן איראָנישן פּאַטאָס די ווערטער „אַלגעמיינע פראַגן" — מיט מיין פרוי זיינט איר שוין באַקאַנט? קומט צו פאָרן . . ."

געוויס, ווי זאָל דער אַדוואָקאַט ניט לאַכן פון אַזאַ נאַאיווי־טעט? אמת, ער איז ניט קיין טשינאָווניק, אָבער אַ שיינע זאַך וואָלט דאָס געווען, ווען ניט דאָס געריכטסוועזן. ער וואָרט ניט אויף דעם 20טן צו קריגן זיין געהאַלט. אָבער שווערע טויזנטער מאַכט ער פון די וואונדן און אָנרייסונגען אויף דעם געזעלשאַפט־לעכן קערפּער. שמועסן וועגן די „אַלגעמיינע פראַגן" מעג מען. זיין פרוי אַראַנזשירט אָוועגטן יעדן שבת־צו־נאַכט. דאָרטן קומען וויסנשאַפטלעכע, ליטעראַטן, קינסטלער, פּאָעטן; און עס וואָלט זיך זייער פּאַסן צום רומל, אַז אַ פירסט זאָל אויך זיין זיין גאַסט. דאָרט דיסקוטירט מען וועגן אַלדאָס גוטס. אָבער וואָס איז שייך!... און פאַר דער ביטשריפט, וואָס ער שטעלט צוזאַמען פאַר נעכלודאָוו׳ן פון אַן אומשולדיקן אָפּפערס וועגן, הייסט ער זיך באַצאָלן אַ טויזנט קערבלעך, און ער האָט, חס־וחלילה, קיין זאַך ניט אויפן געוויסן. ער טוט זיך זיין זאַך.

און דער שעף פון געפענקעניש? אַך, רעדט מיט אים, וואָס פאַר אַ האַרטע, שווערע עובדה ער האָט. עס איז דאָך ניט אַזוי לייכט צו מאַטערן מענטשן. ער מאַטערט און דענקט: ערשטנס, מוז מען דאָך לעבן; צווייטנס, איז דאָס זיין פליכט, אפילו אַ שווערע פליכט, אָבער אַלץ אָנגעזעענער איז ער ביי זיך; דריטנס, אַן אַנדערער אויף זיין פּלאַץ וואָלט נאָך ערגער זיין. און ער דאַרף דאָך דערנערן אַ פאַמיליע.

און דער גלח? ער טוט אויך מיט אַ רואיקן געוויסן די אַלע פּאַקסן. „וואָרים פון קינדהייט אָן איז ער געווען אַזוי דערצויגן. אַלע הייליקע מענטשן, וואָס האָבן געלעבט פאַר אים, האָבן גע־גלויבט, אַז דאָס איז דער איינציקער אמת׳ער גלויבן און די איצ־טיקע גייסטלעכע און וועלטלעכע נאַטשאַלסטוואָ גלויבט אַזוי. ער האָט ניט געגלויבט, אַז פון טייג ווערט טאַקע קריסטוס׳עס קער־

פער און אז פארזוכנדיק א שטיקל פונם הייליקן ברויט, פארזוכט ער א שטיקל גאט — דעריין קאָן מען ניט גלויבן. ער האָט נאָר גע־גלויבט, אז מען דארף אין דעם גלויבן. און הויפּטזעכלעך האָט זיך אָט דער גלויבן פאר אים באשטעטיקט דורכדעם, וואָס פאר דער דערפילונג פון אזא גאָטעס־דינסט קריגט ער שטענדיקן גע־האלט שוין צייט אכצן יאָר און דערנערט גאנץ שיין א פאמיליע, א זון אין גימנאזיע, א טאָכטער אין שולע״...

און דער דיאַטשאָק? ער איז, אפילו, ניט קיין וויכטיקע פערזענלעכקייט. א שטיקל שמש בלויז. ער האָט אָבער אויך אזוי געגלויבט, און נאָך פעסטער ווי דער גלח. וואָרים אים זיי־נען אינגאנצן לאנג פון זינען ארויס די עיקרים פון גלויבן. ער האָט נאָר געוואוסט, אז פאר אָנצינדן די ליכט, פאר א „מי שברך״, פאר אן „אל מלא רחמים״, פאר יעדע שטיקל פון זיין ארבעט איז דאָ שוין דער באשטימטער פרייז. און מענטשן דארפן דאָך דאָס. „און דערום האָט ער זיך געטאָן זיין ארבעט רואיק, מיט א ריינעם געוויסן, מיט דעם זעלבן באוואוסטזיין פון דער נויטווענדיגקייט, ווי מענטשן פארקויפן ברויט, האָלץ, קארטאָפל״...

און דער אלטער גענעראל, „פון וועמעס ווילן עס איז אָפּהיינ־גיק א פארלייכטערונג אין דעם שיקזאל פון די איינגעשפּארטע אין פעטראָפּאוולאָווסקער פעסטונג? זיין פליכט איז באשטאנען צו האלטן אין געפענקעניש, אין קאזעמאטן, אין איינצלהאפט די פּאָ־ליטישע פארברעכער און פארברעכערינס, און האלטן אָט די מענטשן אזוי, אז האלב פון זיי זיינען אין פארלויף פון צען יאָר אויסגעטיליקט געוואָרן, טיילווייז אראָפּ פון זינען, טיילווייז גע־שטאָרבן, און טיילווייז זיך אליין דאָס לעבן גענומען: ווער דורך פארהונגערן, ווער דורך איבערשניידן זיך די אָדערן מיט א שטיק גלאָז, ווער דורך אויפהייננגען זיך אָדער דורך אונטערצינדן זיך.״

אמת, אָט דער אלטינקער גענעראל איז שוין עובר בטל, און ער פארברייננגט זיין צייט, מאכנדיק צוזאמען מיט א יונגן קינסטלער ספּיריטואליסטישע עקספּערימענטן מיט א טעלערל אי־בער א בלאַט פּאַפּיר אויף א קליינעם טישל. „אָט דאָס טעלערל דארף זיי ענטפערן אויף דער פראגע, ווי אזוי די נשמות וועלן

זיך דערקענען אויף יענער וועלט.״ יאָ, ער איז עובר בטל, דער אַלטער. „ער האָט אָבער געוואוסט אַלץ, וואָס קומט פאַר מיט די ארעסטאַנטן, דאָס אַלץ איז געווען פאַר זיינע אויגן. אָבער די אַלע פאַלן האָבן ניט גערירט זיין געוויסן, פונקט אַזוי ווי זיין געוויסן האָט ניט געליטן פון אומגליקס-פאַלן, וואָס טרעפן פון אַ שטורם, פון אַ פאַרפלייצונג, א. א. וו. — די פאַלן האָבן דאָך פּאַסירט דורכדעם, וואָס עס זיינען אויסגעפירט געוואָרן די פאַר־שריפטן פון אויבן, אין נאָמען פון דעם „גאָסודאַר אימפּעראַטאָר״. אַזעלכע פאַרשריפטן מוזן דערפילט ווערן אומפאַרמיידלעך, און דערום האָט דאָך קיין זין ניט צו טראַכטן וועגן די פאָלגן פון אָט די פאַרשריפטן. דער אַלטער גענעראַל האָט זיך ניט דערלויבט צו דענקען וועגן אַזעלכע זאַכן, רעכענענדיק פאַר זיין פּאַטריאָטיש־סאָלדאַטסקן חוב וויניקער צו דענקען, כדי ניט אָפּצושוואַכן דורכדעם די דערפילונג פון זיינע זייער וויכטיקע פליכטן״.

און אויף וויפיל אין דעם גענעראַלסקן פליכן קאָפּ באַוועגט זיך נאָך אַ שטיקל מאַרך, דענקט ער, אַז די איינגעשפּאַרטע לעבן ניט שלעכט, און ער דערקלערט נעכלודאָוו׳ן:

„— פריער, אמת, איז געווען גאַנץ שטריינג, אָבער איצט האָבן זיי זיך גאַנץ גוט. זיי עסן דריי געריכטן און איין געריכט איז תמיד פלייש: צעהאַקטע אָדער קאָטלעטן. גיב גאָט, אַז יעדער רוס זאָל אַזוי עסן״ . . . „ביכער גיט מען זיי פון רעליגיעזן אינ־האַלט און אַלטע זשורנאַלן אפילו. ביי אונז איז דאָ פאַר זיי אַ בי־בליאָטעק. אָבער זיי לייענען זעלטן. אין אָנהויב אינטערעסירן זיי זיך כלומר׳שט, און דערנאָך בלייבן די ביכער האַלב ניט אויפ־געשניטענע, און די אַלטע ביכער בלייבן ניט איבערגעקערט אַ בלעטל אפילו. מיר האָבן שוין נאָכגעשפּירט, — האָט מיט אַ ווייטער ענלעכקייט צו אַ שמייכל געזאָגט דער אַלטער גענעראַל. — מיר האָבן מיט אַ כיוון אריינגעלעגט פּלעצערווייז שטיקלעך פּאַ־פיר. עס איז געבליבן ניט ארויסגענומען. און אַזוי געפינט זיך ביי זיי אוויך ניט קיין לוסט צום שרייבן. מען גיט דאָך זיי שוואַרצע ברעטלעך און גריפל, און זיי וואָלטן געקאָנט שרייבן פון צייט־פאַרטרייב וועגן. זיי קאָנען שרייבן, אָפּמעקן און ווייטער שרייבן.

אָבער זיי שרייבן ניט. ניין, זיי ווערן אין א קורצער צייט גאנץ רואיק. נאָר אין אָנהויב באַאומרואיקן זיי זיך אביסל, און דער־נאָך הויבן זיי אָן אפילו פעטער צו ווערן און ווערן זייער שטיל, — האָט געזאָגט דער גענעראַל, ניט פאַרדעכטיקנדיק וואָס פאַר א שרעקלעכע באדייטונג עס האָבן געהאַט זיינע ווערטער."

אָט ציט זיך דער גרויסער עטאַפּ פון קרבנות, ניט דוקא „פּאָ־ליטישע". דער טאָג איז א הייסער, א ברענענדיקער, און עס פאַלן איינער נאָך דעם אנדערן די אומגליקלעכע. מען ראַמט אָפּ פון וועג די טויטע און מען טרייבט ווייטער די האַלב־לעבעדיקע.

„— פאַרוואָס איז דאָס אזוי? — האָט זיך געווענדט נעכ־לודאָוו צום דאָקטאָר.

„דער דאָקטאָר האָט אויף אים א קוק געטאָן איבער די ברילן.

„— וואָס מיינט איר? דאָס וואָס זיי פאַלן פון זונען־שטיך? דאָס איז איינפאַך: זיינען געזעסן אָן באַוועגונג, אָן א שטראַל ליכט דעם גאַנצן ווינטער, און מיט איינמאָל אויף דער זון. און אין אזא טאָג ווי היינט. און אזוי געדיכט גייען זיי צוזאַמען, אזא מאַסע מענטשן, קיין לופט־שטראָם קאָן ניט דורכ־גיין. נו, אָט אזוי פאַלן זיי.

„— טאָ פאַרוואָס זשע טרייבט מען זיי?

„— נו, דאָס פרעגט זיי. און ווער זיינט איר אייגנטלעך?

„— איך בין א זייטיקער מענטש.

„— אָ, אזוי! . . . — נו, זייט זיך מיר געזונט, איך האָב קיין צייט ניט, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר און איז אוועק ווייַ־טער, צו די רייען פון די קראַנקע."

געוויס, דער דאָקטאָר, ער איז דאָך אודאי ניט שולדיק. ער פאַרשטייט אפילו פון וואַנען דער שלאָג קומט. און ריידן וועגן דעם מיט א זייטיקן מענטשן איז גאַנץ איבעריק, ער האָט קיין צייט ניט, און מען דאַרף גלאָט זיין פאָרזיכטיק.

אזוי דרייט זיך די העלישע מאַשין, רעדלעך מיט ציינדלעך, איינע אין די אנדערע. זיי באַוועגן איינע די אנדערע, און עס גייט מיט אַן אימפּעט און האַלט שטענדיק אין דרייען זיך, אז עס

איז שווער אויסצוגעפינען, וואו איז דאָס ערשטע רעדל, וואו איז דאָס לעצטע. און אזוי האלט עס אין איין דרייען און מאָלן און דריקן און פּרעסן. און עס פאלן קרבנות, קרבנות און קרבנות.

''For they starve the little frightened child
Till it weeps both night and day;
And they scourge the weak, and flog the fool,
And gib the old and gray,

And some grow mad, and all grow bad,
And none a word may say.''

„דאָס, וואָס נעכלודאָוו האָט באַאָבאַכט אין פארלויף פון אַט די דריי חדשים, האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אויף פאָלגנדן אופן: פון די אלע מענטשן, וואָס לעבן אין פרייהייט, האָבן זיך אויפגעקליבן די סאמע נערוונע, היציקע, אויפגערעגטע, באַגאַבטע און קרעפטיקע, און די וואָס זיינען ווייניקער כיטרע און פאָרזיכטיק ווי די איבעריקע. און אַט די מענטשן, וועלכע זיינען בשום אופן ניט שולדיקער אָדער געפערלעכער פאר דער געזעלשאפט, איידער די וואָס בלייבן פריי, ווערן איינגעשפּאַרט אין די טורמעס, אין די אסטראָגן, געטריבן אין עטאַפּן, אויף קאטאָרגע, וואו מען האָט זיי געהאַלטן אַרבעטלאָז יאָרנלאַנג, אָן שטערבן פאר חיונה און וויט פון דער נאַטור, פון פאַמיליע, פון ארבעט, דאָס הייסט ווייט פון די נאַטירלעכע און מאָראלישע פאראהעלטעניש פון מענטשלעכן לעבן. דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, זיינען די אַלע מענטשן אין אַט די אנשטאַלטן געווען אונטערגעוואָרפן צו אַלערליי אומזיסטע דערנידערונגען, — קייטן, געגאָלטע קעפּ, שענדלעכע קליידונג, דאָס הייסט, מען האָט פון זיי אָפּגענומען דעם הויפּט מאָטיוו, וואָס עס באוועגט דעם גוטן לעבן פון די שוואכע מענטשן — די זאָרג פאר דער עפנטלעכער מיינונג, בושה, דעם באוואוסטזיין פון מענטשנווירדע. דריטנס, זייענדיק שטענדיק אונטערוואָרפן דער געפאר פארן לעבן — שוין ניט רעדנדיק וועגן אויסנאָמען אין אומגליקספאַלן, ווי זונען־שטיך אין די עטאַפּן, טויטנ־

פאַלן פון עפּידעמישע קראַנקהייטן אין געפענקעניש, פאַרשמיסן, פאַרמאַטערט ביז טויט — האָבן זיך די מענטשן איינגעפונען תמיד אין אַזאַ לאַגע, אין וועלכער אפילו דער בעסטער, דער איידעלסטער מענטש איז פּייאיק צו באַגיין און קאָן אויך פאַרציילן דעם אַנדערן, וואָס באַגייט די שרעקלעכסטע און האַרטהאַרציקסטע טאַטן. פּערטנס, האָט מען אָט די מענטשן צענויפגעטריבן מיט אַזעלכע, וואָס זיינען אויסנאַמסווייז פאַרדאָרבן אין לעבן (און באַזונדערנס נאָך ווען זיי זיינען אין אַזעלכע אַנשטאַלטן), צולאָזענע, מערדער, רויבער, וועלכע האָבן געווירקט, ווי הייוון צו פאַרזויערן טייג, אויף די אַלע, וואָס זיינען נאָך פון לעבן ניט פאַרדאָרבן געוואָרן; און ענדלעך, פינפטנס, האָט מען דורך דער אונטערוואַרפונג צו אַזעלכע פאַרהעלטענישן געווירקט אויף די אַלע מענטשן מיט די שטאַרקסטע איבערצייגונגס-מיטלען: דורך אַלע אוממענטשלעכקייטן, וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן זיי אַליין — דורך מוטשען קינדער, פרויען, אַלטע לייט; דורך שלאָגן, שמייסן, דערנידעריקן, באַליידיקן; דורך באַלוינען יעדן איינעם, וואָס מסר׳ט אויף דעם אַנדערן, אָדער וואָס וועט צושטעלן טויט אָדער לעבעדיק אַן אַנטלאָפענעם; דורך צעשיידן מענער פון זייערע פרויען, עלטערן פון זייערע קינדער און צונויפפירן פרעמדע מענער מיט פרעמדע פרויען; דורך צעשיסן, הייננען א. א. וו. — דורך אָט די אַלע מיטלען האָט מען געווירקט איבערצייגנדיק אויף די מענטשן, אַז אַזעלכע פאַרגוואַלטיקונגען, פאַרדאָרבנקייטן, רציחה, בעסטיאַליטעט, זיינען ניט נאָר ניט פאַרבאָטן, נאָר זיי ווערן דערלויבט פון דער רעגירונג, אויב עס לוינט נאָר פאַר אירע רעגירונגס-צוועקן.״

„ניט־שוין־זשע טוט זיך דאָס אַלץ אויס אומפאַרשטאַנד?״ האָט זיך געטראַכט נעכלודאָוו. „ווי זשע זאָל מען איינריכטן אַזוי, אַז מען זאָל זיכערן פאַר די אַלע טשינאָווניקעס זייער געהאַלט, און אפילו זיי געבן פּרעמיעס דערפאַר, אַז זיי זאָלן ניט טאָן דאָס אַלץ, וואָס זיי טוען?״

מיר וועלן זען די מערקווירדיקע רפואה, וואָס ער האָט געפונען דערצו.

.3

„האָסטו גאָר געוואָלט,
איך זאָל דאָס לעבן האַסן,
אין די מדבריות לויפן,
ווייל נאָך ניט אַלע
בלומען־טרוימען זיינען צייטיק!״
(פראָמעטעאוס)

פארוואָס האָט טאָלסטאָי א נאָמען געגעבן זיין ראָמאַן „תחית המתים״? איז דער העלד פון זיין ראָמאַן, פירסט דמיטרי נעכלודאָוו, געוואָרן פון טויט לעבעדיק? האָט ער אריינגעבלאָזן א נייע נשמה אין די צעטרייסלטע ביינער פון דעם פאַרצווייפלטן? האָט ער פאַר דער פארשמאַכטער זעל פון דעם מידן וואנדערער אין אָט דער פוסטער וועלט, אין אָט דער וויסטער וועלט, געפונען א דערקוויקנדיקן לעבנס־קוואַל אָפּצופרישן זי מיט הייטערן לעבן און ברייטערן שטרעבן?

אַלע באַמיאונגען נעכלודאָוו׳ס צו טאָן עפּעס גוטס פאַר זיין ברודער־מענטש, פאַר דעם דערנידעריקטן און באַליידיקטן, זיינען כמעט געווען אומזיסט. וואָס קאָן איינער אויפטאָן אין אַזאַ גרויסער פאַרדאָרבענער וועלט? און בפרט אז נעכלודאָוו האָט ניט געזוכט אויסצוגראָבן דעם עיקר פון די ליידן, נאָר האָט זיך בלויז געווענדט צו די טובות פון די שולדיקע אין די אַלע ליידן, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען. און זיין פאַנטאַזירן אין דער גאַנצער צייט, אז ער וועט פאַרריכטן דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט פאַרורזאַכט קאַטיושאַ׳ן, איז אויך צעשלאָגן געוואָרן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אים און אָנגענומען די האַנט פון א „פּאָליטישן״, איינער פון די ערהאַבנסטע זעלן, וועלכע נעכלודאָוו האָט באַגעגנט צווישן אָט די וועלט־פאַרבעסערער.

„זיינע באַציאונגען צו קאַטיושאַ׳ן זיינען געווען צו ענד. זי האָט אים ניט געדאַרפט מער, און אים איז דערפון געוואָרן טרויעריק און מיאוס. אָבער ניט דאָס האָט אים איצט געמאַטערט. זיינע אַנדערע פאַרהעלטענישן האָבן זיך ניט נאָר ניט געענדיקט, נאָר האָבן נאָך שטאַרקער ווי ווען עס איז אים געמאַטערט און

געפאָדערט פון אים טעטיקייט. די אַלע שרעקלעכע איבלען, וועלכע ער האָט דערזען און דערקענט פאר דער לעצטער צייט, און באַזונדערס היינט אין אָט דער שרעקלעכער טורמע, אָט די אַלע איבלען, וועלכע האָבן פארניכטעט אויך דאָס לעבן פון דעם ליבן קרילצאָוו — דאָס אַלץ האָט טריאומפירט, האָט געהערשט און עס האָט זיך ניט געזען קיין מעגלעכקייט ניט בלויז צו באַזיגן דאָס אַלץ, נאָר עס האָט געפעלט אפילו דאָס פארשטיין, ווי עס צו באַקעמפן. אין זיין געהירן האָבן זיך איצט פאָרגעשטעלט אָט די פארשפּאַרטע אין דער פארפעסטעטער לופט, הונדערטער און טויזנטער געשענדעטע מענטשן, פארשפּאַרט און פארשטיקט פון גלייכגילטיקע גענעראַלן, פּראָקוראָרן, אויפזעער" . . . „און די פריערדיקע פראגע וועגן דעם, צי ער, נעכלודאָוו, איז משוגע, אָדער משוגע זיינען די מענטשן, וואָס רעכענען זיך פאר פאַר־נינפטיק און טוען דאָס אַלעס, אָט די פראַגע האָט זיך פאר אים אויפגעשטעלט מיט נייער קראַפט און האָט געפאָדערט אַן ענט־פער."

פון גרוים ביז לעכערלעך, זאָגט מען, איז בלויז איין שריט. שטעלט זיך פאָר וואו ער האָט געפונען דעם ענטפער! ניט אין די מאָדערנע וויסנשאַפטן, ניט אין פילאָזאָפישע סיסטעמען, ניט אין איינער פון די אַלע סאָציאַלע רעפאָרמען פון אונזער צייט. ניין. ער האָט געעפנט דעם גוי'אישן חומש'ל, די יעוואַנגעליע, און דאָרטן האָט ער עס געפונען דעם ענטפער אויף אַלע קשיות, וואָס האָבן ביז איצט צעמאַטערט זיין נשמה. דאָס ערשטע בלעטל האָט ער נאָר איבערגעלייענט, וואָס האָט זיך צופעליק געעפנט פאר אים, און —

„מיט נעכלודאָוו׳ן האָט פּאַסירט דאָס, וואָס עס פּאַסירט אָפט מיט מענטשן, וועלכע לעבן איבער אַ גייסטיק לעבן. דער געדאַנק, וואָס האָט אים פריער אויסגעקוקט זאָנדערבאַר, ווי אַ פּאַראַדאָקס, אפילו לעכערלעך, און וואָס האָט פונדעסטוועגן אַלץ מער און מער געפונען אַ באַשטעטיקונג אין לעבן, האָט זיך פאר אים איצט פאָרגעשטעלט ווי די איינפאַכסטע, אומצווייפלהאַפט־סטע וואַרהייט. אַזוי איז פאר אים דייטלעך געוואָרן איצט דער געדאַנק, אַז דער איינציקער, אומצווייפלהאַפטער מיטל צו ראַ־טעווען זיך פון אָט די שרעקלעכע איבלען, פון וועלכע מענטשן ליידן, באַשטייט נאָר דעריין, אַז מענטשן זאָלן זיך תמיד אָנער־קענען אלס שולדיקע קעגן גאָט און דערום וועלן זיי זיך גע־

פינען פאַר אומפּייאיק צו באַשטראָפן אָדער אויסבעסערן אַנדערע מענטשן. אים איז געוואָרן קלאָר איצט, אַז די אַלע שרעקלעכע איבלען, פון וועלכע ער איז געווען אַן עדות אין די טורמעס און אַסטראָגן, און די רואיקע זעלבסט־איינבילדונג פון די, וועלכע האָבן געשאַפן דאָס גאַנצע איבל, קומט אַרויס נאָר דערפון, וואָס מענטשן האָבן געוואָלט טאָן דאָס, וואָס איז אוממעגלעך: זייענ־דיק אַליין שלעכט, ווילן זיי אויסבעסערן דאָס שלעכטע. זינדיקע מענטשן ווילן אויסבעסערן זינדיקע מענטשן און דענקען עס אויס־צופירן אויף אַ מעכאַנישן וועג. און פון דעם אַלעם איז אַרויס־געקומען דאָס, וואָס די מענטשן, אַ טייל אויס נויט און אַ טייל אויס זעלבסטזוכט, האָבן זיך געמאַכט פאַר אַ פּראָפעסיע אָט די באַשטראָפונג און אויסבעסערונג פון מענטשן, זיינען אַליין מורא׳דיק פאַרדאָרבן און אויסגעלאָסן געוואָרן און האָבן ניט אויפ־געהערט צו פאַרדאַרבן אויך די, וועלכע זיי האָבן געמאַטערט.״

טאָמער איז דערפון נאָך ניט קלאָר נעכלודאָוו׳ס קלאָרקייט אין איינזען „די אומצווייפלהאַפטע מיטלען צו ראַטעווען זיך פון שרעקלעכן איבל״, געפינט ער, — שוין ניט טאָלסטאָי דער קינ־סטלער, נאָר טאָלסטאָי דער פּריידיקער, — דעם גרעסטן תירוץ אויף אַלע קשיות. „דאָס איז דער תירוץ, וואָס קריסטוס האָט געגעבן פּעטרוס׳ן: ער באַשטייט אין דעם, שטענדיק מוחל צו זיין, אַלעמען, אָן אַ שיעור מוחל זיין. וואָרים עס זיינען ניטאָ אַזעלכע מענטשן, וועלכע זיינען אַליין ניט שולדיק און זאָלן דערום קאָנען באַשטראָפן אָדער אויסבעסערן״.

אָבער עס שיינט, אַז נעכלודאָוו איז צופיל סקעפּטיקער, ער זאָל דורכן גלויבן אַליין אין קריסטוס׳עס סוד פון מחילה וסליחה שוין געפונען ווערן און אַלץ זאָל אים אויסקומען אַזוי „קלאָר״ און אַזוי „דייטלעך״; ער איז צופיל האַמלעט באַפּרידיקט צו ווערן פון אָט דעם גלויבן; צופיל גריבלענדיקע נאַטור צו באַנוגענען זיך מיט אַ דאָגמע, ניט וועלנדיק ציען פון איר שלוסן; צופיל מאָ־דערנער מענטש ניט צו זוכן דעם פּראַקטישן אויספיר פון עפּעס און צו געבילדעט צו באַגרינדן אַן אידעאַל אויף הייליקע ווערטער בלויז. און מערקווירדיק, ער מאַכט די אויספירונגען אַזוי ווי עס מאַכן ניט־יעוואַנגעליסטן און טאַשט אונ־טער צו אָט די אויספירונגען אַזעלכע גרינדע, וועלכע האָבן

גאָרנישט צו טאָן מיטן עוואַנגעליזם, נאָר זיינען די קלאָרע, לאָגי־שע אויספירונגען פון מאָדערנער פילאָזאָפיע און דיזעלבע גרינדע פון אלע פּאָרגעשריטענסטע סאָציאַלע דענקער אין זייערע אָפּ־האַנדלונגען איבער פאַרברעכן און שטראָף.

„עס קאָן דאָך ניט זיין, אַז דאָס אַלץ זאָל זיין אַזוי איינפאַך", האָט זיך געטראַכט נעכלודאָוו. ער האָט אָבער אָן צווייפל געזען, אַז דאָס איז זיכער ניט בלויז די טעאָרעטישע, נאָר אויך די פּראַקטישע לייזונג פון דער פראַגע. די שטענדיקע איינוועגדונג וועגן דעם, וואָס בלייבט צו טאָן מיט די מערדער און רויבער? זאָל מען זיי דען לאָזן אומבאַשטראָפט? — דאָס האָט אים איצט ניט באַקימערט. אָט־די איינוועגדונג וואָלט געהאַט אַ באַדייטונג, ווען עס וואָלט באַוויזן געוואָרן, אַז באַשטראָפונג פּאַרמינדערט פאַרברעכן, בעסערט אויס די פּאַרברעכער. עס איז דאָך אָבער באַוויזן געוואָרן אַקוראַט פאַרקערט, און עס איז קלאָר, אַז ס׳איז ניט אין דער מאַכט פון מענטשן אויסצובעסערן די אַנדערע. דאָן וואָס עס בלייבט, אַלס די איינציקע פּאַרנינפטיקע זאַך וואָס איר קאָנט טאָן, איז: אויפהערן טאָן דאָס, וואָס איז ניט נאָר אומניצלעך, נאָר אויך שעדלעך און, אויסערדעם, אויך זיטנלאָז און פּאַרדאָרבן! שוין יאָרהונדערטער ווי איר פּייניקט מענטשן, וועלכע איר רעכנט פאַר פּאַרברעכער. נו, האָבן זיי אויפ־געהערט צו עקזיסטירן? ניין, זייער צאָל האָט זיך נאָך פּאַרמערט מיט די פּאַרברעכער, וועלכע ווערן פּאַרדאָרבן דורך באַשטראָפונג, און דערצו נאָך די פּאַרברעכער־ריכטער, פּראָקוראָרן, אונטערזוכונגס־ריכטער, טורמע־באַאַמטע, וועלכע אורטיילן און שטראָפן מענטשן. נעכלודאָוו האָט איצט פּאַרשטאַנען, אַז די געזעלשאַפט און די אָרדנונג אין אַלגעמיין עקזיסטירן ניט דערפּאַר, ווייל עס זיינען דאָ אָט די פּאַרגעזעצלעכטע פּאַרברעכער, וואָס משפּט׳ן און באַשטראָפן אַנדערע מענטשן, נאָר דערפאַר, ווייל ניט געקוקט אויף אָט־דער פּאַרדארבונג פונדעסטוועגן ליבן נאָך די מענטשן איינע די אַנדערע און האָבן מיטלייד איינע מיט די אַנדערע."

אָט־די געדאַנקען נעכלודאָוו׳ס זיינען שוין יאָ קלאָר און דייטלעך. זיינען זיי אַ פּאָלגע פון דער לערע פון עוואַנגעליום? ניין, דאָס זיינען די אויספירונגען פון די מאָדערנע דענקער. דאָס האָט נעכלודאָוו ערגעץ אויסגעשטודירט. וואָרים צו וויסן, אַז אין משך פון יאָרהונדערטער, וואָס עס פּראַקטיצירט זיך אָרדנונג אויף גרונט פון געזעצן, אויף גרונט פון שטראָף פאַר פּאַרברעכן,

האָט זיך ניט פאַרמינדערט, נאָר פאַרמערט די צאָל פון פאַר־ברעכנס, — דאָס צו וויסן דאַרף מען זיין אַ מענטש פון בילדונג. פאַר דעם ווילדן, אומגעבילדעטן פאַרשטאַנד דאַרף זיך גראָד אויסווייזן פאַרקערט, אַז מען באַשטראָפט זאָל עס יאָ זיין אַ הילף קעגן פאַרברעכן.

די פראַגע איז דאָן, אויב נעכלודאָוו איז געקומען צו אָט־די שלוסן אויף גרונט פון עקספּערימענטאַלן פאָרשן, אויף גרונט פון דעם וואָס איז אונטערזוכט און אויסגעפונען געוואָרן, קאָנען דען אָט די געדאַנקען ניט ווערן זיינע פעסטע איבערצייגונגען אָן אַ גלויבנס־פּאַדפּאָרע, אָן אַן אַלט־רעליגיעזן מאַנטל ?

אָבער ניין, פאַר נעכלודאָוו'ן איז עס צו ווייניק. ער איז צופיל מיסטיקער צו שטיצן זיך אויף קלאָרע געדאַנקען ; צופיל טרוימער צו האָבן צו טאָן בלויז מיט פאַקטן ; צו פאַרצווייפלט צו פאַרלאָזן זיך אויף זיין פאַרשטאַנד ; צו פעסימיסטיש צו געפינען די לייזונג אין דער מענטשלעכער נאַטור אַליין. אין דעם „ליבן איינע די אַנדערע און האָבן מיטלייד איינע מיט די אַנדערע, ניט געקוקט אויף אָט־דער פאַרדאַרבונג" מצד געזעצן און ריכטער, וואָס זיין איינענער שׂכל אַנערקענט. ער דאַרף זוכן אַ פּאַדפּאָרע, אַן אונטערשטיצונג אין דער הייליקער תורה.

„האָבנדיק געפונען אַ באַשטעטיקונג פאַר אָט־דעם געדאַנק אין דער זעלביקער יעוואַנגעליע האָט נעכלודאָוו זי אָנגעהויבן לייענען פון אָנהויב אָן", און ער האָט געפונען „ניט אַבסטראַקטע, שיינע געדאַנקען, נאָר איינפאַכע, קלאָרע און פּראַקטישע אויס־פירבאַרע געבאָטן, וואָס, אויב מען זאָל זיי דערפילן (וואָס איז פולשטענדיק מעגלעך), וואָלט דאָס איינפירן אַ וואונדערלעכע, גאַנץ נייע איינריכטונג אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס וואָלט ניט נאָר פון זיך אַליין פאַרניכט געוואָרן יעדע געוואַלט, וואָס האָט אַזוי עמפּערט נעכלודאָוו'ן, נאָר עס וואָלט דערגרייכט ווערן יענער העכערער וואוילזיין, וואָס איז צוגענגלעך פאַר דער מענטשהייט — גאָט'ס הערשאַפט אויף דער ערד."

יאָ, פון גרויסן ביזן לעכערלעכן איז בלויז איין שריט. צו

וואָס די אַלע סאָציאַלע וויסנשאַפטן, די פאָרשונגען פון דער מענטשלעכער נאַטור, פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, די אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטן, די אַנטראָפּאָלאָגישע, סאָציאָ־לאָגישע און אַלע אַנדערע לאָגישע גריבלונגען, באַטראַכטונגען, פאָרשונגען און דערפינדונגען! מעקט דאָס אַלעס אָפּ, און אָט וואו עס געפינט זיך די סגולה מוחלטת פאַר אַלע נגעים ופגעים פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּלאָנטער: אין עוואַנגעליום געפינען זיך קליינע „לא תעשה'ס", פון וועלכע איר קאָנט מאַכן „עשה'ס" און הנאה האָבן פון הימלשן וואוילטיק אויף דער ערד.

„אָט־די געבאָטן זיינען פינף.

„דער ע ר ש ט ע ר ג ע ב אָ ט באַשטייט דעריין, אַז אַ מענטש דאַרף ניט נאָר ניט מאָרדן, נאָר דאַרף אַפילו ניט אין כעס זיין אויף אַ ברודער, דאַרף קיינעם ניט רעכענען פאַר אַ פּוסטיאַק (רק), און אויב ער צעקריגט זיך מיט אימיצן, דאַרף ער מיט אים שלום שליסן פריער, איידער ער זאָל ברענגען אַ קרבן צו גאָט, ד. ה. דאַווענען.

„דער צ ו ו י י ט ע ר געבאָט באַשטייט דעריין, אַז אַ מענטש טאָר ניט נאָר ניט זינדיקן געשלעכטלעך, נאָר דאַרף אויסמיידן הנאה צו האָבן פון דער שיינקייט פון אַ פרויענצימער, און איינמאָל איז ער זיך צונויפגעקומען מיט אַ פרוי, טאָר ער איר קיינמאָל ניט אומטריי בלייבן.

„דער ד ר י ט ע ר געבאָט באַשטייט דעריין, אַז אַ מענטש טאָר זיך ניט פאַרפליכטן דורך אַ שבועה צו וואָס עס איז.

„דער פ ע ר ט ע ר געבאָט באַשטייט דעריין, אַז אַ מענטש דאַרף ניט נאָר ניט אויסשלאָגן אַן אויג פאַר אַן אויג, נאָר דאַרף נאָך אונטערשטעלן די צווייטע באַק, ווען מען שלאָגט אים אין איינער. ער דאַרף מוחל זיין, ווען מען באַליידיקט אים, און בתמימות אַריבערטראָגן באַליידיקונגען און קיינעם ניט אַנטזאָגן אין דעם, וואָס לייט בעטן פון אים.

„דער פ י נ פ ט ע ר געבאָט באַשטייט דעריין, אַז אַ מענטש דאַרף ניט נאָר ניט פיינט האָבן זיינע שונאים, ניט קריג־פירן קעגן זיי, נאָר ער דאַרף זיי ליבן, שטיצן, דינען זיי.

„נעכלודאָוו האָט שטאַרק געקוקט אין ליכט פונם ברענענדיקן לאָמפּ און איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן. אים איז אַרויפגעקומען אויפן זינען די גאַנצע מיאוס'קייט פון אונזער לעבן, און ער האָט זיך קלאָר פאָרגעשטעלט, וואָס אָט־דאָס לעבן האָט געקאָנט זיין,

ווען מענטשן וואָלטן זיך פירן לויט אַט־די רעגעלן, און זיין זעל האָט איצט דערפילט אַזאַ באַגייסטערונג, וועלכע ער האָט שוין לאַנג ניט געקאָסן. פונקט ווי ער וואָלט נאָך לאַנגע לײַדן און מידקייט פאָרצלונג געפונען באַרואיקונג און פרייהייט."

איז דאָס ניט יענע באַרואיקונג און פרייהייט, וואָס שמעקט מיטן טויט? אויב ניט מיט טויט, איז מיט יענעם רעגונג־ און באַוועגונג־לאָזן לעבן, אין וועלכן עס קאָנען געפינען גענעזונג נאָר גייסטיקע אינוואַלידן און איבערגעזעטיקטע, פיזיש אָפּגע־שוואַכטע בעל תשובה'ס.

שוין ניט גערעדט וועגן דער נאַאיוויטעט פון אַ סקאַרבאָווער מאָראַל, וועלכע דערמאָנט אָן דער מאָראַל פון „חובת הלבבות" און ענלעכע מוסר־ספרים — די מאָראַל פון שפלות, פון תמימות, פון הכנעה, פון זיין „כאיסקופה הנדרסת", פון ניט מהרהר זיין, א. א. וו. — וואָס וואָלט געווען „אַ געזעלשאַפט פון מענטשן, וואָס וואָלטן געלעבט לויט אַט־די רעגעלן"? אַ מאָנאַסטיר, אַ אידעאַלער מאָנאַסטיר, אָן אמת'ער מאָנאַסטיר, ווען אפילו אָן די הינטער־קוליסנע זינד, מיט וועלכע עס איז פול אויך דאָס לעבן אין אַ מאָנאַסטיר.

***

ניין, ניט „תחית המתים". ניט קיין נייע נשמה האָט דער געניאַלער קינסטלער טאָלסטאָי פּסיכאָלאָגיש אריינגעהויכט אין דעם אויסגעמאַטערטן און צעטרייסלטן לעבן פון זיין העלד, נאָר דאָס האָט דער מיסטישער מאָראַליסט טאָלסטאָי אָנגעצונדן אַ תשובה־ליכטל פאַר אַ געפלאָגטן, אויסגעמאַטערטן לעבנס־וואַנדערער. און איר ווערט דאָ ניט באַגייסטערט פון אַ העלן, וואַרעמען שטראַל פון זונען־אויפגאַנג אין אַ נייעם, הייטערן פרימאָרגן, נאָר אייך פאַרכאַפּט דער אָטעם פון אַ צעשמאָלצן, שמערגלענדיק נשמה־ליכט, וואָס דער גערוך דערפון דערמאָנט אייך אָן אַ בר־מינן אין הויז... עס דערוועקט אין אייך ניט קיין הייטערן לעבן און לוסטיקן שטרעבן, מיט דער האָפנונג אויף אַ ניי אויפקומענדער וועלט, אויף אַ פרישער, טרייסטפולער צו־קונפט, נאָר עס ברענגט אייך טרויעריק אויף דעם געדאַנק, אַז

מיר וועלן אַלע אַמאָל שטאַרבן, און וואָס איז אין גאַנצן דער תכלית פון לעבן? עס בלייבט נאָר פאַסקודנע אין מויל פון יעדן געטוס און עס צעפּלאַצט דאָס האַרץ פון לויטער פאַרדרוס, און דערום, קינדערלעך, האָט חרטה, טוט תשובה און — דאָס בלוט אין די אָדערן ווערט פאַרגליווערט פון נעכלודאָוו'ס באַגייסטערונג, פון זיין געדאַנק, אַז —

„מיר לעבן אין דער מיאוס'ער איינבילדונג, אַז מיר אַליין זיינען די בעלי בתים פון אונזער לעבן; אַז דאָס לעבן איז אונז געגעבן געוואָרן פאַר אונזער געטוס. אָבער דאָס איז דאָך, ווי עס שיינט, פאַלש. וואָרים אויב מיר זיינען געשיקט אַהער, איז דאָך דאָס פון אימיצנס רצון און צוליב עפּעס. און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר לעבן בלויז פון אייגענער פרייד וועגן, און דערום איז קלאָר, אַז אונז איז שלעכט, ווי עס וועט זיין שלעכט דעם קנעכט, וואָס דערפילט ניט דעם רצון פון זיין האַר. דער ווילן פון האַר איז אָבער אויסגעדריקט אין אָט די געבאָטן. ווען מענטשן זאָלן מקיים זיין אָט די געבאָטן — דאַן וועט אויף דער ערד מקוים ווערן גאָטס מלוכה און מענטשן וועלן באַקומען דעם גרעסטן תענוג, וואָס איז זיי צוגענגלעך"... „אָט וואָס עס איז די אויפגאַבע פון מיין לעבן, עס האָט זיך נאָר געענדיקט דאָס איינע און אָנגעהויבן דאָס אַנדערע". און פון יענער נאַכט אָן האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַר נעכלודאָוו'ן אַ ניי לעבן"...

וואָס פאַר אַ זיס לעבן האָט דאָס געמוזט זיין! אַ לעבן אָן אַ יצר הרע, אַ לעבן פון גאָלע יצר טוב; אַ לעבן, אין וועלכן מען האָט קיינעם ניט פיינט, אפילו דעם גרעסטן שונא; אַ לעבן, אין וועלכן מען שטעלט אונטער אויך די רעכטע באַק, ווען אימיצער פּראַסקעט אין דער לינקער; אַ לעבן, אין וועלכן מען „מיידט אויס הנאה צו האָבן אפילו פון דער שיינקייט פון אַ פּרויענצימער"; אַ לעבן, אין וועלכן דו מוזט זיך האַלטן מיט דער איינציקער באַשערטער, כאָטש דו האָסט זיך איבערצייגט, אַז דו ביזט איר ניט ליב און זי איז דיר ניט ניחא; אַ לעבן, אין וועלכן דו דאַרפסט זיין אַ תמים, אפילו ניט וויסן פון קיין צורת מטבע; אַ לעבן, אין וועלכן „מען איז מוחל און מען

טראָגט אריבער אַלע באַליידיקונגען״; אַ לעבן „ניט פאַר אונזער געניס, ניט פון אייגענער פרייד וועגן״, נאָר פאַרן רצון פונם האַר, פון דעם בורא עולם, וועמעס שמאַלינקער, פּיציניונטינקער רצונ׳דל „דריקט זיך אויס אין די פינף געבאָט״. אַ לעבן — אַן אמת׳ער טויט, די רו אין פרייהייט פון אַ קבר. ניין, ערגער פון טויט, אַן אַפּקומעניש און ווייטער נישט!

ווי אַזוי נעכלודאָוו וועגדט אָן אַזעלכע לעבנס־פּרינציפּן אין אָט־דעם בורגער־וועלטל, אויף אונזער עולם הגשמי, אסור אויב מען קאָן זיך פאָרשטעלן. טאָלסטאָי דערציילט אונז ניט, ווי עס גייט נעכלודאָוו׳ן אין זיין נייער, ווייטערער עקזיסטענץ. ער זאָגט נאָר: „מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן אָט דער נייער פעריאָד פון זיין לעבן, וועט די צוקונפט באַווייזן״. עס וואָלט וועלן פאָרשטעלן זיך, ווי נעכלודאָוו קומט דורך אין דער וועלט. מאַכט ער אַ לעבן? פון וואָס? דאָס איז דאָ זייער אַ שטאַרקע קשיא. וואָס טוט ער מיט די „לא תחמוד׳ס״? גלוסט זיך אים טאַקע גאָרנישט? און אין אונזער בלוט־ און קריג־וועלט זיינען נעכלודאָוו׳ס באַקן ניט געשוואָלן פון שטענדיקן אונטערשטעלן די רעכטע?

מיר ווייסן דאָס אַלץ ניט. אָבער מיר ווייסן, אַז עס לעבט אַזאַ נעכלודאָוו אין „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ״. וואָרים ווער איז ער, אויב ניט טאָלסטאָי אַליין? און מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אויב עס איז מעגלעך אַזוי צו לעבן, איז עס פּילייכט מעגלעך אויך פאַר נעכלודאָוו׳ן, אַלס פירסט מיט הויכע פאַרבינדונגען, אַלס וואוילהאַבנדער מענטש. וואָס נאָך אַלע עוואַנגעליש־מאָראַלישע „לא תעשה׳ס״ קאָן ער דאָך לעבן עקאָנאָמיש אומאָפּהייננגיק, און אַלס עלטערער מענטש, וועמען עס איז לייכטער מקיים צו זיין די „לא תחמוד׳ס״, נאָכדעם ווי דער „שמח בחור בילדותך והטיבך לבך בימי נעורותך״ איז לאַנג פאַרביי, און וועלכער קאָן מוחל זיין, ניט האַסן, ניט זיין אויפגערייצט און פאַרביטערט, ניט קעמפן קעגן שונאים, פאַר אַן אייגענער איבערצייגונג אפילו, ווייל עס פעלט נאַטירלעכערוויז דער

“То кровь кипитъ, то силъ избытокъ“

וואָס מען באַאָבאַכט אין די פילע „פּאָליטישע״, וועלכע נעכלודאָוו

האָט באַגעגנט און וועלכע ביינקען אויך, שמאַכטן אַזוי ווי ער, נאָך אַ בעסערער וועט.

***

ווי מען קאָן זען, האָב איך באַהאַנדלט „תחית המתים" נאָר פון סאָציאַלן שטאַנדפּונקט און ווייניק גערעדט פונם ראָמאַן אַלס אַ קונסטווערק. מיר האָט זיך געוויזן פאַר נייטיקער צו ריידן וועגן די סאָציאַלע מאָטיוון אין דעם ראָמאַן, ווייל אָט די מאָטיוון טרעטן דאָ אַזוי שטאַרק אַרויס, שטאַרקער ווי אין די פריערדיקע ווערק פון טאָלסטאָי. מער ווי אין אַלע קונסטווערק זיינע ווייזט זיך אין „תחית המתים" אַרויס, ווי אין אָט דעם געניאַלן קינסטלער, אין אָט דעם איידעלן פּסיכאָלאָג, אין אָט דעם רעאַליסטן מאָלער שטעקט אַזאַ נאַאיוו־קינדערישער פילאָזאָף, אַזאַ לעבנסלאָזער מאָראַליסט, — לעבנסלאָזער, ווייל מערקווירדיק, ווי אין דעם מיסטישן אויפלעבן פון נעכלודאָוו'ס נשמה פילט זיך אַזאַ פּראָסט, אַז עס גליווערט דאָס בלוט. דאָ איז ניטאָ דער קאָכעדיקער גלויבן, ניטאָ דער ענטוזיאַזם פון אַ ד אָ ן ק י כ אָ ט ; דאָ איז ניטאָ דער אַבסאָלוטער פּעסימיזם, ניטאָ די אַנאַליטישע לאָגיק פון אַ ה אַ מ ל ע ט. אַ טראַגי־קאָמישער העלד אין לעבנס־שפּיל.

אין דעם ניי־געבאָרענעם און לעבעדיק געוואָרענעם נעכ־לודאָוו זיינען פאַרקערפּערט די טויטע זייטן פון די צוויי גרויסע העלדן פון דער וועלט־דראַמע: די אומפּייאַיקייט פעסט צו האַנד־לען פון האַמלעט און די אומפּייאַיקייט קלאָר צו דענקען פון דאָן קיכאָט; אַ מאָדנע צוזאַמענמישונג פון דעם ערשטנס אומ־צופרידנקייט מיט זיך אַליין און פון דעם צווייטנס גלויבן אין אַ נעכטיקן טאָג. און דאָך ליגט אין אים אַזויפיל פּסיכיש אמת'דיקס, אַזויפיל טרויעריק רעאַלעס — אַ מין פּסיכישער פּראָדוקט פון אונזער איבערפלוס רייכן, געבילדעטן, גליקלעכן, פאַרטגעשריטענעם, אַנטוויקלטן יאָרהונדערט, וואָס ביי זיין סוף פילט זיך אַזוי אָרים, אַזוי ניט־דערפאָרן, אַזוי טאַט־ און ראַטלאָז אומגליקלעך.

("פר. געזעלשאַפט", יולי, אויגוסט און סעפּטעמבער, 1900)

# גאָט־זוכעניש און זיך־גופא־זוכעניש

(אַן איבערבליק איבער י. ל. פּרצ׳ס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן")

„און מען טאָר ניט בלייבן שטיין! איך מוז מיך באַוועגן, און באַוועגן דורכוים — אַזוי וויל עמיץ — טריט ביי טריט! צוריק מיט די היסטאָריקער קאָן איך זיך ניט אומקערן, מיך עקלען די דורות אָן ווייסע געפּרעסטע העמדער...

און נביאות זאָגן קאָן איך אויך נישט: זינט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, ווייסט איר ביי וועמען אין די הענט די נביאות איז געבליבן!

איך וויל פּאָרן אין דער צייט, איך וויל!"...

(י. ל. פּרץ — „אַ רייזע אין דער צייט")

א מאָדנעם איינדרוק מאכט י. ל. פּרצ׳ס באנד פון „פאָלקסטימלעכע געשיכטן". איר לייענט יעדעס געשיכטעלע מיט פאַרגעניגן, מיט אמת עסטעטישער הנאה, ווי כמעט אלץ, וואָס איז ארוים ביז איצט פון דעם דיכטערס גייסטרייכער פעדער. א ספּעציפיש אידישער נשמה־חן שטראַלט פון זיי, וואָס איז די באזונדערע געטלעכע מתנה פון פּרצ׳ס שאפן. און ווען איר האָט איבערגעלייענט דעם באנד אין גאנצן און פארטראַכט זיך איבער דער באדייטונג פון דאָס ניי־געשאפענע, ווערט איר נתפעל פון דער קינסטלערישער גרויסקייט; אייך טוט הנאה וואָס אזא גרויסע קונסט־ארבעט, ווי פארקערפּערן דעם פאָלקס־גייסט אין לעגענדע, האָט אָנגעהויבן אויסגעפירט ווערן פונם דיכטער — אַן ארבעט, דורך וועלכער די ניט לאנג געבוירענע אידישע ליטעראַטור וועט אפשר מעגן אָנהויבן צו האָבן פּרעטענזיעס אויף בירגער־רעכט אין דער וועלט־ליטעראַטור, אלס א פּראָדוקט פון אן אייגענער, באַזונדערער קולטור. און דאָך דערפילט איר עפּעס, צוזאמען מיט אָט דער הנאה, א מין „אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי", דאָס זעלבע געפיל, וואָס ווערט ארויסגערופן פון אלע געדאנקען, טעאָריעס

און פּראַקטישע פּלענער פון אונזערע גרעסערע און קלענערע נעאָ־נאַציאָנאַליסטן — א מין צעמישונג פון דאָן־קיכאָטישער שטרע־בונג מיט האַמלעטישן אומגלויבן.

איז ניט פּרצ׳עס יענע דיכטערישע קראַפט, וואָס איז אזוי מסוגל די אידישע נשמה אין לעגענדאַרישע בילדער צו פאַרקער־פּערן? עס דוכט זיך, אז נאָר ער, לויט די וואונדערלעכע אייגנ־שאַפטן פון זיין טאַלאַנט, קאָן זיין בכח אזוינס צו שאַפן. אמת אפילו, איר פרעגט זיך: וואו האָט ער זיי געזאַמלט, אָט די „פּאָלקסטימלעכע“ געשיכטן? און אין וואָס באַשטייט זייער פּאָלקסטימלעכקייט? זיינען דאָס מעשה׳לעך, וואָס די ספּורים זייערע גייען ארום אין פּאָלק, ווערן צווישן פּאָלק דערציילט און דעם דיכטערס זכרון גיט זיי אונז איבער דורכגעסטיליזירטע אין דעם אַפּאַראַט פון זיין טאַלאַנט? זיינען דאָס נאַאיווע קינדער פון פּאָלקס פאַנטאַזיע, וועלכע דער דיכטער האָט אויף זיין לעבנס־וועג באַגעגנט, אָפּגעריסענע, פאַרוואָגלטע, בלאָנדזשנדע, האַלב־טויטע, און ער האָט זיי מיט דער צערטלעכקייט פון זיין מוזע צונויפגעקליבן, מחיה געמאַכט מיט זונען־בלוט פון זיין גייסט, מיט געטרייער ליבשאַפט, ווי א מוטער, אויסגעצוואָגן און פאַרקאַמט, מיט הארציקייט דערוואַרעמט, אָנגעקליידט אין די מלבושים פון זיינע קונסט־גאונות און ארויסגעפירט זיי יום־טוב׳דיק פאַר אונז: נאָט, אידן, ברידער, אייך אייערע פּאָלקס פאַנטאַזיע־קינדער, קוקט אויף זיי, ליבט זיי און קלייבט נחת? אָדער דאָס זיינען געדאַנ־קענפולע קינדער פון דעם דיכטערס א י י ג ע נ ע ר פאַנטאַ־זיע, אין וועלכע ער האָט ארייַנגעהויכט יענעם פּאָלקס־אָטעם, וואָס זיין דיכטערישע נאַטור האָט אזוי פיל, אז עס שטראָמט ארויס אין יעדן צוג פון זיין פעדער, און דערמיט אונז געוויזן, וואָס ספּע־ציפיש אידישע קונסט קאָן שאַפן, ווען זי איז באַזעלט מיט נשמה־לעבן פון פּאָלק?

איר געפינט אין די פּאָלקסטימלעכע געשיכטן ביידעס.

ווען איר זיינט א אידיש קינד, וואָס האָט געלעבט מיט אייער פּאָלקס גייסטיקן לעבן, דערצויגן זיך אין דער אַטמאָספערע פון זיין ווירקלעכקייט און געליטן מיט זיינע יסורים, דערקענט איר אין

פילע פון די געשיכטן די פאַנטאַזיע-קינדער פון אייער פאָלק. האָט איר ניט געהערט דעם נסיון, וואָס דער יונגער בעל תפילה פון דעם אלטנס, זכרונו לברכה, נאָנטסטע מקורבים האָט געהאַט מיט דער פריצה? פון דעם ירא שמים, וואָס קערט זיך צוריק אונטער די שפּיץ־רוטן „סקוואָז סטראָי", אויפצוהויבן זיין יאַרמולקע, כדי ניט עובר צו זיין אויף גילוי ראש? פון דער געפּייניקטער צנועה, וואָס היט אויס, אַז איר לייב זאָל זיך חס חלילה ניט אויפדעקן, ווען זי ווערט געשלעפּט פון שונאי ישראל איבער די גאַסן, א צו־געבונדענע צום עק פון א פערד? פון דער חורבה, וואו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דעם פאַלשן פּרוש׳ס חתונה מיט לילית דער שד׳יכע? פונם פאַרשטעלטן אליהו הנביא? א. א. וו. א. א. וו. דאָס זיינען אַלץ פאַרטריקנטע גייסטיקע קוויטן פון פאָלקס פאַנטאַסטישן גאָרטן, וועלכע דער דיכטער האָט פאַר אונז אָפּגעפרישט מיט האַרציקן לעבנס־טוי, באַשטראַלט מיט קונסט־זוניקייט, אַז מיר זעען פאַר זיך א פאָלקסטימלעכע אָראַנזשעריי פון פּרעכטיקע פלאַנצן און לעבעדיקע בלומען.

א טייל פון זיי, פאַרקערט, מאַכן אויף אייך דעם איינדרוק פון הערלעכע קוויטן, וועלכע האָבן אַרויסגעשפּראָצט אין דעם דיכטערס אייגענער פאַנטאַזיע, וואָס איז באַפרוכט געוואָרן מיט לעבנס־טוי פון פאָלקס־גייסט, און ער האָט זיי פאַרזעצט אין פאָלקס באָדן, אונטער אַן ענלעכן הימל ווי פון פאָלקס געשיכטע, און זיי זעען אויס ווי פּרעכטיקע בליאונגען אין נאַטור־גאָרטן פון אידישן פאָלק. אַזעלכע זיינען די צויבערלעך מערכנהאַפטע „דריי חופות", די וואונדערלעך מידות־משלים׳דיקע „מסירת נפש", — „אָראָפּגע־לאָזטע אויגן", — „די תאוה צו קליידער" און נאָך אַנדערע. יעדנפאַלס איז דאָס ניט אין גאַנצן פאָלקסטימלעכקייט אין דעם זינען פון איבערגעבן לעגענדעס, זאָגן און מעשות, ווי זיי גייען פון מויל צו מויל, נאַאיוו דערציילט פון די זיידעס און באָבעס צו די אייניקלעך, און אויך ניט פאָלקסטימלעך אין דעם רעאַליס־טישן זין פון שילדערן בילדער פון פאָלקס רעאַלן, אַלטעגלעכן לעבן. אונטער פאָלקסטימלעכקייט קאָן מען אייגנטלעך פאַרשטיין פאַר־שידענעס, פונקט אַזוי ווי די באַצייכענונג „פאָלק" ווערט געברויכט

אין פאַרשידענע באַדייטונגען. איינער קאָן צופּאַסן „פאָלקסטימ־לעך" דוקא צום לעבן און צו נאַאיווע פּראָדוקטן פון דער מאַסע, פונם המון; אַן אנדערער — צו דעם באַזונדער גייסטיקן אויס־דרוק פון אַ היסטאָרישער גרופּע, מיט וואָס זי צייכנט זיך אויס פון אנדערע גרופּן, און דאַן האנדלט עס זיך שוין ניט וועגן רעאַלן, אַלטעגלעכן לעבן און וועגן פּראָדוקטן פון דעם המון, נאָר פון גייסטרייכן טייל פון פאָלק, פון די טרעגער פון זיינע היסטאָרישע אידעאַלן.

אין אמת'ן גערעדט, האָט מען געקאָנט אַ גרויסע צאָל פון פּרצ'ס פריערדיקע דערציילונגען און בילדער, און בפרט נאָך פון זיינע חסיד'ישע מעשות, אויך געבן דעם נאָמען „פאָלקס־טימלעך" — אַזויפיל בילדער פון באַזונדערן אידישן לעבן, אַזויפיל דערציילונגען, אין וועלכע די ספּעציפישע אייגנשאַפטן פון דער אידישער נשמה, אין אַלע אירע קאָלירן, זיינען אַזוי מייסטערהאַפט געשילדערט — זיינען זיי ניט פאָלקסטימלעך? אָבער אַפנים אַז דאָרט איז נאָך פּרץ פאַר זיך אַליין ניט געווען פאָלקסטימלעך גענוג, ווייל ער איז געווען מערסטנטייל רעאַליסטיש (הגם אין זיין רעאַליזם האָט מען געקאָנט שוין זען דעם ראָמאַנ־טיקער — אַ מין ראָמאַנטישער רעאַליזם, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן) און סאַרקאַסטיש־נעגאַטיוו ביז צו אַ געוויסער מדרגה. דאָס פאָלקסטימלעכע, וואָס דאָרט געפינט זיך, איז ווייט, ווייט פון אידעאַליזירן דעם בית־המדרש־גייסט:

„— — — — — — — — —
קיינער וויל זיך דאָ נישט נעסטן,
קיינער זעצט זיך דאָ נישט זינגען!

פליט אַדורך אַמאָל אַ פויגל,
זעט זי פוילן דאָרט אין עק;
רייסט זיך פלוצלינג אָפּ זיין לידל
און ער פליט פאַרשטומט אַוועק!

אָ, עס פליט דער פרייער פויגל
צו דעם פרייען, פרישן לעבן,

וואו געזונטע ביימער וואַקסן
און די גרויסע פויגל שוועבן...

וואו דאָס לידל פליסט פון הארצן
און עס הויבט זיך העכער, העכער...
און עס פערלט זיך די משקה
אין געגילטן לעבנס־בעכער...

און דער טאָג האָט זון אין הימל,
און די ליבע הערשט ביינאַכט...
און די קאַלינע פון קלייזל
בלייבט דאָ עלנט און פאַרשמאַכט!"
(„די שול־קאַלינע")

ווייט פון פאַרגעטערן די מלחמה קעגן עולם־הזה־תענוג, ווייט פון התפעלות פאַר דעם ג ע צ ו ו א ו נ ג ע נ ע ם רוחניות־לעבן, וואָס איז גובר דעם חומר. אין יענע זיינע קינסטלערישע רייכע בילדער און ספורים פון אידישן לעבן קאָן מען זען דעם גייסט נאָך פון דער השכלה־עפּאָכע. די הינרייסונג צו וועלט־לעבקייט און אויפקלערונג לויכט זיך דורך דורך זיי, אַזוי ווי דעם דיכטער וואָלטן „עקלען די דורות אָן ווייסע, געפּרעסטע העמדער".

אָבער די השכלה־אויפקלערונג איז אַזוי מאַטעריאַליסטיש־קאַלט, דער רעאַליזם אַזוי פּאָטאָגראַפיש פאַרבלאָז, די וועלטלעכקייט אַזוי אויבערפלעכלעך, אַזוי חצוניות׳דיק, אַזוי אַסימילאַטאָריש פרעמד, און עס הויבט זיך אָן אַ רעאַקציע — אַ בענקשאַפט נאָך עפּעס נשמה׳דיקעס, טיף־אינערלעכעס, מוזי־קאַלישעס, אייגנטימלעך־אידישעס היימישעס, ווייכעס און פאַרבנ־רייכעס. נביאות־זאָגן איז יאָ היימיש־אידיש, מוזיקאַליש, פאַרבנ־רייך, אָבער „זינט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, ווייסט איר ביי וועמען אין די הענט נביאות איז געבליבן" — און עס האָבן אָנגעהויבן דערשיינען פּרץ׳ס חסיד׳ישע מעשות.

מען קאָן באַצייכענען אַט־די ווענדונג אין דעם דיכטער, וועלכע האָט אַזוי מיטגעריסן אויך אַנדערע און האָט שולע געמאַכט, אַלס אַ מין חסיד׳ישע רענעסאַנס — אַ בטול היש פון

דער קעגנוווערטיקער וועלטלעכקייט, אַן עקסטאַז פאַר דעם אינערלעכן געפילס־לעבן, אינספּיראַציע פאַר גאָלע רוחניות. איז די רוחניות־קראַפט ניט געווען דער כוח, וואָס האָט דערהאַלטן דעם פאָלק און געגעבן אים די גבורה אויסצוהאַלטן די יסורים פונם גלות־לעבן? און דערום איז אָט־דער כוח די אייגנטימלעכע קראַפט פונם אידישן פאָלק, זיין קאָנסערווירנדע קראַפט. ווי געטלעך איז אַזאַ קראַפט! וואָרים געטלעך איז דאָס אַלץ, וואָס האַלט אויף דאָס לעבן, וואָס גיט זעלבסט־דערהאַלטונג אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ. און דער דיכטער ווערט נתפּעל פון דעם געטלעכן און פאַרקערפּערט די פאָלקסטימלעכקייט אין קינסט־לערישע פאָרמען.

אָבער די קאָנסערווירנדע רוחניות־קראַפט, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דעם אידן, איז דאָך געווען ניט בלויז די חסיד'ישע התלהבות; אין איר איז דאָך אויך געווען די גבורה פון פּרישות, פון פאַרשליסן זיך אין זיך, פון ניט גערייצט זיין פון דער וועלטס תענוגים. און דער דיכטער האָט אָנגעהויבן אין לעגענ־דאַרישע בילדער פאַרקערפּערן אָט־די גבורה פון חסיד'ישער התלהבות מיט מתנגר'ישן אסקעטיזם. דיכטער פון אומות העולם האָבן פאַרקערפּערט די גבורה פון זייערע פעלקער אין העלדן־בילדער, אין לעגענדעס פון גבורים, וואָס האָבן מיט שווערד און בויגן געקעמפט און מיט בלוט און פייער גרויסעס אויפגעטאָן, וואונדער געוויזן און איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק אין דער פאַנטאַזיע פון זייער פאָלק. די אידישע זיגרייכע גבורה אין גלות, וואָס איז לעגענדאַריש איבערגעבליבן אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק, איז די גבורה פון מדות — פון ענוות, פון רחמנות, פון יושר, פון מקבל באהבה זיין יסורים, צוריקהאַלטונג פון תאוות, צניעות, מסירת נפש, וואָס דאָס איז מעגלעך נאָר דורך פעסטן גלויבן אין עפּעס, וואָס איז אויסער דעם מענטשן, וואָס איז העכער פון זיין סביבה. פּרצ'ס פאָלקסטימלעכע קעשיכטן איז דעם פאָלקס לעגענדאַרישע פאַרהערלעכונג פון מדות.

ר' לייבל קאָנסקיוואָלער'ס „שמע ישראל" האָט טאַקע מרעיש עולמות געווען... „ווי אַ זילבערנער שרויט צעשיט זיך זיין

„אח — — — — ד״ צופוסנס ביים כסא הכבוד... און עס קאלערט זיך דער „אחד״ און זומט, און ברומט, און זידט, ווי א מחנה זומער־פייגעלעך, וואָס גלוסטן און בענקען צו דעם פלאַם, ווערן צוגעצויגן צו אים און בריען זיך און ברענען אין אים מיטן גרעסטן תענוג פון יסורים של אהבה״... נאָר ווען דער שווארצער מלאך קומט צו זיין גסיסה און גיט א שאר מיטן פוס אונטערן קראַנקנס בעט, רוקט זיך ארויס א פארבונדענער זאַק. „און ער בויגט זיך אראָפּ צום זאַק און בינדט אים אויף, און עפנט אים, און דערלאַנגט אים א שטויס מיטן פוס — א גאָלדענער גלאַנץ וואַרפט זיך איבער דער שטוב, א גאָלדענער קלאַנג לויפט אים נאָך, גאָלדענע רענדלעך שיטן זיך אויס... גנבה־געלט, גזילה־געלט! רופט אוים דער שווארצער מלאך: אויסגענאַרט ביי נישט קלוגע, גערויבט ביי אלמנות, גע׳גזל׳ט ביי יתומים, פון צדקה־פושקעס ארויסגענומען... מיט בלוטיקע טרערן זיינען זיי געוואַשן און הארציקע בלוט־פלעקן קלעפּן אָן זיי...״

און די שליטה האָט שוין איבער אים דער שווארצער מלאך און שלעפּט אים אוועק אין גיהנום. און דוקא נחמנ׳קע פון זבאַראַש, וואָס פלעגט זיך שניידן די נעגל נישט איבערגעהיפּערט, אוועקוואַרפן... נישט איין מאָל פארגעסן מנחה צו דאַווגען, וועלכער האָט אָבער „נאָך קיינמאָל נישט פארפעלט, ווען מען האָט געדאַרפט עמיצן העלפן, קיינמאָל נישט פארגעסן צו טרייסטן, צו הארציקן און צו קרעפטיקן דאָרט, וואו די פליגל זיינען אראָפּגעפאַלן מיד, וואו די גאָל האָט געזאָלט די ריינסטע נשמה פארגיסן, וואו די לעצטע האָפענונג, האָט זיך געדאַכט, איז פארשוואונדן... ער האָט זיך קיין הויז נישט געבויט, דעם דאַך איבערן קאָפּ נישט פארריכט, זיין בעט זיך נישט ווייך געבעט, קיין ליבשאַפט ביי קיין פרוי נישט געזוכט, אויף קיין נחת פון קינדער נישט געהאָפט... נאָר אַלץ פאר אנדערע... ווייל אַלע אנדערע האָט ער געהאַלטן בעסער פון זיך...״ אים וויל דער ליכטיקער מלאך נעמען אין גן עדן. נאָר נחמנ׳קע פון זבאַראַש האָט אפילו צום גן עדן קיין לוסט ניט. ער טוט ניט פון שכר וועגן...

אַזוי ווייט איז אין פאָלקס פאַנטאַזיע די פאַרהערלעכונג פון גוטע מעשים באמת, אַז דאָס שטייט אַפילו העכער פון גן עדן. דאָס איז דער איינדרוק פון דער געשיכטע „ביים גוסס צוקאָפּנס".

אויף דער וואָגשאָל, אויף וועלכער מען וועגט, אויף יענער וועלט, די מצוות און עבירות פון דעם אידן, האָבן די אַלע געוויינלעכע מצוות און עבירות קיין גרויסן באַטרעף ניט. אַ מצוה אַרויף, אַ מצוה אַראָפּ — עס רוקט זיך ניט דאָס צינגל פון דער וואָג, ניט אַהין, ניט אַהער, ניט פאַרן קטיגור, ניט פאַרן סניגור. דריי מתנות זיינען אָבער פאַראַן אַזעלכע, וואָס אַז דער איד, דורך אַלערליי גלגולים, ברייגנט זיי, עפנט זיך פאַר אים די פורטקע פון גן עדן און יעדע פון די מתנות ווערט גערן אָנגענומען: אַביסל פאַרבלוטיקט ארץ ישראל ערד, וואָס זייענדיק אַ גביר האָט ער מפקיר געווען זיין גאָלד און זילבער, ווען גזלנים זיינען זיין הויז באַפאַלן, נאָר פאַר דאָס ביסל ארץ ישראל ערד אין קבר אַריין, וואָס ער האָט זיך אָנגעגרייט, האָט ער זיך געלאָזט דער׳הרג׳ענען, באַשיצנדיק עס; אַ שפּילקע, מיט וועלכער די געפּייניקטע צנועה האָט צוגעשפּיליעט דעם זוים פון קלייד צו די פיס, אַריינשטעכנדיק זי טיף אין לייב, כדי עס זאָל איר לייב נישט אַנטפּלעקט ווערן, ווען שונאי ישראל שלעפּן זי איבער די גאַסן, אַ צוגעבונדענע צום עק פון אַ פערד; און אַ יאַרמאָלקע, וואָס דער פרומער, פאַר׳משפּט׳ער איד האָט זיך אומגעקערט אויפצוהייבן, אונטער די שמיץ פון שפּיץ־רוטן, ווען מען טרייבט אים „סקוואַז סטראָי". אָט ווי איינגעפּרעסט אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק עס איז חבת ארץ ישראל, צניעות און די גבורה פון אויסשטיין יסורים פאַר דאָס, אין וואָס מען גלויבט — דאָס איז דער איינדרוק פון „דריי מתנות".

חיים־יונה־וויטעלס, אַ יונגערמאַן אַ למדן, בנגלה און בנסתר, האָט געהאַט אַ שם: דעם אַ ל ט נ ס בעל תפלה. „כידוע, האָט מען נישט אַזוי לייכט צוגעלאָזן ביים אַלטן צום עמוד, בפרט ראש השנה ויום כפור, און חיים־יונה־וויטעלס האָט טאַקע געדאַוונט ימים נוראים און ער איז עס ווערט געווען — אַן אמת אָפּגעהיטער איד, אַפילו נאָך אַ יונגערמאַן, נאָר די תעניתים

מיט די סגופים, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, וואָלט געגוג געווען פאַר צען מניינים... און עברי האָט ער געזאָגט! פאַרשטייט זיך, נישט אויפֿן חסיד'ישן אופֿן, נאָר אַזוי עברי, אַ חתוך הדבור! אַ וואָרט פֿאַלט, ווי אַ פּערל פֿון מויל, און אַ קול האָט ער געהאַט — רבונו של עולם, מען זעט גאָר היינט אַזוינע בעלי תפלות נישט!..." ויהי היום, חיים־יונה־וויטעלס דאַרף קומען אויף ראש השנה, דאָס הייסט, ער דאַרף קומען כאָטש אַכט טאָג פאַר ראש השנה. וואָרים אַ מענטש אויפֿן וועג, ווי געוואָרנט ער וועט נישט זיין, איז עלול זיך צו פאַרקילן די גרגרת, בפרט חיים־יונה־וויטעלס, וואָס האָט געהאַט אַ מהלך פֿון איבער צען מייל. און גיין פֿלעגט ער, פֿון שכר הליכה וועגן, צופֿוס... ויהי היום, חיים־יונה־וויטעלס דאַרף קומען. עס איז אַכט טאָג פאַר ראש השנה: עס גייט אַוועק אַ טאָג, בלייבט זיבן; נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, און מען הערט נישט און מען זעט נישט... מיט אים האָט געטראָפֿן אַ נסיון. ווען ער איז געגאַנגען דורכן וואַלד און האָט מהרהר בתשובה געווען, האָט אים אָנגעיאָגט אַן אָפֿענע קאַרעטע מיט אַ יונגער פּריצה. זי איז גערייצט געוואָרן פֿון זיין שיינקייט. „שטיי, איד!" האָט זי אַ געשריי געטאָן, „שטיי, באַשמעקטער מענטש!" אומזיסט האָט ער געזוכט צו אַנטלויפֿן, אומזיסט האָט ער זיך געראַנגלט קעגן אירע קאָזאַקלעך. אין קאַרעטע האָט זי אים צו זיך אין שלאָס געבראַכט. וואָס פאַר צויבערלעכע רייצונגען פֿון איר וואונדערלעכער שיינקייט און ליבע־רייד ער האָט געדאַרפֿט אויסשטיין! ער איז אָבער ביינעקומען דעם יצר־ הרע, איז אויסגעשטאַנען דעם נסיון, האָט זיך אויסגעריסן און איז געלאָפֿן צוריק אַהיים. נאָר אין דער היים האָט ער געוואָלט אינגאַנצן אַרויסטרייבן דעם יצר הרע, האָט ער דעם פּייער געלאָשן מיט מחבק ומנשק זיין זיין אייגענע פרוי... „ס'איז דאָך מיין ווייב, מיין כשר ווייב... און די לאָדן..." איז ער זיך מודה ומתודה פאַר דעם „אַלטן", וועלכער האָט אים אַ לאַנגע צייט ניט צוגעלאָזן צו זיך. און דער אַלטער האָט אים איבער און רופֿט זיך אָן: — „יאָ, חיים־יונה־וויטעלס... אָבער בשעת מעשה האָסטו די אויגן פאַרמאַכט, און

דעמאָלט האָסטו י ע נ ע געזען, י ע נ ע. אין אַ רגע במימרא האָסטו זיך צו יענער מתכוון געווען... האָסטו, הייסט עס, געזינדיקט אַ רגע מיט דער מחשבה... און מחשבה איז נפש... און ווער דען זינדיקט, אַז נישט דאָס נ פ ש? דער ג ו ף אפשר זינדיקט? דער עפר ואפר אפשר? וואָס?" און חיים־יונה־וויטעלס פאַלט אַנידער און פאַלט מיט די ליפּן צום אַלטנס פּאַנטאָפל: „רבי," שרייט ער צו אים אַרויף, „האָט איר שוין פאַר מיר גאָר קיין תשובה נישט?" און דער אַלטער בויגט זיך צו אים אַראָפּ, הייסט אים זיך אויפהויבן און זאָגט אים: נאַרעלע, ביזט נאָך ווייניק אָפּגעקומען?... דאָס האָב איך געמיינט. און אַצינד — שלום עליכם!... „ווי אַזוי חיים־יונה האָט דאָס מאָל געדאַוונט, קאָנט איר אייך משער זיין. אין די עולמות העליונים האָט געקלונגען..."

אַזוי איז די גבורה פון ביישטיין נסיונות פאַרהערלעכט פון פאָלק אין דער געשיכטע „אָן אָפּקומעניש". און אָן איינדרוק מאַכט די שילדערונג אויף דאָס אידישע האַרץ שטאַרקער פון טאַנהויזער'ס תשובה־געזאַנג פאַר זיין זינד מיט ווענוס, וואָס דאָרט איז דאָס געווען אַ גאַנץ יאָר במעשה און דאָ בלויז איין רגע במחשבה.

עס וואָלט גענומען צופיל פּלאַץ דורכצוגיין די גאַנצע לעגענדן־ענלעכע גאַלעריי פון פאָלקסטימלעכע געשיכטן. אין יעדער געשיכטע באַזונדער זיינען אַזויפיל בילדער, וואונדערלעכע בילדער, עפּעס ווי אוצרן הערלעכע מיט פּערל־ווערטער אויסגעשטיקט. באַזונדער נאָך אין די געשיכטן „ס'איז גוט", וואו אַ קאַנטאָניסט דערציילט, ווי אין דעם זכות פון דעם „שפּאָלער זיידן" איז ער אַ איד געבליבן; אין „יוחנן וואַסער־טרעגער און דער אורח חיים", אין „שמע ישראל" און ביז דער העכסטער מדרגה קונסט אין די לעצטע צוויי: „מסירת נפש" און „דריי חופּות".

אין „מסירת נפש", וואו עס ווערט דערציילט אַ געשיכטע פון מיט דורות צוריק, ווי מרים'ל, די בת יחידה פון דעם עושר רב חייא פון צפת, האָט זיך מקריב געווען צו ראַטעווען די נשמה פון דעם גאונ'ישן בחור חנניא, וועלכן בית דין של מעלה האָט

פאַר'משפט חייב מיתה, פאַרוואָס ער האָט אין זיין גאוה מבייש געווען תלמידי חכמים, וועלכער האָט זיך אָבער אויסגעלייטערט דורך גלות־אַפריכטן, און אין „דריי חופות, צוויי רויטע — איינע אַ שוואַרצע, אַ מעשה פון הינטער די הרי חשך" זיינען אַריינגעוועבט אַזעלכע וואונדערלעך־פּרעכטיקע מעשה'לעך, אַזעלכע צויבערהאַפטע פאַנטאַזיע־בילדער, אַז מען ווערט געבלענדט פון דער רייכער שפּראַך אַליין — וואָס שוין צו ריידן וועגן דעם שיינעם רעיון, וועגן דעם מוסר השכל פון די סימבאָלישע בילדער, וואָס זיינען איינע אין די אַנדערע געפלאָכטן! איר ווערט באַצויבערט, און אייך דוכט זיך, אַז עפּעס איז דאָס אַזאַ נייע וועלט אין דער אידישער שפּראַך — אַ נייע וועלט פון אַזעלכע אַלטע וואונדערלעכע וועלטן, אין וועלכע עס פירט אונז אַריין דער דיכטער; וועלטן און מעשות, וואָס איר האָט, דוכט זיך, עפּעס אין חלומות געזען, אָדער האָט עס אייך די מאַמע פון איר „צאנה וראנה" אַרויסגעלייענט, צי פון אגדתא ערגעץ האָט דאָס אויף אייך אַ צויבער־ווינטל פאַנטאַזיעס אַמאָל אַרויפגעוויט; אָדער האָט איר דאָס בין מנחה למעריב, שבת בין השמשות, פון אַן אַלטינקן אידן, אַ וואַנדערער, געהערט? נאָר ניין, דאָס איז דעם דיכטערס וואונדערלעך ווערק, פון פאַרבנרייכע פעדים געוועבט, ענלעכע צו יענע פעדים, וואָס ציען זיך פאַנטאַסטיש פון אייערע טרוימערישע עראינערונגען. אָבער אַך, וואָס פאַר געשטאַלטן, וואָס פאַר בילדער, וואָס פאַר צויבער־וועלטן!

זעט, ווי דער דיכטער מאָלט אייך אַ פּאַלאַץ:

„ווייט, ווייט הינטער די הרי חשך, אויף יענער זייט סמבטיון, איז פאַראַן אַ מדינה מיטן נאָמען „וואונדערלאַנד", וואו די רויטע אידן וואוינען. און אין דער מדינה „וואונדערלאַנד", אין דער שטאָט, וואו דער מלך וואוינט, אין „גלויבשטיין" דער רעזידענץ, איז געשטאַנען אַמאָל אַ הויכער, ווייסער מאַרמאָרנער פּאַלאַץ, וואָס ער איז געווען אין רייכן גרינעם גאָרטן, ווי אין אַ גרינעם ים, מיט זיינע הונדערטער גאָלדענע זיילן און טויזנטער בריליאַנטענע שויבן.

„און צופוסנס פון דעם ווייסן, מאַרמאָרנעם פּאַלאַץ האָט

שטיל געראַנזשט און ווי פאַר'חלום'ט געפּלאָסן אַ קלאָר קריסטאָלן טייכל. און פון ביידע זייטן איז דאָס טייכל געווען אַרומגעקרענצט מיט די פיינסטע בלומען, צווייגן, די איידלסטע געוויקסן. און אין דעם קריסטאָלענעם, קלאָרן טייכל האָבן אַרומגעבליצט, אַרומגעטאַנצט טויזנטער גאָלדענע פישעלעך. און פון אויבן, איבער דעם בלויען וואַסער־שפּיגל, האָבן זיך געהויבן און מיט טויזנט חנ'ען זייערע אַרומגעשוואומען שוואַנען, ווייסע ווי שניי, מיט די דינע, לאַנגע, ווייסע העלזער און לאַנגע, פאַרשפּיצטע, געלע שנאָבלען...

„עס האָט פאַרנומען די אויגן!

„אַמשענסטן האָט עס אויסגעזען ביינאַכט, ווען די לבנה האָט געשיינט... דער מאַרמאָרנער פּאַלאַץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין טייך, צוזאַמען מיט דער לבנה און די שטערן... די בליצנ־דיקע גאָלדענע פישעלעך האָבן לוסטיק געהיפּט און געטאַנצט און זייערע אַרומגעשפּרונגען פון איין גאָלדענעם זייל צו דעם צווייטן, פון איין בריליאַנטענער שויב צו דער צווייטער. און די שניי־ווייסע שוואַנען זייערע ערנסט און לאַנגזאַם אַריבערגע־שוואומען פון איין זילבערנעם שטיק נעפּל צום צווייטן, פון איין גאָלדן שטערנדל צום צווייטן... און פאַרציטערט, ווי פון גרויס ליבשאַפט, האָבן זיך אַרום דעם אַלעם געפּלאָכטן די פיינסטע, וואונדערלעכסטע שאָטן פון די בלומען און געוויקסן, וואָס האָבן געבליט אויף ביידע זייטן פון טייכל... און אַז עס האָט זיך נאָך דערביי געלאָזט הערן דער שפּיל־פויגל פון צווישן די צווייגן, וואָס האָבן זיך געבויגן אונטער דער לאַסט פון גאָלדענע פּירות, האָט מען ווירקלעך געמיינט, אַז עס איז קיין גאָרטן נישטאָ, קיין פּאַלאַץ נישטאָ, — אַז עס איז אין גאַנצן אַ חלום, אַ פאַר'כשופ'טער חלום...

„און דאָך איז עס קיין חלום געווען. — — —"

אָבער עס פאַרדריסט נאָר אַליין, וואָס איך האָב אָנגעבראַכט אַלס מוסטער די שילדערונג פון פּאַלאַץ, אין וועלכן ער פירט אונז אַריין גלייך פון אָנפאַנג. דאָס איז נאָך ווייט ניט דער מוסטער פון די באַזונדער פּרעכטיקע שילדערונגען. צי דאָס

מאָלן פון די מעלות און מדות פון דער בת מלכה, צי פון די „גוטע חיה׳לעך מיט די ווייסע פעלכעלעך, גאָלדענע שטרייפעלעך, שילדקרעטענע און עלפנביינענע הערנדלעך״, צי פון וואַלד מיט דער כשוף־הייל פון דער פאַרשטעלטער מכשפה, וועלכע איז די נשמה פון וואַלד, — קורץ, אַלץ, אַלץ וועבט אייך אַרום ווי מיט אַ כשוף־נעץ, און איר וואונדערט זיך, וואו נעמט זיך אין אונזער אָרעם־פאַרשריענעם אידיש אַזא רייכקייט פון ווערטער פאַר בונטע פאַרבן, פאַר פּרעכטיקע קאָלירן, עס זאָל קענען מיט אַזויפיל רייצנדיקן חן זיין געמאָלן! דאָס מוז מען אַליין לייענען, כדי ערשט ריכטיק נתפעל צו ווערן.

און ווען איר באַדיינקט נאָך, אַז דאָס איז עפּעס, וואָס האָט געפעלט אין אונזער שיינער ליטעראַטור, כדי זי זאָל זיין אַ שיין־ליטעראַטור, מיט וועלכער מען זאָל קאָנען אין דעם אידישן קינד איינפּלאַנצן ליבע צו איר און איינדריקן אין יונגן הערצל ליבע צום פאָלק און צו די מדות, וואָס דאָס איז דער תוכן פון דער מערכענהאַפטער, לעגענדאַרישער געשיכטע, — דאַן הויבט איר דאָס ערשט אָן אָפּצושאַצן.

דער אידעאַלער שימער פון מערכען, פון וואונדערלעכע מעשה׳לעך, איז די איידלסטע נאַרונג פאַר דער דערציאונג. דער געהיימניספולער מערכען־גלויבן, דער גלויבן אין וואונדערבאַרעס, וואָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן, פלאַנצט איין אין קינד אַ נשמה יתירה, וועלכע באַפּייאיקט אים, ווען ער וואַקסט אויס, צו גרויסע טאַטן, צו באַגייסטערונג פאַר דאָס גוטע, פאַר דאָס איידעלע און שיינע, ווי עס בעט ערגעץ דער דייטשער דיכטער:

„פון מיר שיידן מעג אַלעס, וואָס׳ז מיין,
אירדישן שיקזאַל צום רויבען,
דו נאָר לאָז מיך ניט אַליין,
היימלעכער מערכען־גלויבען!

אום מיט מוטיגען הארצען פערטרויען,
דאָס מעגלעכע צו קענען מאַכען,
מוז איך גאַנץ אין געהיים בויען
אויף אונמעגלעכע זאַכען״.

„חנוך לנער על פי דרכו". עס לייענט, דוכט זיך, דאָס קינד א מעשה'לע נאָר וועגן א געריבטער בת מלכה מיט גאָלדענע האָר, וועלכע בייזע רוחות האָבן פאַרשפּאַרט אין א פאַר'כשופ'טן פעסטונג־שלאָס, באַהאַלטן בחדרי חדרים, און וועגן דעם בן מלך, דעם העלדישן בחור'ל, וואָס באַקומט פון פאַרשטעלטע וואונדער־מענטשן אַזעלכע שטיוועלעך, אין וועלכע מען שפּרינגט איבער ימים, און ער שפּרינגט אויף א וואונדערלעכן אופן די בת מלכה צו ראַטעווען. דאָס קינד וואָלט וועלן יענער העלדישער פּרינץ זיין. און ווען עס וואַקסט אויס דאָס קינד און זעט די בת מלכה „פרייהייט" פון גזלנים געריבט, אין פעסטונג פאַרשפּאַרט, דערוועקן זיך אין אים די כוחות און די באַגייסטערונג דער העלדישער באַפרייאונגס־פּרינץ צו זיין, כדי די געריבטע פרייהייט צו ראַטעווען. דאָס איז בלויז למשל.

אַלע מערכען־וואונדער זיינען אריינגעוועבט אין די „דריי חופות". און מערקווירדיק איז די אידישע פאַנטאַזיע. ניט דער בן מלך ראַטעוועט דאָ די בת מלכה, נאָר די פאַרביטענע בת מלכה מאַכט דורך וואנדער־וואונדער, כדי אים, דעם רעטער, דעם איינגעשלאָפענעם צו געפינען. אים, וועמעס גרויסע נשמה איז אראָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער וועלט די געפאַלענע צו דערהויבן, און וועמעס „האַרפע האָט א זיסן קלאַנג, און זיין שטימע איז נאָך זיסער געווען ווי דער קלאַנג פון דער האַרפע, און זיסער פוןביידע איז געווען דאָס ליד אַליין, וואָס ער האָט געזונגען. ער האָט געזונגען פון שפּעטערע, גליקלעכערע צייטן, ווען אַלע טרערן וועלן אויסטריקענען און אַלע, די שוואַכסטע אפילו, וועלן גליקלעך זיין..." — אים האָט זי אויסגעזוכט. וואָרים ער האָט געזוכט, געזוכט זיין באַשערטע און ניט געפונען:

„— גאָט, — האָט ער זיך איינמאָל געשטעלט מיט א טענה צום הימל — פאַרוואָס האָסטו מיך נאָר איינעם באַשאַפן? ווי קאָן איך איינער אַלע, אַלע העלפן?

„און א בת קול ענטפערט אים פון הימל:

„— איך האָב אן אדם הראשון באַשאַפן, און פון אים איז די וועלט אַרוים. זוך דיר דיין חוה'ן...

„און ער האָט אַלץ פאַרלאָזט און אַנגעהויבן זוכן... ער האָט אָבער נישט געפונען... עס איז זעלטן אַן אמת׳ע חוה... נישט געקינצלט, נישט געפעלשט, נישט קינדיש־נאַריש־נאַשע־ריש... און ער האָט זיך נאָך אַ צייט ווייטער געשטעלט מיט אַ טענה צו גאָט:

„— איך געפין נישט, — זאָגט ער.

„און פון הימל האָט מען אים געענטפערט:

„— אַז דו קאָנסט נישט זוכן, וואַרט ביז מען וועט דיך זוכן און געפינען...“

און מען האָט אים איינגעשלעפערט אין אַ הייל. די בת מלכה זוכט דאָס אים אויף.

ווי אַנדערש איז די אידישע פאַנטאַזיע! איז דאָס דער־פאַר, ווייל דער אידישער גאָט איז דעספּאָטיש און אין אַ „זי“, אין דער שכינה, איז די אידישע פאַנטאַזיע געוואוינט געוואָרן צו זען די מדת הרחמים? איז דאָס דערפאַר אויך די „רחל מבכה“, וואָס פילט מער מיט די ליידן פון אירע קינדער? אָדער איז דאָס דערפאַר, וואָס די אידישע פרוי איז באַפּייאַקטער פאַר דער צו־קונפט דורכדעם, וואָס אין איר געפינען זיך נאָך ניט דערוואַכטע קרעפטן, וועלכע זיינען אין מאַן שוין פאַר׳חליש׳ט געוואָרן? — ווער ווייסט? אַזוי שפּילט דעם פאָלקס פאַנטאַזיע אין דעם דיכ־טערס פאָרשטעלונג.

מערכען-גלויבן פאַר קינדער? איז דאָס ווירקלעך פאַר קינדער? פּרצ׳ס „קליינע מעשה׳לעך“ אפילו זיינען פאַר „גרויסע קינדער“, און בפרט אָט די גרויסע מעשות ווי פאַר קליינע קינדער קאָנען אודאי נאָר פון גרויסע פאַרשטאַנען ווערן. יעדע לעגענדע, יעדעס מערכען איז, געוויינלעך, אַלעגאָריש און סימבאָליש, און ביי פּרצ׳ן, ביי וועמען מען קאָן כמעט אומעטום געפינען פּ ר ד ס, זיינען די געשיכטן „מסירת נפש“ און „דריי חופות“ דורכגעוועבט און דורכגעפלאָכטן פּרדס־קינסטלעריש, וואו אַ קינד פאַר־שטייט דעם סיפור־פּשט, דער בר־דעת פאַרשטייט דעם רמז, דער חקירה־שכל קאָן אויספירן פון זיי אַ דרוש, און דער סוד און די סודי סודות בלייבן אַמאָל, דעם אמת זאָגנדיק, טאַקע אומאַנט-

פלעקט אפילו פאַר יודעי חן. אָבער דער שימערנדיקער חן פונם געהיימניספולן זאָגט אייך, רעדט צו אייך, מאַגנעטיזירט אייך און לייכט־אויף פאַר אייך גאַנצע וועלטן פאַרבאָרגענע אין דער טיפע־ניש פון דעם אידנס טרוימערישער נשמה.

עס לייכטן אויף פאַרבאָרגענע וועלטן, ניט קוקנדיק אויף פּרצ'ס פּריוואַליטעט, וועלכע וואַרפט זיך אין די אויגן. איך מיין דאָרט, וואו דער דיכטער דיכטעט שוין ניט, נאָר פלעכט אריין ניט מיט דער געטלעכער השפעה, נאָר מיט געזונטן באוואוסטזיין, מיט זיין אייגענעם ווילן א געדאַנק, וואָס דאָס שטערט דעם איינדרוק פון פאָלקסטימלעכקייט, ווייל עס פעלט דער איינדרוק פון יענער נאאיוויטעט, פון יענער תמימות, וואָס איז די נשמה פון פאָלקס־טימלעכקייט. און אזעלכע שטעלן זיינען פילע. עס לאָזט זיך באוואוסט צופיל פילן דער איינדרוק פון פּרץ, פּרץ און פּרץ. ניט דעם פאָלקס פאַנטאַזיע רעדט שוין דעריין צו אייך, נאָר דער דענ־קער און קינסטלער. אין דעם אויספיר, למשל, פון „אראָפּגע־לאָזטע אויגן", וואו עס ווערט דערציילט וועגן א קרעטשמערס צוויי טעכטער: די עלטערע, נחמה, „א מיידל — א גאָלד, א גוטע נשמה, א שטילע. די גוטסקייט קוקט איר פון די שטילע אויגן ארויס און זי לאָזט זיך מדריך זיין, טאַקע: וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט און אלע גוטע, פרומע לייט, וואָס שטעלן זיך אָפּ אין קרעטשמע, הייסן . . ." די יונגערע, מלכה, „שניידט זיך שוין אביסל אין דער קרים. קיין שלעכטס, חס ושלום, נישט, נאָר אזוי: עפּעס א פאַרטראַכטע, א פאַר'חלומ'טע, אלץ פאַלט איר פון די הענט... טיילמאָל לאָזט זי אראָפּ די ברעמען און גייט ארום מיט א בלאַס פּנים ווי קרייד, ווי אויפן עולם הדמיון. רופט מען זי — גלייך מען וואָלט זי פון יענער וועלט אראָפּגערופן — ציטערט זי און פאַלט ממש פון די פיס" — — — „און א התחלה פון מדות מגונות אויך: עס איז זי ניט אָפּצורייסן פון קרעטשמע, בפרט ביינאַכט, ווען מען שפּילט און טאַנצט. גאַנצע נעכט וואָלט זי געזעסן און די אויגן זיך אויס־געקוקט, ווי די יונגע פויערן שטיפן מיט די שיקסעס".

דער סוף איז, אז די יונגערע, וועלכע האָט חתונה געהאַט,

פלעגט, זייענדיק אין דעם מאַנס אָרעמס, במחשבה הנאה האָבן פון דעם יונגן פריץ, וועלכן זי האָט אַמאָל געזען פון ווייטן, און די עלטערע, וועלכע דער פריץ האָט געהאַלטן אין פּאַלאַץ, אָבער ניט מיט איר ווילן, איז געווען ריין: „בשעת ווען מלכה האָט געזינדיקט מיט דער נשמה אין אַ ריינעם גוף, האָט נחמה, פאַר־קערט, אָפּגעלאָזט דעם גאַנצן גוף און ריין געהאַלטן די נשמה...“

דער אויספיר איז, אַז ווען מען האָט, לאַנג נאָך זייער טויט, צוגענומען אַ שטיק בית עלמין צו דער שטאָט און מען האָט אויס-געגראָבן די קברים, זיינען נחמה׳ס ביינער אַזוי צעפוילט געווען שוין, אַז עס איז קיין שריד ופליט ניט געבליבן, און מלכה׳ס גוף איז געווען אינגאַנצן, פריש, כמעט מיט אַ פרישן שמייכל אויפן ווייסן פנים.

„דאָס הייסט אַ צדקת! — האָבן מענטשן געזאָגט — די ווערים האָבן אויף איר קיין שליטה נישט געהאַט . . . וואָרים אַזוי טראַכטן און זאָגן מענטשן, וואָס זעען נאָר מיט די אויגן פון אויבן־אויף, און נישט וואָס אין האַרץ טוט זיך, וואָס ביי עמיצן אויף דער נשמה איז...“

פּראָוווט פאַרגלייכן אָט דאָס בילד מיט איין בילד, וואָס גע־פינט זיך אין פּרצ׳ס אַמאָליקער פּרעכטיקער דערציילונג „דאָס שטריימעל“, וואו עס דערציילט זיך אויך וועגן צוויי שוועסטער: „איין שוועסטער האָט געטראָגן פראַנק און פריי: פאַר גאָט אין שול, פאַר לייט אין גאַס, פאַרן סטראַזשניק, אקציזניק און אַלע געסט אין שענק!“ — — — „אָבער די צווייטע האָט געטראָגן בסוד סודות, ווייען געקריגן אין אַ קעלער, דאָס קינד האָט אָפּגע־נומען אַ שוואַרצע קאַץ . . .“ — — — „און דער גאַנצער חילוק איז געווען, וואָס דאָס ערשטע איז געווען אויפן שולהויף, אויפן אַלטן בערגל מיסט, אונטער אַ ברודיק שטיק וואַלציִיג מיט באַ-זילבערטע אותיות . . .„ נאָר מיטן שטריימל — און דאָס צווייטע איז געשען ערגעץ אין אַ זינגנדיקן וואַלד, אויפן פרישן גראָז, מיט פרישע בלומען, אונטער גאָטס בלויען הימל, אויסגע־זייט מיט זיינע שטערן, נאָר אָנ׳ם שטריימל“.

ווען דער דיכטער וואָלט אויסגעוועבט דערפון אַ „פאָלקס־

טימלעכע" געשיכטע, וואָס איז זייער פּאַסיק, וואָלט דער איינדרוק אויסגעקומען אַקוראַט א פּאַרקערטער פון „אראָפּגעלאָזטע אויגן".

אָבער דאָס איז שוין דער כח פון דעם ים פון ראָמאַנטיק, אין וועלכן דער דיכטער שווימט איצט און ווייזט וואונדער. אין אָט דער ראָמאַנטיק האָט ער געפונען די קאָנסערווירנדיקע קראַפט פון דעם אידנס באַגייסטערונג פאַר מדות. און דאָרט, וואו ער פילט, וואו זיין וויסנשאַפטלעכקייט זאָגט אים, אז אָט די קאָנ־סערווירנדע קראַפט, וואָס איז א גלות־געצוואונגענע אויסלייטער־רונג דורך יסורים, איז דאָך אָבער ניט די פּרוכטנדיקע קראַפט פאַר נייעם לעבן, פאַר פאָרטפלאַנצונג; אז אינם קאַמף אומס דאַזיין איז נייטיק אויך די גבורה, ניט פון בטול היש, נאָר די גבורה אָנצופאַסן די אומשטענדן צו זיך, שאַפן אומשטענדן פאַר באַנייאונג אונטער נייע צייטן, וואו עס דריקט זיין „איך וויל פ אָ ר ן אין דער צייט — איך וויל!" — דאָרט דיקטירט אים שוין דער וויסנשאַפטלעכער שכל צו זאָגן, ווי ער לאָזט אויס אין „דריי מתנות":

„און דער אורים ותומים האָט געזאָגט: — אמת שיינע מתנות, אויסטערליש שיינע . . צוניץ קומען זיי נישט. נישט לתשמיש, אָבער לנוי — אויסטערליש."

איז אָבער שיינקייט פאַראַן אָן און פאַר זיך, שיינקייט אָן נוצן, און בפרט שיינקייט ניט אין דער אויסערלעכער נאַטור, נאָר אין דער נשמה פון מענטשן?

און דערום איז דאָס דער „אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי", וואָס עס רופט ארויס אָט די ראָמאַנטיק.

---

מאַנכע באַצייכענען אונזער צייט, ווי די צייט פון טיפער ביינקשאַפט, פון גאָט־זוכעניש. באַזונדער ווייזט מען אָן אויף דער גאָט־זוכעניש ביי די איידעלע גייסטער פון דער רוסישער ליטעראַטור. און וואו קאָן זי זיין נאַטירלעכער, ווי אין דער מדינה, וואו מען האָט געהאַט אזעלכע דערוואַרטונגען פון א זיסער צו־קונפט און וואו מען האָט אזעלכע יסורים פון א ביטערער גענג־

וואָרט ; וואו מען האָט געמיינט, אַז אַט, אַט איז מען שוין פון אַלטן אַרויסגעפאָרן און וואו מען האָט זיך געכאַפּט, אַז מען איז נאָך אויף קיין איין האָר אין דאָס ניי-דערוואַרטעטע ניט אַריינגעפאָרן !

און ניט בלויז אין רוסלאַנד, אומעטום פילט זיך אין די אײדלסטע קרייזן פון די פעלקער אַ בייינקעניש, אַ לעכצן נאָך אַ נייער רעליגיע, נאָך אַ נייעם נשמה־אויסדרוק, נאָך אַ נייעם גייסטיקן אינהאַלט. אָבער מיר, אידן, קאָנען ניט פילן אַזאַ נייטיקייט אין אַ נייער רעליגיע. וואָרים מיר האָבן יענע נייע רעליגיע שוין לאַנג, לאַנג געפונען. דער תמצית פונם אידנס רעליגיעזער עטיק איז די רעליגיע פון דער צוקונפט, ווען זי וועט ערשט געפינען איר פּראַקטישע אָנווענדונג, איר אמת'ע אָנפּאַסונג צום לעבן אָדער, בעסער געזאָגט, די אָנפּאַסונג פונם לעבן צו איר. אונזער „ואהבת לרעך כמוך", אונזער „מאי דסנא עלך לחברך לא תעביד", די נביאות פון אַ „והיה ביום ההוא" און פון אַ „והיה באחרית הימים" — דאָס זיינען די אידעאַלן פון דער מענטשהייטס צוקונפט. און אין אונזערע אײדלסטע קרייזן, אין דער גייסטיקער זוכעניש פון אונזערע קאָפּ־מענטשן און האַרץ־מענטשן, ליגט אַן אַנדער בייינקשאַפט, אַ בייינקשאַפט נאָך זיך גופא — מיר זוכן ניט גאָט. מיר זוכן זיך אַליין, מיר ווילן אונז גופא געפינען. מיר זוכן אונזער פאָלק־לעבן. וואו און אין וואָס זאָלן מיר געפינען דאָס לעבן פון אונזער פאָלק, זיין נשמה, זיין גייסטיקן אויסדרוק ? דאָס האָט אַ נאַציע, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן, וואָס האָט זיך שיר ניט אַזוי ווי געהאַלטן ביים פאַרלירן, אָנגעהויבן צו זוכן זיך אַליין.

אָט די זיך־גופא־זוכעניש איז צו זען אין די נאַציאָנאַלע טעאָריעס פון אונזערע דענקער, אין דער שיין-ליטעראַטור פון אונזערע אײדלסטע דיכטער, אין אונזערע עטיקער און עסטעטיקער, פּאָליטיקער און טעאָרעטיקער. ווי עס זאָלן זיך אין אַלע זייערע לערן און שריפטן ניט זען דיזעלביקע אייגנשאַפטן, וואָס אין די לערן און שריפטן פון די דיכטער און דענקער פון די אומות העולם ; ווי אין זיי זאָלן זיך ניט פילן דיזעלבע שטימונגען,

דערזעלבער געמיטס־צושטאַנד, דיזעלבע עמפינדונגען, וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש אויך ביי אַנדערע, ביי ניט־אידן, פונ־דעסטוועגן קומט אַרויס בולט און בולט'ער פון אַלץ דאָרט די גאָט־זוכעניש און דאָ די זיך־גופא־זוכעניש.

איר קאָנט אפשר ביי פּרץ'ן געפינען דיזעלבע פילאָזאָפישע מיסטיק ווי ביי אַנדרעיעוו'ן, אַ פאַרטיפן זיך אין דאָס אומבאַ־שטימטע, אַ סימבאָלישע איינגעשאַפט אויסצודריקן דאָס, וואָס לאָזט זיך אין ווערטער ניט אַרויסגעבן, אין פאָרמען ניט אויסגיסן, און דאָך וועט איר דערפילן ביי איינעם די גאָט־זוכעניש און ביי דעם אַנדערן אַ מין זיך־גופא־זוכעניש.

ביי אַנדרעיעוו'ן זאָגט דער ע מ י צ ע ר, דער שומר פון די טויערן, וואָס דריקן די ערד מיט זייער אייביקער שווערקייט, דער גרויער עמיצער, וועלכער דריקט אויס דורך ווערטער און דורך שטילשווייגן די שטומע און ריידנדיקע אייביקייט, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען די שטימע פון גאָט, — אָט דער עמיצער זאָגט עפּעס אַזעלכעס ווי דאָס, וואָס ביי פּרץ'ן דריקט אויס דער איד, דער מקובל.

„אָבער ניט מיט מאָס ווערט אויסגעמאָסטן," — ענטפערט דער עמיצער אויף אשמדאי'ס פראַגע, פאַרוואָס איז אומגעקומען דער בעל מדות דוד לייזער — „און מיט צאָל ווערט אויסגעציילט און ניט מיט וואָג ווערט אָפּגעוואויגן דאָס, וואָס דו ווייסט ניט, אשמדאי. דאָס ליכט האָט קיין שיעור ניט און עס איז קיין גרעניץ ניטאָ צו דער צעצונטערונג פון פייער. עס איז פאַראַן רויטער פייער, פאַראַן געלער און פאַראַן ווייסער פייער, אויף וועלכן די זון ווערט צעברענט ווי געלער שטרוי — און עס איז פאַראַן נאָך אַן אַנדערער, אַן אומבאַוואוסטער פייער, דעם נאָמען פון וועלכן קיינער ווייסט ניט, וואָרים עס איז קיין גרעניץ ניטאָ צו דער צעצונטערונג פון פייער. און דוד, דער אומגעקומענער אין צאָלן, דער טויטער אין מאָס און אין וואָג, האָט דערגרייכט אומשטערבלעכקייט אין דער אומשטערבלעכקייט פון פייער."

און אין פּרץ'ס „מקובלים" דריקט אויס דער פאַרהונגערטער איד, וואָס קומט אום פון תעניתים און סגופים, זיין כלית הנפש

אין דער הויכער בחינה פון א נגון, אזוי ווי דערגרייכנדיק
אומשטערבלעכקייט אין דער אומשטערבלעכקייט פון דעם נגון:
„...עס איז פאַראַן אַ נגון, וואָס מוז האָבן ווערטער...״ —
לערנט דער בעל יסורים, דער ראש ישיבה, מיט זיין פון הונגער
אויסגייענדיקן תלמיד. — „דאָס איז גאָר אַ נידעריקע בחינה.
עס איז פאַראַן אַ העכערע בחינה: אַ נגון, וואָס זינגט זיך אַליין
גאָר אָן ווערטער — אַ ריינער נגון! נאָר דער נגון דאַרף נאָך
האָבן אַ קול און ליפּן, דורך וועלכע דאָס קול גייט אַרויס... און
ליפּן, פאַרשטייסטו, זיינען דאָך גשמיות! און דאָס קול אפילו,
ס׳איז אָן איידעלער גשמיות, גשמיות איז עס! לאָז זיין, אַז
דאָס קול שטייט אויף דער גרעניץ צווישן רוחניות און גשמיות.
נאָר סיי־ווי־סיי דער נגון, וואָס הערט זיך מיט אַ קול וואָס הייגנט
אָפּ פון די ליפּן, איז נאָך נישט ריין, נאָך נישט אינגאַנצן ריין;
נאָך נישט קיין אמת׳ע רוחניות!... דער אמת׳ער נגון אָבער
זינגט זיך גאָר אָן אַ קול... עס זינגט זיך אינעווייניק, אין האַרץ,
אין די געדערים! אָט דאָס איז דער סוד פון דוד המלכ׳ס
ווערטער: „כל עצמותי תאמרנה״... אינם מארך פון די ביינער
דאַרף זינגען, דאָרט האַרף זיין דער נגון — דער העכסטער שבח
פאַר גאָט ברוך הוא! דאָס איז נישט דער נגון פון אַ בשר ודם,
דאָס איז נישט קיין אויסגעטראַכטער נגון! דאָס
איז שוין אַ חלק פון אַ נגון, מיט וועלכן גאָט האָט די וועלט
באַשאַפן, פון דער נשמה, וואָס ער האָט אַריינגעגאָסן אין איר...
און אַזוי זינגט די פּמליא של מעלה! אַזוי האָט געזונגען דער
„יוד״, זכרונו לברכה...״

דער דיכטער האָט געפונען זיין פאָלק, ניט אין אַלט־אַלטער
קלאַסישער פאַרגאַנגנהייט, ווען דאָס פאָלק האָט געלעבט אַן
אומאָפּהייענגיקן לעבן אויף זיין לאַנד. אָך, דערפון איז שוין קיין
זכר אין פאָלק ניט געבליבן. ער האָט געפונען דעם פאָלקס
נייסטיקן אויסדרוק אין דער פאַרהערלעכונג פון מדות, אָבער
מדות, דאָס רוב, וואָס זיינען פּאַסיוו, מדות פון אַ גלות־פאָלק:
גבורה פון צוריקהאַלטונג, פון ניט עובר זיין, פון אויסשטיין
נסיונות. אָבער ניט וועלנדיק שוועבט דאָך איבער זיי די קדושה

פון בית המדרש פרומקייט. און ביי דער גרויסער הנאָה, וואָס מען האָט פון אזא גייסטרייכער באַנייאונג פון דאָס אַלטע, דערוועקט זיך דאָך די מורא, אז ווען די תלמידים וועלן אָנהויבן טרעטן אין דעם וועג, זאָל חס־וחלילה ניט פּאַסירן היינע׳ס משל וועגן דער ראָמאַנטישער אויפלעבונג אין דייטשלאַנד. פון דעם וועלן פאַריונגן דאָס אַלטע, זאָל ניט איינגענומען ווערן אַן איבעריקע דאָזע און מען זאָל ניט צו יונג ווערן — ממש ניט קינדעריש ווערן. אין אונזער פאַל וועט דאָס הייסן ניט צופיל אַריינ׳חלום׳ען זיך אין דעם קדושה־גייסט פון בית־מדרש׳דיקער, אסקעטישער ריינקייט, ניט פאַרקנעכערט ווערן אין דער פאַר־אומווירדיקונג פון תענוגי עולם הזה. אָך, אין די רייצונגען פון לעבן, פון נענוס, פון פאַרווירקלעכן אַ גן עדן פון גשמיות־רייכקייט פאַר געזונטע גופים, אין וועלכע עס זאָלן זיין שיינע נשמות — איז דען דעריין אויך ניט אַ קוואַל פאַר אַ פאָלקס־גבורה? אָבער וואו נעמט מען די כוחות!...

אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי — און בפרט ווען עס ציט דער „איך וויל פ אַ ר ן אין דער צ י י ט, איך וויל!"...

(זאַמלבוך „ליטעראַטור", ניו יאָרק, 1910)

# ר ע י ו נ ו ת

פון אַ

# בעל מחשבה

דאָס לעבן אין אַ קאָמעדיע פֿאַר
דעם מענטשן מיט שכל,
אַ טראַגעדיע — פֿאַר
דעם מענטשן מיט האַרץ.

## 1. וועגן אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן

אַז מען רעדט זיך אויס, ווערט גרינגער אויפן האַרצן, זאָגט דער עולם. הייַנט זיי מיר אַ בריה און רייד אויס אַלץ, וואָס בייַ דיר אויפן האַרצן טוט זיך, אָדער, ווי אַ פילאָזאָף וואָלט זאָגן, אַלץ וואָס אין קאָפּ מישט זיך. זעט איר, כלעבן, זאָגן וואָס מען מיינט ניט, שרייַבן וואָס מען פילט ניט איז אַ סך גרינגער און אַמאָל טאַקע ווינגאָדנער אויך. והא ראיה, די גאַנציינקע וועלט פירט זיך אַזוי. הייַנט איז דאָס טאַקע פּשוט אוממעגלעך: רעד פון אַלץ וואָס עס טראַכט זיך, פון אַלץ וואָס עס פילט זיך!

אָט לויפן מייַנע רעיונות, מישן זיך און מישן זיך. איין געדאַנק ענדיקט זיך נאָך ניט, טשעפּעט זיך שוין צו אַן אַנדערער, און אָט אַזוי לויפן זיי כסדר, אָן אַ געשלידער. שאַ, אייך שיקט זיך דאָס אפשר ניט: אַז כסדר, הייַנט ווי איז דאָס אָן אַ געשלידער. וועט איר פרעגן? סטייטש, עס איז דאָך תרתי דסתרי? עה, זאָלט איר מיר געזונט זייַן, איר האָט, בנאמנות, קיין שכל ניט, אַז איר שטעלט זיך אָפּ אויף אַזעלכע קלייניקייטן. איר ווייסט גאָר ניט וואָס אַ וועלט איז, אַז איר פרעגט אַזעלכע קשיות. אדרבה, קוקט זיך צו צו דער וועלט, אין וועלכער איר לעבט. זעט איר דאָרט ווייניק ווידערשפּרעכונגען? זעט איר דאָרט ניט איינגעאָרדנטע אומאָרדנונג, פאַלשע וואַרהייט, גערעכטע אומגערעכטיקייט, פאַראייניקטע אומאייניקייט, אומגלויבלעכן גלויבן, ציוויליזירטע ווילדקייט, פרידלעכע שטרייטיקייטן, וויסנשאַפטלעכע אומוויסנהייט, טוגנדהאַפטע פאַרדאָרבנקייט, קליינלעכן שטאָלץ, קאָקעטישע באַשיידנקייט, טרויעריקע וויצן, פאַרמאַסקירטע אָפנהאַרציקייט, טויטע לעבעדיקייט, נאַרישע חכמות, זיסע ליידן, פּראַקטישע טויגעניכטסן, פּוסטע פולקאָמענהייט, מחבל׳ישע רעטער,

שקלאַפישע פרייהייט, קעניגלעכן סאָציאַליזם, סאָציאַליסטישע רע-גירונגען און נאָך און נאָך און נאָך . . . איר זעט, מען דאַרף נאָר זיין אַ פּראַקטישער טויגעניכטס, אויף אַמעריקאַניש, אַ „סמאַרט פעלאָר", זיינען שוין די אַלע אומפאַרשטענדיקייטן פאַר־שטענדלעך. איר זיינט אפשר אַן עקשן און אייך שיקט זיך דאָך ניט. ווי קען געמאָלט זיין אַ תרתי דסתרי? דאָ בין איך שוין ניט שולדיק. איך זאָג אייך בפירוש, אַז איר זיינט אַ זעענדיקער בלינדער און דאָס אַליין איז שוין אַ גוטע ראיה, אַז עס קענען זיין שני הפכים בנושא אחד. און פּאַרוואָס זאָלט איר מיר פּראָסט ניט גלויבן, אַז איך זאָג אייך עפּעס? כלעבן, אָט גלויבט דאָך אַ וועלט, אַז פון פייער מיט וואַסער איז געוואָרן אַ הימל; אַז אַ גאָט, אָן אַ פאָרם און אָן אַ געשטאַלט, האָט באַשאַפן אַ מענטשן אין זיין פאָרם, מיט זיין געשטאַלט, און נאָך אַזעלכע זאַכן. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. איך וויל אייך מער ניט זאָגן, נאָר אַז מיינע קלאָרע רעיונות מישן זיך און עס איז שווער אויסצוגיסן זיי אויפן פּאַפּיר — עס זאָל גרינגער ווערן אויפן הארצן.

איך האָב, לא עליכם, דעם פעלער פון קינדוווייז אָן. נאָר עס פלעגט זיך מישן אין מיין קינדערשן קעפּל, און דערפאַר האָב איך אין חדר נאָך געקראָגן אַ צונאָמעניש: „בעל מחשבה".

איך דערמאָן זיך, ווי מיין טאַטע, ריידנדיק וועגן מיר, פלעגט ווייזן מיטן צווייטן פינגער פון דער רעכטער האַנט אויף ז י י ן שטערן, וואָס דאָס האָט געמוזט באַטייטן, אַז ביי מיר אין קאָפּ איז עפּעס נ י ט ג ל א ט. אפנים, אַז ביי דאָס רוב מענטשן איז ניט בלויז אויפן קאָפּ, נאָר אין קאָפּ גופא ג ל א ט, און דערפאַר קען זיך דאָרט קיין אידייע ניט אָנטשעפּן.

אָט, האָב איך דערמאָנט דאָס וואָרט „גלאַט". איך ווייס ניט ווי ווער, אָבער איך קען אַזוי גלאַט ניט אוועקלאָזן דאָס וואָרט „גלאַט".

עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס קענען אָפּזאָגן ווערטער אַזוי זיך, ג ל א ט געזאָגט אין דער וועלט אַריין. ביי מיר קומט עפּעס קיין זאַך ניט אויס אַזוי זיך, גלאַט. אָט, אפילו ביסמאַרק׳ס קאָפּ איז דאָך גאָר אַ גלאַטער; ער איז אָבער אויך ניט גאָר גלאַט

אזוי אין דער וועלט אריין. גאָר גלאַט זאָל זיין, איז אין דער וועלט ניטאָ. דוכט זיך, גאָר א קליינקייט, רייך ווערן, אָבער דאָס ווערט מען אויך ניט גלאַט אזוי זיך רייך געוואָרן... גלאַט אזוי טרעפט קיין שרפה ניט, גלאַט אזוי גנב'עט א מענטש ניט, גלאַט אזוי ווערט קיין געזעלשאַפט ניט אומגעענדערט. ווי איז דאָס עפּעס אזוי זיך ג ל א ט? עפּעס איז דעריין דאָ, עפּעס טוט זיך און עפּעס מוז געטאָן ווערן. גלאַט אזוי ווערט קיין זאַך ניט. אַלצדינג איז עפּעס ניט גלאַט. עס איז ניטאָ גלאַט גוט, גלאַט שלעכט, גלאַט געטאַנצט, גלאַט געוויינט, גלאַט געלעבט, גלאַט געליטן. גלאַט אזוי פאַרקויפט ניט א פרוי איר ערע; גלאַט אזוי פון זיך איז גאָט'ס זון ניט געבוירן געוואָרן; גלאַט אזוי גייט ניט דער רייכער בורזשוא, אין אַנטראַקט, אַהינטער די קוליסן; גלאַט אזוי שיקט ניט א פאָטער זיין קינד צו פּעדלען מיט ציי־טונגען; גלאַט אזוי ווערט א מענטש ניט פאַרטעמפּט; גלאַט אזוי פאַר'סמ'ט זיך ניט א סטרייקנדער קלאָוקמאַכער; גלאַט אזוי ווערט א פּרעזידענט ניט אויסגעקליבן פון פאָלק; גלאַט אזוי אַנט־לויפט ניט אַלעקסאַנדער אינמיטן נאַכט פון גאַטשינא; גלאַט אזוי גיט מען אפילו ניט ר' ישראל'ן קיין שלישי אין שול; גלאַט אזוי קריגט מען ניט א הכשר פון רב הכולל... גלאַט, גאָר ג ל א ט טוט זיך קיין זאַך ניט אויף דער וועלט . . . גלאַט אזוי פלוידער איך ניט, מיין ליבער לעזער; גלאַט אזוי מישן זיך ניט מיינע קלאָרע געדאַנקען . . . עס שטעלן זיך מיר פאָר סצענעס ניט גלאַטע, סצענעס קאָמישע, סצענעס טרויעריקע, האַרצ־רייסנדע, וואָס נעמען אָן טיף ביים האַרצן, — ניין, ביים סאַמע לונג-און־לעבער, קיצלען אזוי, אַזש בלוטיקע טרערן ווייזן זיך אין די אויגן און עס טרייבט צום לאַכן, ביזן משוגע ווערן . . .

יאָ, נאָך פון מיין קינדהייט אָן האָב איך געהאַט דעם פעלער. נאָר עס האָט זיך געטראַכט, נאָר עס האָט זיך געדרומלט אין מיין קינדערשן מוח'ל. אָט געדענק איך, ווי גייענדיק אין חדר פלעג איך זיך . . . נאָר געגנוג פאַר היינט, אַלץ אויף איין מאָל קען מען דאָך ניט אויסריידן. זיי געדולדיק מיין טייערער אידישער לע־זער, ביז דעם צווייטן מאָל. געדולדיק צו זיין, ישראל'יק, ביזטו

דאָך שוין געוואוינט. טראָגסט דאָך געדולדיק אַריבער אַלע צרות, אַלע שלעק, אפילו דיין צאַפּלען זיך איז דאָך אויך מיט געדולד. אַט צאַפּלסטו זיך שוין טויזנט יאָר, שרייענדיק: „עשה למען יונקי שדים שלא חטאו, עשה למען גמולי חלב שלא פשעו!" ניטאָ קיין ענטפער! און דו צאַפּלסט זיך, ווי אומגעדולדיק, און וואַרטסט מיט געדולד, און שרייסט, און וויינסט ווייטער, און אַזוי טראָגסטו אויף זיך געדולדיק אַלץ, אַלץ, וואָס מאַכט דיך פאַרן נידעריקסטן שקלאַף; אַלץ, וואָס מאַכט דאָס לעבן אַזוי טרויעריק, וואָס מאַטערט און אונטערדריקט דיך. יאָ, געדולדיק צו זיין ביזטו דאָך, צו דיין גרויסן אומגליק, שוין געוואוינט, טאָ האָב זשע געדולד, ביז עס וועט ווייטער אויסגיסן פאַר דיר זיינע רעיונות

ד ע ר   ב ע ל   מ ח ש ב ה.

(„פר. ארב. שטימע", 4טער יולי, 1890).

## 2. „ומותר האדם מן הבהמה" — דער חדר — דער בייזער רבי

עס איז אַ גרויסער חסרון, ווייזט אויס, צו זיין אַ בעל מחשבה, און נאָך אַ גרעסערער חסרון איז אַרויסצורייידן אַלץ, וואָס עס דרייט זיך אין קאָפּ. אפילו מיין רבי אין חדר פלעגט מיר געבן פייערדיקע קלעפּ, פאַרוואָס איך טראַכט צופיל, און ווער רעדט קונדסים, ווייסע חברה׳ניקעס, — זיי האָבן מיך פשוט ניט געלאָזט אָטעמען. נאָר עפּעס „בעל מחשבה". איך האָב טאַקע געמוזט אויסזען לעבערלעך, ווי יעדער מענטש, וואָס טראַכט, זעט אויס. אָט האָב איך אָנגעהויבן דערציילן, ווי גייענדיק אין חדר פלעג איך זיך פאַרקוקן אויף אַ פערדל, פאַרקוקן און פאַר־טראַכטן זיך . . . דער פערד מיטן וואָגן איז שוין לאַנג געווען פאַראיבער, אָבער אין מיינע געדאַנקען האָט זיך נאָך אַלץ געמאָלט זיין גרויסער פערדישער קאָפּ, זיין לאַנגער רונדער האַלז, זיין די־

קער קיילעכדיקער קערפּער, ווי ער שלעפּט דעם וואָגן איינגע־שפּאַנטערהייט, שלעפּט, שלעפּט און שלעפּט . . . וואָס איז דאָס פּאַרט פאַר אַ קלוגע בריאה אַ פערד, גאָר להבדיל ווי אַ מענטש! אָט דאַרף ער שלעפּן אַ וואָגן מיט שטיינער. „היאָ!" שרייט דער פּורמאַן, גיט אַ שונד איבער די ביינער, אַ צי די לייצעס. דער פערד גיט זיך אַ ריס פון געשפּאַן: צו שווער, אַפּנים, ניט לויט זיינע כוחות. ער גיט זיך אַ וואָרף רעכטס, אַ קער לינקס, ווייטער רעכטס, ווידער לינקס, וואַרפט מיטן קאָפּ אַרויף און אַראָפּ, בייסט משונה'דיק דעם צוים, אַזש בלוטיקע פיענע שלאָגט פון זיין פּער־דיש מויל. אַ שניט ווייטער, אַ ווילדער געשריי „היאָ!", אַ ריס רעכטס און ווייטער לינקס און נאָך אַ געשריי, נאָך אַ „היאָ", נאָך אַ שונד, אַ שלעפּ ווי מיט נייע כוחות, דעם קאָפּ אַראָפּגע־בויגן צו דער ערד און געפּאַרשקעט, ווי עפּעס אומצופרידן, זיך איינשפּאַרנדיק מיט די פאָדערשטע ברעגן פון די קאָפּיטעס אין דער ערד, שלעפּט דער פערד און שלעפּט.

דער פּורמאַן היקעוועט און פּאַסעוועט, „היאָ, היאָ", דער פערד שלעפּט, שלעפּט און שלעפּט . . .

וואָס פאַר אַ קלוגע בריאה דאָס איז אַ פערד, האָט זיך מיר אַלץ געטראַכט. אָ, וואָס פאַר אַ רחמנות, גאָר להבדיל ווי אַ מענטש!

אָפּטמאָל, זיצנדיק אין חדר ביים לערנען, פלעגט זיך מיר אַלץ דרומלען אין די רעיונות דאָס בידנע פערדל.

— נו, זאָג-זשע, — פלעגט זיך דער רבי צווינגען אויפן ביי־קול, מיט יענעם באַנומענעם אידישן ניגעלע, וואָס צעבערעכט דאָס גאַנצע האַרץ, צושפּרייט זיך אין אַלע איברים, ביזן שפּיץ קלייניקן פינגערל. דאָס איז דאָס ניגעלע, וואָס דריקט אויס דעם גאַנצן טרויער פון אידישן לעבן; דאָס ניגעלע, וואָס ליגט נאָך אין מאָגן ביי אַלע נאַציאָנאַליסטן, ביי פּאַלעסטינע־קעמפּער. אָ, דאָס ניגעלע, דאָס ניגעלע . . .

זאָג שוין: „ומותר האָדם מן הבהמה אין" — און דער יתרון פון אַ מענטשן ביז אַ פּ . . . נו שוין, גיכער! ומותר —

האָב איך זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן רבי׳ן — און דער יתרון פון אַ מענטשן ביז אַ פּ . . .

נו, ביז וואָס!

דער יתרון פון אַ מענטשן ביז אַ פּ . . . ביז אַ פערד — אין, איז גאַרנישט . . .

— אָ, דו גאָלעץ, דו בעל מחשבה! — האָט זיך דער רבי צושריען שוין אָן אַ ניגעלע, זיך איינטשעפּנדיק אין מיינע קינ־דערשע אויערן און טאַקע משונה זיי געריסן, — פערדעלעך ליגן דיר אין קאָפּ . . . אך, פּויערישצע, אַ מענטש און אַ פערד? פער־דישער קאָפּ דיינער! . . .

אַ שניט מיטן רימען האָט באַגלייט די צערטלעכע ווערטער פון מיין רבי׳ן.

— נו גיכער, ווערטער זאָל איך הערן! ומותר . . .

איך קנייטש זיך אין דרייען, וואַרף זיך לינקס און רעכטס און כליפּנדיק, ווי עפּעס אומצופרידן, זאָג איך נאָך: „ומותר האָדם“ . . .

דער רבי שרייט, קנייפּט, רייסט און שמייסט, און איך כליפּע, זאָג, זאָג און זאָג . . .

איך בין נאָך געווען אַ קליין אינגל און איך האָב דאַמאָלס גאָר ניט געוואוסט פון גלגולים, איך זאָל אַשטייגער וועלן מיינען, אַז דער רבי איז אַ גלגול פון אַ פורמאַן, איך — אַ גלגול פון אַ פערד און דעם רבינ׳ס רימען — אַ גלגול פון דעם פורמאַנס בייטש. איצט געפין איך דעריין אַ גרויסע סמיכת הפרשה. איר לאַכט? איר מיינט דאָך, אַז איך פּלוידער. זאָג איך אייך, אַז איר זיינט אַן עקשן, אַ בלינדער זעענדיקער. איך זאָג אייך בנאמנות, אַז עס איז אַ וועלט דורכאוים פון גלגולים. אָט נעמט היינטיקע קיסרים. זיי זיינען אין ערשטן גלגול געווען אַטאַמאַנעס פון רויבער־באַנדעס. די היינטיקע בעמיקער, פיזיקער, אַסטראָנאָמען זיינען אין פריערדיקן גלגול געווען חרטומים, מכשפים, פאָקוס־ניקעס. אָט דער היינטיקער גאָט, אָן הענט און אָן פיס, איז אין ערשטן גלגול נאָך געווען אַ פּראָסט שטיקל האָלץ, דערנאָך מגולגל געוואָרן אין אַ רואה ואינו נראה. מחקרים זאָגן, אַז דאָס איז

שוין גאָר דער לעצטער גלגול... נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. איך וויל נאָר זאָגן, אַז אַלץ איז גלגולים.

שאַ, אַט זיינען מענטשן אין ערשטן גלגול גאָר געווען אַבע־זיאַנעס. דערנאָך מגולגל געוואָרן אין פישער, פאַסטעכער, רויבער־באַנדעס, און איצט זיינען זיי, אויף צו־כלומר'שט, מגולגל גע־וואָרן אין ציוויליזירטע מענטשן, רחמנא לצלן. ניט נאָר באַשע־פענישן, אפילו מענטשלעכע טאַטן זיינען אויך גלגולים: אָט די היינטיקע מיתה יפה דורך עלעקטריציטעט איז אין ערשטן גלגול געווען סקילה, שרפה, הרג וחנק. אָט דער היינטיקער העכסט ראַמאַנטישער, אָנשטענדיקער, צערטלעכער ליבעס־קוש איז, אין אַמאָליקן גלגול, געווען פּראָסט לעקן זיך און שמעקן זיך. שאַ, וואָס דאַרפט איר מער? אָט דער הערשנדער קלאַס, די וואָס שטייען איצט ביים רודער, האַלטן די לייצעס, ניקעווען און פּאַ־סעווען, זיינען אין אַמאָליקן גלגול געווען גרויסע מיוחסים, אַדל־לייט. אין דעם איצטיקן גלגול זיינען זיי, אמת, ניט קיין גרויסע מיוחסים, אָבער רייכע לייט, וואָס האָבן אַ פּולע. דאָס זיינען דיזעלבע פּוסטעפּאַסניצע נשמות, נאָר מגולגל געוואָרן אין אַנדערע גופים; טאַקע דיזעלבע ברואים, וואָס מיינען נאָר זיך און ווייַ־טער זיך, סיידן דאָן, אַז זיי קריכט שוין פון אַלע זייטן, אַז זיי גייט שוין אַריבער און אַריבער, — אָט דאַן ערשט מיינען זיי טאַקע זיך, און נאָר זיך. הכלל, רבותי, אַלץ איז גלגולים, און מען דאַרף גאָר ניט זיין קיין גרויסער בעל שם צו דענקען, אַז עס זיצן אינעווייניק ניט-גוטע, כת ליצנים אָדער בידנע נשמה'־לעך פון קליינע מענטשעלעך. מען האָט אַנגעקלאַפּט אַ קאָפּ מיט פּראַגרעס, ציוויליזאַציע. וואָס מיר ציוויליזאַציע, שמיליזאַציע? עס איז גלגולים, דיזעלבע אַלטע וועלט, נאָר מיט גאַליינדלעך באַפּוצט. נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. איך וויל נאָר זאָגן, אַז קליינערהייט האָב איך דאָס אַלץ ניט פאַרשטאַנען, און איצט, אַ, איצט! איצט דרייען זיך נאָך מער די רעיונות, עס פאַרשטייט זיך מער און עס טראַכט זיך מער. איצט וואָלט איך שוין גאָר מיט אַן אַנדער ניגעלע געקענט לערנען דעם „ומותר האדם מן הבהמה אין” . . . אַנשטאָט דעם אַלטע רבי'ן זיינען אָבער דאָ

אנדערע שמייסער . . . אָ, ווען אַלע וואָלטן פאַרשטיין, די אַלע גלגולים, טראַכט זיך מיר אַלץ אין מיין בעל מחשבה׳נישן קאָפּ. אַט ווען אַלע וואָלטן פאַרשטיין, ווי פערדיש עס איז צו גיין אין שפּאַן, וואָלטן זיי אפשר אויך געוואָרן בעל מחשבה׳ס, — ניין, טאַקע בעלי מעשה... אָ, ווען זיי וואָלטן פאַרשטיין, ווען זיי וואָלטן פאַרשטיין! . . . פאַר זייערע אויגן וואָלט זיך געעפנט אַ בילד אַ שרעקליכס, אַ טרויעריק־קאָמיש בילד, אַ בילד פון פערד און שמייסער. זיי וואָלטן דערזען פאַרשידענע פערדלעך, וועלכע מען רייסט, ניקעוועט און פאַסעוועט, און זיי וואַרפן זיך רעכטס, קערן זיך לינקס, שלעפּן, שלעפּן און שלעפּן . . . פאַר זייערע אויגן וואָלט זיך געוויזן אַ נייע — אַלטע וועלט, אַ זייער אינטער־רעסאַנטע, שיינע פערדישע וועלט, אַ וועלט פון צרות און נחת, פון ליידן און פריידן, פון זאָרג און צופרידנקייט, פון גליק און אומגליק, אין פערדיש־מענטשלעכן זינען פון די ווערטער. זיי וואָלטן זיך אויך פיליכט פאַרטראַכט, ווי

דער בעל מחשבה.

(„פר. אַרב. שט.“, 11טער יולי, 1890).

## 3. ווען אַלע „הענט“ וואָלטן געמאַכט איין האַנט! . . .

עס שלאָפט זיך עפּעס ניט. עס איז שוין האַלבע נאַכט און איך קען בשום אופן ניט צומאַכן די אויגן . . . מיין מיחש, לא עליכם, האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט, די רעיונות פליען, עס טראַכט זיך ווענן צוקונפט, ווענן איצטיקער צייט, ווענן דער פאַרלאָפענער יוגנט, און אַלץ מישט זיך צוזאַמען אינאיינעם. אַט פליען די רעיונות העט, העט ווייט אין די אינגלשע יאָרן, אַט איז דער חדר, איך זע עס מיט אַלע פּישטשעווקעס: אַט איז די לעבעדיקע קונע, אַט איז דער ביינקל, אַט ליגסטו מיטן פּנים אַראָפּ. אַט איז דער פייערדיקער רבי מיט זיין שאַרף־מעסערדיקן קוק, אַט איז

דער מהפך פשטא, — צי דעם גאָרגל, רײַס דעם האַלז, דרײ א שלשלת ביז די נשמה גייט אויס . . . טפּרה, סטאָי, א סוף פּסוק . . . אַט זײַנען זײ אַלע ווי לעבעדיק, מיט אַלע קליפּער־לעך. אַט זײַנען די ריטער, — ברײַנג זײ אַליין, כדי געשמיסן צו ווערן. אַט זײַנען זײ, די שמיץ, די לײַב־רײַסנדיקע שמיץ . . . די אויגן ווערן פאַרלאָפן מיט טרערן, אַלץ באַגיסט זיך עפּעס, ווי מיט פייערדיקער רויטקייט . . . אין די אויערן הודזשעט, ווי טויזנטער מחנות לעבעדיקע פליגן וואָלטן זשוזשען . . . זשוזש, פאָלג א רבי'ן, רעכט אַזוי, זשוזש . . .

אַט איז עס אַלץ פאַר מײַנע אויגן. איך זע עס אין באָס, אין רב הכולל, אין פאַליסמאַן, אין רײַסער, אין שמײַסער, אין דעם גאַנצן האַק און פּאַק... אַט הער איך דעם געשריי: איי, איי, איי . . . איך הער עס ווי הילפלאָז . . . ווי אָנמעכטיק . . . איך הער עס אין הונגער, אין עלנט, אין קעלט, אין פאַרפעסטע־טער לופט, אין דראַנג און צוואַנג, אין א לאָקאָוט . . . און פון חדר טאָר מען ניט אויסזאָגן . . . אָן זעט איר א קונדס, א שקאָ־ציק, — ער האָט אויסגעזאָגט פון חדר... אַרײַנגעהאַקט אחת ושתים, און שטײ דערפאַר אין קונע. זע מיט דײַנע אויגן, ווי אַלע חדר־אינגלעך זײַנען גוט און פרום . . . זײ קוועטשן און ציען א מהפך פשטא, ווי דער רבי וויל, מאַכן ליבהאַרציקע מינעלעך דעם רבי'ן און קריגן דערפאַר א גלעט איבערן בעקעלע . . . און דו שטײ דאָרט אין ווינקעלע, קוק זיך אַלץ צו, זע, ווי אַלע טייטלען אויף דיר מיט די פינגער, און קרײַנק, ניבעווע, עס זיך אויס דאָס האַרץ . . . אָ, דער חדר, דער חדר . . . נאָך זײַנען מיר ניט אַרויס פון אים, נאָך זײַנען מיר ניט דערוואַקסן צו זײַן אויס חדר־אינגלעך . . .

טפוי זאָל עס ווערן, וואָס איז דאָס מיט מײַן האַנט? זי האָט חרטה אויפן גאַנצן עסק, וויל ניט שרײַבן קיין ווערטער, נאָר פינטעלעך, און פאַרשטײ, וואָס מען מײנט . . . עס איז א שלעכ־טע מעשה: אַז א האַנט וויל ניט, איז גאָרנישט צו מאַכן . . א מאָדנע העזה אפילו, כלעבן. וואָס האָט א האַנט אַזאַ פרעכהייט ניט צו וועלן? . . . אָבער אַז זי וויל ניט איז שלעכט. אַט

שטעלט זי נאָר פּונקטן און סטאָי, אַ סוף פּסוק, נאָר ניט ווי דער רבי וויל . . . איך זאָג אייך דעם אמת, אַז דער קאָפּ איז אויף כּפּרות, ווען די האַנט וויל ניט איבערגעבן וואָס עס טראַכט זיך . . . צו וואָס פאַר אַ מין האַנט קען געהערן מײַנע? וואָלט זיך מיר וועלן וויסן. כּסדר, עס זײַנען דאָ עטלעכע מינים הענט און אָט זײַנען זיי: עס איז דאָ אַ האַנט, וואָס איז גאָר ניטאָ; והדא הוא דכתיב — און דערויף זאָגט דער פּסוק: „פּותח את ידיך ומשׂביע לכל חי רצון". דערצו מעלדן די צײַטונגען, אַז אין איין אַכט טאָג צײַט זײַנען אין לאָנדאָן 47 מענטשן געשטאָרבן פאַר הונגער. שאַ, פּאַרדאָן, ניט געשטאָרבן; פאַר הונגער שטאַרבט מען ניט. איך מיין, זיי זײַנען אויסגעגאַנגען פאַר הונגער. אָבער ניט ווי דער חסיד׳שער רבי גייט אויס שמנה עשׂרה, אָדער ווי די רײַכע לײַדי גייט אויס שפּאַצירן, אפילו ניט ווי דער סאָציאַליסט גייט אויס צו „עושׂה שלום" אין פּאַרלאַ-מענט . . . נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. איך רייד וועגן הענט.

עס איז דאָ אַ סאָרט האַנט, עפּעס אַ כאַפּ־כאַפּ, ציפּ־צאַפּ, קליפּ־קלאַפּ האַנט, אַ מין סאָרט מלמד׳ישע האַנט, וואָס איז מדריך, אָבער טאַקע כּדורך ענבים בגת — ווי מען טרעט ווײַנטרויבן אין קעלטער: אויסגעדריקט דעם ווײַן און די שאָלעכץ אַרויסגע־וואָרפן . . . דאָס איז זייער אַ שווערע האַנט . . .

הײַנט איז דאָ אַ מין „הענט" צרה׳דיקע, מרה׳דיקע, עפּעס הענט מיט אַ קאָפּ, הענט מיט פּיס, נאָר להבדיל ווי מענטשן. זיי זײַנען אָבער „הענט", און אויף די זאָגט דער פּסוק: „יגיע כּפּיך כּי תאכל אשריך וטוב לך", — ווען דו קענסט אויספּרעסן די פּראַצע פון דײַנע „הענט", אַזוי גוט און אַזוי וואויל איז צו דיר . . .

וואו איז מײַן האַנט אין דער וועלט? דאָס ווייס איך ניט, און עס ווילט זיך שוין גאָר ניט וויסן. אַבי זי טוט איר זאַך, אַרט מיך שוין ניט איר יחוס. נאָר אַן אַנדער געדאַנק לאָזט מיך איצט ניט רוען. איך שטעל זיך פאָר, ווען אַלע „הענט" וואָלטן געמאַכט איין האַנט און . . .

ניין, רבותי, עס זאָגט זיך אויס פון חדר . . . אפשר וואָלט איך בעסער איינשלאָפן און אין זיסן שלאָף פארגעסן, אז איך בין א בעל מחשבה.

("פר. אַרב. שט.", 18טער יולי, 1890).

## 4. שלאָפן איז זיס. — דער גביר האָט קיין שכל ניט

שלאָפן איז די ליבסטע זאַך אין דער וועלט, זאָגט מען, ווייל אין שלאָף פארגעסט מען אַלע צרות. ניט אומזיסט זיי־נען טאַקע די רייכע ליידיקגייער מקנא דעם אָרעמען, שווערן ארבעטער, וואָס ער שלאָפט אזוי געשמאַק. „מתוקה שנת העובד" — עס איז געשמאַק דער שלאָף פון דעם ארבעטער, האָט מען נאָך פארצייטן געזאָגט.

אָט זיצסטו א גאַנצינקן טאָג אין שאָפ און דרייסט די מאַ־שין מיט די פיס, ביז זיי ווערן געשוואָלן, מאַכסט מיט די הענט, ביז נויט־שוויים גיסט זיך פון דיר, קלאַפּסט, מאַכסט, ביז דו בלייבסט שוין אָן כוחות, קומסט אהיים און עס ברעכט דיר רוק און לענד. ס'איז דאָ וואָס א בים צו טאָן, נישטאָ, — עס מאַכט נישט. דאָס ווייב שילט אָן גאַנץ גוט, די קליינינקע פּישטשען, קוויטשען, ריטשען, אויפן הארצן איז חשכ'דיק, און דו גיסט זיך א וואָרף ווי א דער'הרג'עטער, שלאָפסט איין און כראָפּעסט אזוי זיס, אזוי זאַנפט, פשוט א פארגעניגן.

יאָ, „מתוקה שנת העובד". איר קענט אמאָל פרעגן די קשיא: סטייטש, אז עס איז יאָ אזוי גוט, פארוואָס זאָל עס אויך ניט טאָן דער גביר? פארוואָס זאָלן זיי, די גבירים הייסט עס, טאַקע ניט האָבן קיין שכל צו אַרבעטן, ביז שטעכעניש און ברעכעניש, אויסהערן קללות און חרמות פון זייערע ווייַ־בער, קוויטשען, פּישטשען פון די קינדערלעך, און איינשלאָפן ווי די גע'הרג'עטע?

זעט איר, דאָס איז אפילו א קשיא, עס איז אָבער דאָך

אַזוי. דער גביר האָט דאָך קיין שכל ניט פאַר אַזעלכע פאַר־געניגנס. אָט גייט דער אָרעמאַן עטלעכע וואָכן אין איין העמד, פאַרבלאָטיקט; נו, גיט מען זיך דעם פאַרגעניגן אַריינצוגיין אין אַ שוויצבעדל אַמאָל. מען קלעטערט אַרויף אויף דעם העכסטן טרעפּל, מען גיט אונטער אַ פּאָר שעפּעלעך — הו, הו, הו, הך, הך, הך . . . און מען מאַכט זיך אַביסל פּאַנאַנדער מיטן בעזים, אַזש פאַרע פּליט. אָ, הו, ווי געשמאַק! עס בייסט זיך אַזוי זיס און מען בעזימט זיך אַזוי יום טוב׳דיק, פּשוט אַ פאַרגעניגן.

נו, ווייסט עס דער גביר? ער האָט אויף די אַלע זאַכן קיין שכל ניט. ניט ער האָרעוועט, ניט עס שטעכט און ברעכט אים, ניט ער כראַפּעט געשמאַק, ניט עס בייסט, ניט ער קראַצט זיך . . .

אָט זאָגט מען, אַז ווען די מענטשן וואָלטן ניט געלעבט אין קנעכטשאַפט פאַרצייטן, וואָלטן זיי ניט געקענט הנאה האָבן פון דער איצטיקער ציוויליזאַציע (דאָס וואָרט מאַכט מיך פאַר־ריקט). איר זעט, אַז כדי הנאה צו האָבן פון קראַצן זיך, מוז עס אַפּריער גוט בייסן. נו, אָבער דערפאַר איז עס קראַצן זיך הו, הו, הו, פּשוט אַ חיות . . .

וואָס מען קראַצט זיך מער, מער בייסט עס. פון אַ גרע־סערער בייסעניש, אַ גרעסערע קראַצעניש, נאָך אַ גרעסערע בייסעניש, נאָך אַ גרעסערע קראַצעניש, און אַזוי גייט עס פאַר־ווערטס, ווי די פילאָזאָפן זאָגן, עס פּראָגרעסירט, עס אַנטוויקלט זיך. — אָט זיינען דאָ גוטע פאַרשטשיקעס (איך מיין ניט פּראָסטע באָד־יונגען ח״ו), וואָס ווילן מיט זייער וואַשן אונז מאַכן אַזאַ בייסעניש, אַז עס וועט זיין זיך צו קראַצן און צו קראַצן . . . זיי פאַרשטייען, אַפּנים, אַז דאָס איז געשמאַק. נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. איך האָב אַלץ געטראַכט וועגן שלאָפן און בעזימען זיך.

און עס קומען מיר פאַר מאָדנע קשיות: סטייטש, „לא תבושי ולא תכלמי״, אָדער איך ווייס ווי מען זאָגט עס, „לא מעובשך ולא מדוקצך״, — ניט האָב קיין ברעכעניש און ניט

כראַפּע געשמאַק; זאָל דיר ניט בייסן און ניט קראַץ זיך! דער תירוץ איז: עס איז שוין אַזאַ וועלט . . . אַ וועלט, וואו עס בייסט זיך, אַ, ווי עס בייסט זיך! און מען קראַצט זיך, אַ, ווי מען קראַצט זיך, ווי מען פּאַרעט זיך ביז בלוט! . . . און מען געפינט דעריין פאַרגעניגן; אַ וועלט, וואָס אַרבעט ביז רוק־און־לענד־ברעכעניש און שלאָפט געשמאַק. אַ, ווי עס כראַ־פּעט, אַז עס קען דעם גרעסטן פּעפּער אויפוועקן, אָדער איינ־שלעפערן אַפילו אַליין דעם

ב ע ל מ ח ש ב ה.

(„פר. אַרב. שט.“, יולי 25, 1890).

## 5. אלול, ימים נוראים און — די מאַיאָריטעט

חוטא! עס איז שוין אלול, און דאָ באַלד די הייליקע טעג מיטן גאַנצן טאַראַראַם! פאַר מיין בעל מחשבה'ישן קאָפּ איז דאָס אַ גאַנצער קוואַל פון טראַכטעניש. און ווי טראַכט מען דאָס ניט וועגן יום הדין, וועגן גאָט מיט זיינע אַלע ווייסע חברה'ניקעס. איך מיין, די פמליא של מעלה; וועגן דעם שטן, ווי ער צעקוועטשט זיך די ביינדלעך, אַרויסשטופּנדיק זיך פון שופר; וועגן די מלאכי מליצים, וועגן האַרצקלאַפּעניש, וועגן מלקות שלאָגן, וועגן די וועקסענע ליכט, וועגן „מי יחיה“ און „מי ימות“ און דעם גאַנצן האָקוס־פּאָקוס . . . גאַר נייע־אַלטע סצענעס מאָלן זיך אין די געדאַנקען: דער חזן מיטן גרויסן מחזור, אין אַ ווייסער ליאַליע, די זינגערלעך, קוויטשערלעך אַרום אים. ער גיט אַן עפן זיין געמבע און אַ ווילדן געשריי „המלך“, הע, הע! הויבט זיך דאָס אויף אַ טאַראַראַם, אַ גע־שריי, אַ געפּילדער! דער באַס ברומט, דער טענאָר גרילצט, דאָס בייקעלכל קוויטשעט און דער עולם שאָקלט זיך משונה און כאַפּט אונטער: איי, איי, איי, איי . . . אָבער דער „המלך“ איז נאָך אַ הונט אַנטקעגן דעם „והכהנים“. אָט דאָ הויבט זיך טאַקע ערשט אָן גאַר איבער אַ נייס אַ יעלה, אַ גע־

שריי, א ליאַרם, אַז מען קען פאַרטויבט ווערן; אַ זינגעריי כאַטש גיב אַוועק דאָס לעצטע העמד און אַליין אַנטלויף . . . די טענער גרייכן, אויף מוזיקאַלישן לשון גערעדט, ביז „אָבערע־דאָ“, אָדער „קאָנטר־צע“, — און דאָס אַלץ איבער דעם „המלך“, איבער „והכהנים“! איבער זיי דער געשריי, איבער זיי דאָס געוויין, פון זיי דער „מי יחיה“, פון זיי דער „מי ימות“, דער „מי בחרב ומי ברעב“! — אַט דוכט זיך מיר, אַז מען וואָלט זיי אויסמעקן פון „סידור העולם“, אָדער פון מיינעטוועגן גאָר אויסרייסן מיטן וואָרצל, וואָלט מען פאַרשפּאָרן דאָס גאַנצע געוויין און געשריי. אָן זיי וועט אפילו דער „האוחז ביד“ אַרונטערפאַלן, דער גאַנצער „וכל מאמינים“ וועט קיין זינען ניט האָבן. אויס „ועל חטאים“, אויס געוויין, אויס געשריי, אויס הארצקלאַפּעניש! . . .

און ווי לאַנג נאָך וועט מען זיך האַלטן מיט דעם פאַרשמאָל־צענעם סידור, איבער וועלכן עס זיינען פאַרגאָסן געוואָרן און מען פאַרגיסט נאָך איצט הייסע זודיקע טרערן? מען פאַלט „כורעים ומשתחוים“ אַלץ, ווייל מען האָט אַריינגעהאַקט אין אונזער סידור אַ „המלך“ און אַ „והכהנים“ . . .

---

אָרים פאָלק ישראל! ווען איך טראַכט וועגן זיי שטעלט זיך אַלץ אין מיינע רעיונות פאַר מיט פייערדיקע אותיות אַ „המלך“, — פון טיטוס׳ן ביז אַלעקסאַנדער דעם רוסישן; אַ שוואַרץ־בלוטיקער „והכהנים“ — פון דער אינקוויזיציע ביז שטע־קער עט קאָמפּאַניע; אַ פינסטערער „וכל מאמינים“ פון מיליאָ־נען דומע שקלאַפן, אַ ברענען, אַ בראָטן, אַ פאַריאָגונג און אַ פאַר־פאָלגונג, אַ געוויין, אַ האַרצרייסנדער געשריי, אַ ביטערער יאָמער, אַ טרויעריקער אָכצן און זיפצן, וואָס הילכט אָפּ פון אָנהויב גע־שיכטע ביז איצט! —

און זיי וויינען, קלאַפּן זיך אין האַרצן „על חטא“, ציטערן עס זאָלן זיך ניט אויסלעשן די נשמה-ליכט, בלאָזן תקיעות, שלאָגן

זיך מלקות, רייסן קברים, — און אלץ „אמרו לאלהים“ — ו'ער צו דער וואנט! . . .

המ . . . מסתמא דארף אזוי זיין. אט זאגן דאך די חכמים: „יאה עניותא לישראל כבררי סימקא לסוסא חיורא“ — פארן אידן פאסט זיך ארעמקייט, צרות, אקוראט ווי עס פאסט א רויטער צוים פאר א ווייסן פערד. המ, א געטלעכער געשמאק... אפנים אז ניט נאר פערד האבן א געשמאק צו אויספוצן א גאט, נאר די געטער האבן אויך א געשמאק צו אויספוצן פערד . . . און דער אידישער גאט פוצט זיינע ווייס־קלארע פערד מיט בלוט־רויטע צוימלעך, אז זיי קענען פשוט זיך ניט א קער טאן לינקס אדער רעכטס. המ, א דורכגעפלאכטענער חוט המשולש: גאט, פערד און צוימלעך! . . .

טפוי זאל עס ווערן! ווייטער פערדלעך אין די רעיונות! דער קינדערשער מיחש מיינער האט זיך פאנאנדערגעשפילט. אט זאגט מען, אז עלטסטע אין א מארש דארפן פארן אויף פערד. אפנים, קען עס קיין עלטסטער ניט זיין, וואו ער זאל ניט זיצן רייטנדיק אויף פערדלעך. איך מיין עפעס אזעלכעס, וואס מען דארף קירעווען רעכטס און לינקס. יא, פערד שפילן א וויכטיקע ראלע אין דער מענטשן־געשיכטע . . . מען איז, דוכט זיך, שוין אזוי ווייט, אזוי ווייט פארלאפן אין קונציקע מאשינעס, מיט אייזנבאנען, מיט לופט־באלאנען, העט, העט ווי ווייט! באלד נאענט פון יענער וועלט, פון דער אמת'ער וועלט. אבער א יענע וועלט טאקע אויף דער וועלט! איך מיין ניט דארטן, וואוהין מען קומט נאכן טויט, הע, הע, הע, איך גלויב גאר ניט, אז מען זאל קענען לעבן נאכן טויט. עס איז א קינדערשע פאנטאזיע פון ארעמע לייט, לעבן נאכן טויט, הנאה האבן צו קוקן ווי גאט קיצלט דעם לויתן, שעפן נחת, ווי דער הימל־הערגאט מאכט מיט זיין שכינה קעצעלע־קאטערל, אדער קוצעניו מוצעניו . . . מיין בעל מחשבה'ישער מוח באגרייפט עס ניט! איי וואס? די מאיאריטעט, די מערצאל גלויבט, לעבט מיט דער פאנטאזיע און שטרעבט צו איר? יא, דא איז א צרה, די מאיאריטעט, די מא־יאריטעט! נאך איר טאנצט מען נאך, און ווער עס וויל איר ניט

נאָכטאַנצן, יענעם דערקלערט מען פאַר אַ כופר בעיקר, פאַר אַ ריקשריטלער... אומזין! די מאַיאָריטעט וויל פאַסטן יום כפור און מיר קיצלט דער מאָגן. איי וואָס? וואָס וואָס? זאָל ער ניט קיצלען? ער קיצלט אָבער פאָרט... ניט געקוקט אויף דער מאַיאָריטעט! אָבער וואוהין בין איך פאַרקראָכן? אַ בעל מחשבה בלייבט

א ב ע ל מ ח ש ב ה.

(פר. אַרב. שט.", סעפּט. 5, 1890).

# 6. אַ חלום

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און עס איז געווען אַ חלום. און אין מיין חלום האָב איך געזען, ווי אַ קליינער וואָלקן, גרויס ווי אַ מענטשנס האַנט, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד. און וואָס העכער ער האָט זיך אויפגעהויבן איז ער אַלץ גרעסער געוואָרן, און וואָס גרעסער ער איז געוואָרן, האָט ער אַלץ מער פאַרשטעלט די שיין פון דער ליכטיקער זון און האָט באַדעקט די ערד מיט אַ געדיכטער פינסטערניש. און עס איז געווען אַזוי, אַז איין מענטש האָט ניט דערקענט דעם אַנדערן מענטשן; אַ ברודער האָט ניט דערקענט זיין ברודער און קינדער האָבן ניט דערקענט זייערע עלטערן. און מענטשן זיינען געגאַנגען ווי בלינדע אין דער פינסטערניש, האָבן זיך פאַרטשעפּעט איינע אין די אַנדערע, זיי־נען געפאַלן און אויפגעשטאַנען.

די שוואַכע זיינען געלעגן און די שטאַרקע האָבן געטראָטן אויף זיי מיט זייערע פיס. און דאָס בלוט פון איינעם האָט זיך אָנגערירט אָן דעם בלוט פון אַנדערן. און עס איז געווען אַ יאָמער און אַ געשריי, אַ געוויין און אַ זיפצעריי פון אַלטע און יונגע, פון פרויען און קינדער. און דער געשריי האָט געגרייכט פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדער עק וועלט.

און איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן צו מזרח און האָב

דערזען, ווי פון דאָרטן האָט זיך געוויזן א שיין און באַגאַסן מיט א ליכטיקער רויטקייט די גאַנצע ערד. און איך האָב געזען, ווי די ליכטיקייט האָט זיך דורכגעריסן דורך דעם געדיכטן וואָלקן, ווי א געטלעכער גייסט שוועבט איבער די וואָלקנס, און צו מיינע אויערן האָבן געגרייכט ווערטער.

דאָס איז געווען דער גייסט פון דער צייט, וועלכער האָט צו מיר גערעדט אַזוי צו זאָגן:

— אויף די דריי זינד פון די מענטשן — אָבער אויף דאָס פערטע קען איך זיי ניט פאַרגעבן: אַז זיי קויפן פון דעם אָרעמאַן זיין געזונט פאַר געלט און די ערע פון שיינע פרויען פאַר א פאָר שיך; אַז זיי פאַרפינסטערן דאָס פאָלק מיט פאַלשע תורות וועגן געטער, וועלכע זיי אַליין האָבן אויסגעטראַכט; אַז זיי רויבן, מאָרדן און קערקערן די קעמפּפער פאַר פרייהייט, — אָבער אַז זיי שטאָלצירן מיט דעם נאָמען פּראָגרעס, פּרעטענדירנדיק אַז זיי לעבן אין א פרייער צייט און שטעלן אויס צייכנס פון פרייהייט אין זייערע לענדער — דאָס קען איך זיי ניט פאַרגעבן.

— אויף די דריי זינד פון די אידישע פאָרשטייער פון דער נייער צייט — אָבער אויף דאָס פערטע קען איך זיי ניט פאַרגעבן: אַז זיי ווילן וויסנשאַפט זאָל האַרמאָנירן מיט גלויבן; אַז זיי באַערדיקן דאָס אָרעמע פאָלק, כדי דערמיט צו ראַטעווען זיי; אַז זיי ווילן אויפשטעלן די ערע פון גאָט און דעם פּחד פאַרן יום הדין דורך פּאָליציי און קלאַבס, — אָבער אַז זיי טראָגן אויף זיך דעם נאָמען „משכילים" און טוען אַלץ אין מ י י ן נאָמען, — דאָס קען איך זיי ניט פאַרגעבן.

און ער האָט מיר געוויזן אויף צ הויפן מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען מיטן געזיכט צו מערב, און האָט מיר אַזוי געזאָגט:

— אויף די דריי זינד פון אָט די „פרייהייטס-לערער" — אָבער אויף דאָס פערטע קען איך זיי ניט פאַרגעבן: אַז זיי שטרעבן צו א צוקונפט פון הערשער; אַז זיי שרייען פרידן און עס איז ניטאָ קיין פרידן; אַז זיי פאַרקוועטשן זייערע אויגן ניט צו זען די אמת'ע ליכטיקייט, — אָבער אַז זיי שליסן זייער האַנט מיט די שלעכטסטע פון די שלעכטע, מיט די נידעריקסטע פון די ני־

דעריקע, כדי צו באַשמוצן און מחלל זיין מ י י ן נאָמען, דעם נאָמען פון דער צייט, מיט דעם וואָס זיי גיסן שמוץ אויף די אמת'ע פריידיקער פון פרייהייט, — דאָס קען איך זיי ניט פאַרגעבן.

און עס קומען אַן טעג, אין וועלכע די מענטשנקינדער וועלן אָנהויבן צו פאַרשטיין, ווי צו באַקעמפן די מאַכט פון דעם בייז־וויליקן. זיי וועלן אָוועקוואַרפן די פינסטערע לערע וועגן געטער און רוחות און וועלן זיך ניט צוהערן צו די רייד פון די נביאי השקר, וואָס שרייען שלום און עס איז ניטאָ קיין שלום. זיי וועלן באַגרייפן דעם אמת און וועלן זיך דורכשלאָגן אַ וועג צו אים, ניט מיט געוויין און געבעט, נאָר מיט מיין גייסט און מיט זייער שטאַרקן אָרם! און עס וועט זיך מער ניט הערן קיין געשריי, קיין געוויין, קיין אָכצן און קיין זיפצן. איין פאָלק וועט ניט האַסן דאָס צווייטע, איין ברודער וועט ניט אויפשטיין קעגן דעם אַנדער ברודער, נאָר גליק און ליבע וועלן באַהערשן די ערד . . .

---

המ . . . אַ חלום. איך האָב מסתמא וועגן דעם געטראַכט באַטאָג, און אַ בעל מחשבה אויפן וואָר בלייבט אויך אין חלום

א ב ע ל  מ ח ש ב ה.

(„פר. אַרב. שט.", סעפט. 19, 1890).

## 7. ניטאָ קיין וועלט, עס זיינען דאָ פורים-שפּילער . . .

יאָ, די ערגסטע זאַך איז צו האָבן גוטע פריינט. ווען מענטשן וואָלטן זיך ניט פאַרקוקט אויף גוטע פריינט, אַ גאָט מיט מלאכי מליצים אין הימל, וואָלטן זיי בעסער באַמערקן וואָס ביי זיי אויף דער ערד טוט זיך. ווען זיי וואָלטן ניט געהאַט קיין גוטע פריינט,

וואוילטעטער אויף דער ערד, וועלכע זאָרגן פאַר זיי (איך מיין די „עוסקים בצרכי צבור באמונה״, וואָס וואַרטן ניט ביז „הקב״ה ישלם שכרם״), וואָלטן זיי אַליין געזאָרגט פאַר זייער אייגענעם וואוילזיין. ווען זיי וואָלטן ניט געהאַט קיין אַרבעט-ג ע ב ע ר, וועלכע האָבן אויף זיי רחמנות און האַלטן אויף זייער קלעגלעכן לעבן, וואָלט זייער לעבן ניט געווען אַזוי קלעגלעך.

איך מיין דאָס אַנטקעגן זיך. אָט פרעגט מיך מיין פריינד: זע, בעל מחשבה האַרציקער, פאַרוואָס זאָלסטו ניט אויסגיסן דיינע רעיונות? דיר איז קאַלעמוטנע אויפן האַרצן? אדרבא, זאָל די וועלט וויסן, וואָס עס טראַכט זיך דיר. אפשר קען עס נוצן ברענגען.

„די וועלט זאָל וויסן״. ווער איז די וועלט? ניטאָ קיין וועלט; עס זיינען דאָ פורים־שפּילער . . . דער רעיון איז ביי מיר שוין לאַנג אַרויף אויפן זינען, נאָך פון קינדהייט אָן. נאָר וועגן דעם אַן אַנדערש מאָל. איך וויל נאָר דערווייל זאָגן, אַז אויסגיסן מיינע רעיונות איז מיר שווער, זייער שווער, ווייל אין דער לעצטער צייט דרייען זיך מיינע גלגלים צו שטאַרק, און איינמאָל הויבט זיך דאָס אָן אַזוי צו דרייען, העלפן ניט קיין תחבולות. קענסט שפּרייזן מיט גרויסע טריט איבערן צימער פון איין וואַנט צו דער צווייטער; קענסט דרייען מיטן צווייטן פינגער פון דער רעכטער האַנט, אַלאַ „בשלמא לרב פפּא״; מעגסט באַראַבאַניען מיט אַלע פינגער איבערן טיש, אָדער רויכערן נאָכאַנאַנד און לאָזן רויכבייגעלעך פון מויל; קענסט כוקען אויף דער קאַלטער פענסטער־שויב און אויסדרייען אַלערליי „שלום־לכבוד׳לעך״; מעגסט זינגען אויף שטום-לשון דעם טרויעריקן „מי יחיה״, אָדער אפילו גאָר יענקיש אַרויפלייגן די פיס אויפן טיש, קייען טשואינג טאַבעקאָ און שפּייען גלייך אין באָקס אַריין, — עס וועט דיר העלפן אַקוראַט ווי אַ טויטן באַנקעס, ווי קאָך׳ס לימפע צו אַ טאַשן־אויסצערונג, ווי אַ ביטע־שריפט צו אַלעקסאַנדער דעם דריטן, ווי אַ לאָדזש דעם אָרעמאַן, ווי רעפאָרמען צו לייזן די סאָציאַלע פראַגע, ווי די אזהרה פון „אסור להשתין״ צו האַלטן ריין דעם בית המדרש, ווי דער דזשואיש אַלייענס צו ראַטעווען

אידן, ווי פּאָליציי איינצופלאַנצן זיטלעכקייט, ווי אָפּגעשמיסענע הושענות צו מאַכן אַ צימעס, ווי קאַטוילישער גלויבן צו ליבן דעם נעקסטן, ווי טאָלסטאָי'ס „קרייצער סאָנאַטאַ" ניט צו וועלן חתונה האָבן, ווי לאָגישע אַרגומענטן פאַר אַ פאַרקאַכטן חובב ציון'יק, ווי שרייען מיט אַ ביטער געוויין „ובשערי דמעות שלא ננעלו" פאַרן רבונו של עולם, ווי די פּילע בגדים צו וואַרעמען דעם אַלטן דוד המלך, ווי . . . איך האָב געוואָלט זאָגן, ווי דער שטרענגער „לא תחמוד" פאַר דעם איירישן פּירער, מיסטער פּ אַ ר נ ע ל. נאָר איך האַלט מיך אָפּ, ווייל ווי אַ געבוירענער איד האַנדל איך דאָ מיט אַ „ממה נפשך", און אַט זאָג איך:

ממה נפשך, איז אמת די מעשה פון דוד'ן מיט בת שבע'ן? איז דאָך פּאַרנעל עפּעס אויך אַ שטיקל יאַ-טעביע-דאַם און מיסעס אָ'שיע אפשר אזא שיין ווייבל, ווי בת שבע. אלא וואָס דען? „כל האומר דוד חטא אינו אלא טועה", און אפילו אבישג השונמית, ווי משכילים ווילן האָבן, איז נאָר געווען אַ יונגער מאַן, טאָ ווער ווייסט, אויב מען וועט אַמאָל ניט געפינען אָנגעשריבן: „כל האומר פּאַרנעל חטא אינו אלא טועה"? אויך אַ משכיל וועט דערווייזן, אַז דערזעלבער פּאַרנעל איז גאָר געווען אַ פּרויענצי־מער... היינט איז אַזאַ מעשה גלאַט אונז אידן קיין נאָווינע ניט: מיר האָבן שוין געהאַט אַ יהודה מיט תמר'ן, אַ שרה מיט אבימלך'ן, אַ ראובן מיט בלהה'ן, אַ דוד מיט בת שבע'ן, תנאים מיט מטרוניתא'ס, גוטע אידן מיט עקרות, און איבער זיי אַלע אַ גאָט מיט אַ שכינה . . . פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס איך האַלט זיך אָפּ פון אויסזאָגן אַזעלכע זאַכן.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסן . . . וואָס האָב איך גע־טראַכט? יאָ, עס העלפט ניט. איינמאָל בויערט און לעבערט עס אייך אין קאָפּ, שווינדלט און גריבלט, רוישט און הודזשעט, קענט איר זיך ניט צוזאַמענקלייבן מיט די געדאַנקען און אויס־גיסן זיי. עפּעס קומט מען זיך פאָר, ווי אַ חסיד'שער יונגער מאַן אין קבלה; ווי אַ נאַרישער פאַרליבטער אין אַ שיינער קאָ־קעטקע; ווי אַ סאָציאַליסט, וואָס שטרעבט וויסנשאַפטלעך צו רע־פאָרמען; ווי אַן אומדערפאַרענער, וואָס האָפט צו געפינען גליק.

עפּעס אַט לאָזט זיך דאָס אָנהאַלטן און עס פליט אוועק, ווי א שאָטן, אונטער די הענט. און דו כאַפּסט, כאַפּסט, קלעטערסט, קלעטערסט, טאַפּסט, זוכסט און בלייבסט שטיין, ווי אין פּוסטן רוים, מיט דער פראַגע: האַ, וואו בין איך? אויף וואָס שטיי איך? וואוהין פלי איך?

אָט ווייזט מיר אוים, דוכט זיך, אז די וועלט איז אַזוי שיין, ערהאַבן, ציוויליזירט, פּאָרטגעשריטן, יום טוב׳דיק, אין רעכטן גלאַנץ, אין פולן חן, אז עס איז פּשוט א חיות א קוק צו טאָן. מענטשן-פליייש רעכנט זיך ניט פאַר א לעקער־ביסן; דער מענטש דאַרף ניט קעמפן אויף לעבן און טויט מיט די ווילדע חיות און מיט דער שרעקלעכער רויער נאַטור; ער קען בויען פיינע הייזער צו שיצן זיך פון ווינט און שטורם; ער אַרבעט אוים קונציקע אויוונס צו דערוואַרעמען זיך פון קעלט; ער ווייסט, ווי צו היילן געפערלעכע וואונדן. ער פאַרגעטערט ניט צאַצקעס, זעט ניט קיין געטער אין שטערן, א גרויסן גאָט אין דער זון. ער קען אומשעדלעך מאַכן א דונער, אויסאַרבעטן שיינע קליידער. אָ, ער איז שוין ווייט פון ווילדקייט! דעם מענטשנס געדאַנקען בלייבן ניט אומבאַוואוסט פאַר זיינע ווייטע מיטמענטשן. יחום שפּילט קיין ראָלע ניט, מען גלויבט ניט מער אין יחסנים מיט איידעלן בלוט, אין „פלעבייער" מיט פּראָסטן, נידעריקן בלוט. ניטאָ קיין אויטאָ־דאַ־פע׳ס פאַר די, וואָס גלויבן ניט ווי יענער וויל; ניטאָ קיין מיטלאַלטערלעכע אינקוויזיציע. דער גוי איז שוין א קנאַפּער גוי, דער איד — א שוואַכער איד. וועגן זיינען דורכגעפירט אין אַלע עקן פון דער וועלט, עלעקטרי לייכט באַ־נאַכט ווי ליכטיקער טאָג. מענטשן האָבן אויסגעפּאָרשט די גאַנצע ערד און מען קלעטערט שוין צו די שטערן. אָט זוכט מען שוין מענטשן אויף מאַרס. מען בויט גרויסע טעלעסקאָפּן דורכצו־פאָרשן, וואָס דאָרט טוט זיך. עפּעס באַמערקט מען דאָרט אין דער לעצטער צייט א שטאַרקע טעטיקייט. צי בויען אקאָרשט ניט די שטערן־מענטשן א וועג צו אונז? מען דאַרף עס דורכ־פאָרשן. מען דרוקט עס אין ביכער, מענטשן זאָלן לייענען, פאַר־שטיין, ציען נוצן און קלייבן נחת.

אַ, ווילט זיך אויסשרייען, ווי גרויס, ווי ערהאַבן איז די מענטשלעכע וועלט! ווי הויך דעם מענטשנס גייסט האָט זיך אויפגעהויבן! וועלכע געשמאַקע שפּייזן ער פּאַרפּאַרטיקט, וועלכע באַקוועמע הייזער, וועלכע פיינע קליידער, וואָס פאַר אַן אָנגענעמע ליכטיקייט, וואָס פאַר אַ זיסע מוזיק, וואָס פאַר . . .

— איי! איי! מיין אויג! מיין אויג! געוואַלד, ראַטעוועט, מיין אויג רינט אויס! אַ, האָט רחמנות!

שאַ, וואָס איז דאָס פאַר אַ געשריי? וואָס פאַר אַ באַנומען־נער געוויין, אַז עס כאַפּט ביים האַרצן? אַה, עס איז אַ „סאָ־סעדזשעס"־פּעדלער; ער לייזט אין גאַס פון גאַס־מענטשן עטלעכע סענט פאַר אַ שטיקל ברויט מיט אַ וואורשטל. נו, איז אַנטלאָפן דער גאַס־מענטש, דער טרעמפּ, אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשלי־סענער, מיט אַ פאַרשוואַלענער צורה, פאַר׳מיאוס׳ט, פאַרבלאַטיקט. דער אומגליקלעכער האָט געקויפט ביי דעם אומ־גליקלעכן אַ שטיקל ברויט מיט אַ „סאָסעדזש", און אַנ־שטאָט 5 סענט האָט ער אים אַריינגעשטאָכן דעם גאָפּל אין אויג... בלינד אויף איין אויג! . . . אַ שפּייזער פון אַן אַלטער מוטער פּילייכט . . . האָט אפשר מיט איין ליבעס־בליק פון זיינע פייער־בליצנדיקע אויגן געהאָפט צו געווינען דאָס האַרץ פון זיין געליב־טער . . . האָט פּילייכט געהאַט מינוטן, אין וועלכע ער האָט פרייליך אַריינגעקוקט אין דער ליכטיקער וועלט . . . און דער גאַס־מענטש, ער האָט ניט קיין היים, קיין טיש, קיין שטול, קיין עסן; ער קען זיך ניט אַנידערזעצן געהעריק און שטילן דעם הונגער מענטשלעך, און אַלס אויסוואורף שלאָיעט ער זיך אַרום אין די גאַסן . . . אָט זיינען נאָך אַנדערע, אַ גאַנצע מאַסע אַזעלכע. דאָס איז מיסט, שמוץ . . . און עס זיינען דאָ מיאוז־מען, ווערים, וועלכע געפינען זייער נאַרונג, זייער עקזיסטענץ אין דעם מיסט . . .

וואָס רוקט זיך דאָס דאָרט עפּעס אַזוי לאַנגזאַם, איינגע־וויקלט, קוקט אַהינטער און ווינקט מיט פאַרשוואָלענע אויגן? אַ פּרוויענצימער אַ נאַכט־פויגל. וויל זיך פאַרקויפן פאַר יעדן פּרייז. פאַרוואָס? האָט זי דערפון פאַרגעניגן? אַ, ניין! עסן,

עסן וויל זי . . . זי איז פאַרדאַרבן, דאָס איז אָפּפאַל, שלומפּער, שמוץ . . .

טראַך! טאַררררראַם! טררררר ראַך טאַך טאַך . . . שאַ, וואָס איז דאָס? אָ, דאָס מאַרשט די „סאַלוויישאַן אַרמי". אַט פאַלט דער פירער אויף די קני, פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און שרייט ניט מיט זיין קול: „בעט יעזוס'ן, דעם אמת'ן זון פון אונזער אמת'ן גאָט!" . . .

— טפוי שכורים! — גיט אַ שפּיי אַ פאַרבייגייענדיקער איד.

— המ . . . ווי אַ וועלט ווערט עס פאַרפירט! וואָס זאָגסטו, חיים?

— מסתמא ווייסט גאָט, וואָס ער טוט, מסתמא, — ענטפערט חיים מיט אַ שאַרפזיניק־אידיאָטישן שמייכעלע. — ע, בע־מע, אַט לייזן דאָך יהודים עפּעס אויך. קרישמעס איז די רעכטע ביזי־צייט, אין קרישמעס. פאַרשטייסטו וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן און וואָס פאַר אַ זכות ער האָט, אַט טאַקע דער פאַנדרע אליין טאַקע? איך האָב עס אַליין געלייענט אין אַ לשון קודש'דיקן גאַזעט, האָב איך . . .

— איוונינג ניוס, מיסטער, איוונינג ניוס! — דאָס הערן זיך קינדערשע קול'כעלעך, עופעלעך ווילן פאַרדינען אַ פּאָר סענט.

אָ, ווי פאַרפראָרן, ווי אָפּגעריסן, ווי פאַרבלאָטיקט! אפשר וואַרט אויף די פּאָר סענט אין דערהיים, אין אַ פאַרשמוצטן צי־מערל, אַ מוטער, אַ בלינדע פון נעבטלעבן נייען, פון שטענדיקן געוויין . . . אפשר אַ פאָטער מיט אַן אָפּגעריסענער האַנט פון מאַשין . . .

— הוריי „שינים", הוריי! הערט זיך אַ געשריי און אַ גע־פילדער פון די אָפּגעריסענע קינדער. אויף וועמען וואַרפן זיי דאָס שטיינער? אָ, דאָס איז אַ וואָגן מיט „גרינע". די „גרינע" זיצן און טרייסלען זיך פאַר שרעק. זיי לאָזן אַראָפּ די קעפּ, באַגראָבן זייערע פּנים'ער, אָ, וואָסערע אויסגעווייקטע צורות, וואָסערע פאַרמאַרעטע, חשכ'דיקע געזיכטער! זיי לויפן פון דעם־פּאָטישן רוסלאַנד, האָבן דאָרט איבערגעלאָזט פאַמיליעס פּילייכט, וועלכע זיי האָבן אַזוי הייס געליבט . . . פלעצער וואו

זיי האָבן פאַרבראַכט זייערע בליענדע יונגע יאָרן . . . עלטערן, וועלכע האָבן פאַרגאָסן זודיקע טרערן . . .

מען זאָגט זיי פון דאָרטן, זיי זיינען פאַרברעכער. זייערע עלטערן האָבן פאַר צוויי טויזנט יאָר געהאַט אַ בית המקדש אין ירושלים און דערפאַר טאָרן זיי קיין תקומה ניט האָבן . . . און דאָ, וואָס דערוואַרט זיי דאָ? . . .

אָ, ווי מיזעראַבל איז די וועלט! ווי נידערטרעכטיק די מענטשן! ווי פאַרזונקען דער מענטשלעכער גייסט, ווי נידעריק דאָס לעבן, ווי יאָמערלעך איז אויף דער ערד! וואָס פאַר אַ צע־בראָכענע עקזיסטענץ, וואָס פאַר צעטראָטענע לעבנס, וואָס פאַר צעקנייטשטע האָפענונגען . . . אָ, ניין! עס איז שווער אויסצו־גיסן אַלץ. עס איז אַ צעטומלעניש, אַ פאַרדרייעניש, אַ פּלאָנטעריי, אַ בלוטיקער פאַרגעניגן, אַ קלאָגעדיקער געלעכטער, אַ טראַגי־קאָמיש שפּיל. ניין! שווער אויסצוגיסן אַלץ, וואָס קיצלט צום לאַכן מיין שפּילנדיקע פאַנטאַזיע, וואָס טרייבט צום וויינען, וואָס דריקט און שטיקט מיין אָרעם האַרץ.

פרעג ניט, פאַרוואָס לאָך איך
דורך בלוטיקע טרערן,
און זע אין אַ שאָטן
די ליכטיקע שטערן?
אָ, מענטשן, אייער „הערלעכע" וועלט
איז נאָר אַ שמוציקער טייוול־געצעלט!

(פר. אַרב. שט.", יאַנואַר, 1891).

## 8. די וועלט איז אַזוי שיין און — אַזוי העסלעך . . .

איך האָב ליב אַמאָל צו פאַרטיפן זיך אין באַטראַכטונגען איבער מיינע אייגענע געדאַנקען, גריבלען זיך אין זיי, פאָרשן זייער אורשפּרונג און די נוצן, וואָס זיי קענען ברענגען. אַ מערקווירדיקע חיה איז דער מענטש. ער קען ניט נאָר באַטראַכטן זיך און די

וועלט ארום אים, נאָר ער קען נאָך פאַרטיפן זיך אין זיינע אייגענע געדאַנקען, קען זיי צעגלידערן, געפינען דאָס גוטע אין זיי און דאָס שעדלעכע. ער קען אָבער ניט צ ו ו י נ ג ע ן זיך אַליין צו דענקען אַזוי אָדער אַנדערש. איז עס ניט זאָנדערבאַר, וואָס גראָד דאָס לעצטע האָט דער מענטש פּראַקטיצירט און פּראַקטיצירט נאָך איצט מער ווי דאָס ערשטע? ער פאַרגוואַלטיקט זיך אַליין צו דענקען אין אַ געוויסער ריכטונג און האָט ניט דעם מוט פריי צו צעגלידערן זיינע אייגענע געדאַנקען. אַזוי ווי עס וואָלט געווען אָנגעצייכנט פאַר אים ניט צו קענען דאָס וואָס ער טוט, נאָר צו טאָן דאָס, וואָס ער קען ניט.

„במופלא ממך אל תדרוש", האָבן אַמאָליקע חכמים פאַרגע־שריבן דער מענטשהייט אַלס אַ רפואה. זיי האָבן געגלויבט, וואַר־שיינלעך, אַז דער גליקלעכסטער מענטש איז אַ געזונטע בהמה. און אין טויזנטער יאָרן האָבן זיך די מענטשן געוואָלט איינרעדן, אַז מען טאָר ניט טראַכטן, מען טאָר ניט דענקען. די הימלשע הער־שער און די ערדישע געטער האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן אין איין מורא'דיקער, אַלץ אונטערדריקנדער, יעדן געדאַנק דערשטיקענדער מאַכט. און אָט האָבן מיר גליקלעכע בהמות געגוג, אָבער געזונטע מענטשן ווייניק. געזונטע בהמות פעלן אונז אויך ניט, אָבער גליקלעכע מענטשן האָבן מיר ניט איינעם. די צרה ליגט דאָ דער־ריין, וואָס ווי מען זאָל ניט צווינגען דעם מענטשנס מוח ניט צו טראַכטן — עס טראַכט זיך פאָרט! די נאַטירלעכע טעטיקייט פון מענטשנס מאַרך האָט געקעמפט קעגן די קרעפטן, וועלכע האָבן זי געוואָלט טויטן, און אין אָט דעם קאַמף איז דער מענטש און זיין געדאַנק פאַרקריפּלט געוואָרן . . .

„איזהו עשיר השמח בחלקו" האָבן געגלויבט די אַמאָליקע חכמים. זיי האָבן געמיינט, אַז גליק ליגט דאָרט, וואו יעדע פאָ־דערונג און יעדער פאַרלאַנג זיינען אָפּגעשטאַרבן. און אין טויזנ־טער יאָרן האָבן זיך די מענטשן געוואָלט איינרעדן, אַז מען טאָר נישט וועלן, מען טאָר נישט פאַרלאַנגען. די גרויזאַמע געטער און די בייזע הערשער האָבן זיך פאַרבונדן אין איין גוואַלטיקער מאַכט, צו טויטן יעדע פאָדערונג, יעדע לוסט. און אָט האָבן מיר מענטשן,

אין וועלכע עס פעלט דער ו ו אַ ו נ ט ש, אָבער גליקלעכע — זיי האָבן מיר ניט. דאָס קומט פשוט דערפון, וואָס ווי מען זאָל ניט צווינגען דעם מענטשן, ניט צו ווינטשן, ניט צו פאַרלאַנ־גען — עס ווילט זיך פאָרט! די נאַטירלעכע לוסט צו געניסן האָט זיך געראַנגלט קעגן יעדן פאַרבאָט, וואָס האָט זי געוואָלט טויטן, און דער מענטש און זיינע פאָדערונגען און פאַרלאַנגען זיינען אין אָט דעם קאַמף פאַרדאָרבן געוואָרן.

פ אַ ר ד אָ ר ב ן, פ אַ ר ק ר י פּ ל ט — עס קען זיין, אַז דאָס זיינען ניט די פּאַסנדיקע ווערטער, ווייל אייגנטלעך זיינען דאָך די מענטשן ניט געוואָרן פון גוט שלעכט. דאָס איז נאָר דערפאַר, ווייל מיר דוכט זיך שטענדיק, אַז זיי האָבן געדאַרפט זיין ניט דער ערך בעסער, ווי זיי זיינען. איך מיין חס ושלום ניט, אַז זיי זיינען מיט טויזנטער יאָרן צוריק געווען בעסער, ווי זיי זיינען איצט. איך מיין נאָר, אַז זיי זיינען ווייט ניט דאָס, וואָס זיי האָבן איצט געדאַרפט זיין. איך מיין, אַז זיי האָבן אין דער לאַנגער געשיכטע פון זייער אַנטוויקלונג געדאַרפט, דוכט זיך, אָנזאַמלען דערפאַרנקייט גענוג, ניט צו נאַרן זיך אַליין. איך מיין, אַז זיי האָבן געהאַט גענוג צייט אָנצוקלייבן אין זיך קרעפטן, פריש צו שטרעבן און זים צו לעבן. איך מיין, אַז אין די אַלע דערפינדונגען און אַנטדעקונגען, וואָס זיי האָבן געמאַכט, האָבן זיי שוין לאַנג געמעגט געפינען און אַנטדעקן ז י ך אַליין, זייער אייגענעם „איך". איך מיין, אַז אויב די וועלט איז ניט ערגער ווי זי איז געווען, האָט זי אָבער געדאַרפט זיין בעסער, ווי זי א י ז . . .

אַזוי בינדן זיך און פלעכטן זיך תמיד מיינע רעיונות. איך פיל, אַז איך ווער אַמאָל מבולבל. מבולבל, ווייל איך בין צו קלאָר, ווייל אין מיינע רעיונות שפּיגלט זיך אָפּ די וועלט, די גאַנצע, גרויסע, מיליאָנען־קעפּיקע וועלט, וועלכע איז אַליין מבולבל. די אומ־אָרדנונג פון מיינע געדאַנקען און די אָרדנונג פון דער וועלט, וועל־כע זיגלט זיך אויף זיי אָפּ; די דיסהאַרמאָניע, וועלכע אין זיי געפינט זיך, איז אייגנטלעך אַ קאָפּיע פון דער געזעלשאַפטלעכער

האַרמאָניע, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין מיין מוח, דעם מוח פון אַ בעל מחשבה.

אויך דאָס וויר־וואַר בילד פון אַ שלאַכטפעלד מיט אַלע זיינע שווינדעלהאַפטע סצענעס, מיט טויטע און טויטנדע, מיט זיגער און באַזיגטע, מיט טריאומף און טרויער, מיט יובל און יאָמער, האָט זיינע פאַסנדיקע קאָלירן, זיינע האַרמאָנישע פאַרבן: דאָס זיינען די פאַרבן פון דעם טראַגי־קאָמישן אינם קאַכיקן לעבן פון דער גרויסער מענטשן־וועלט, וועלכע רעגט זיך און באַוועגט זיך, פאַלט און קעמפט, ליידט און מאַטערט זיך, נאַרט, וואַרט און גאַרט, האָפט, שלאָפט און בלאָפט רונד און אַרום מיר. און דאָס אַלץ מישט זיך אין איין ראַנגלען זיך און צעטומלט מיינע רעיונות.

צייטנווייז, ווען איך קען אויף איר, אויף דער וועלט הייסט עס, קוקן מיט דעם קאַלטן, קריטישן בליק פון אַן אָביעקטיוון כאַראַקטער, שיינט זי מיר צו זיין אַזוי לעכערלעך דום, אַזוי עובר בטל׳דיק תמ׳עוואַטע, און אין דערזועלבער צייט אַזוי ענגהאַרציק פאַר׳עקשנ׳ט, אַז איך קען זיך פּשוט ניט איינהאַלטן פון לאַכן. נו, לאַך ניט, ווען מענטשן ווילן מיט אַ פייף דורכרייסן די הימלען, אַז ער זאָל מרעיש עולמות זיין, און דורך הושענות, ריטער, ממתיק זיין, פאַרמילדערן די בייזע גבורות פון דער אייבעקער, אַלוועלט־לעכער גוטסקייט . . . אָדער שרייען „לשנה הבאה בירושלים" און דערווייל כאַפּן אַ פּאָר דאָלאַר פאַר אַ „שטימע" אין חוץ לארץ.

דאָס זיינען נאַטירלעך אַלץ קליינקייטן, לעכערלעכקייטן, אָבער אונטער אָט די און ענלעכע לעכערלעכקייטן צאַפּלט זיך אַ גאַנצע וועלט. מען האָט אַזוי לאַנג געשריען „לשנה הבאה בירושלים" אַזוי סתם, אין דער וועלט אַריין, ביז גרויסע מענטשן האָבן אין דעם דערזען אַ רעטונג, אַ דערלייזונג. מען האָט אָנגעהויבן קושן דאָס, אויף וואָס מען האָט פריער געהאַלטן אין איין שפּייען. אָט דאָס רעגט דאָך מיך אַזוי אויף, ווען איך זע, ווי נאָך דעם שטאַרקן רייסן זיך פאַרווערטס, צו פאַרברידערונג, צו אַן אַלוועלטלעכער באַפרייאונג, צו וועלכער מען האָט זיך געריסן אין משך פון ביינאַה אַ גאַנצן יאָרהונדערט, ניט געקוקט אויף אַלע הינדערנישן, וואָס זיינען געלעגן אויפן וועג, — האָט מען ביים סאַמע

סוף פון אַט דעם יאָרהונדערט אָנגעהויבן חלומ׳ען פון דער מוטער רחל׳ס קבר, דרייען צוריק דאָס ראָד פון דער וועלט־געשיכטע. נאָ־טירלעך, עס זיינען דאָ אורזאַכן דערצו. זייענדיק געטריבן, אונ־טערדריקט און פאַרפאָלגט פון אַלע זייטן, זוכט דער אומגליקלע־כער זיין ישועה אין פוסטע חלומות, אין אַלטע שמות. דאָס איז אמת. אָבער טאַקע דערפאַר איז עס דאָך אַזוי טרויעריק, ווייל דאָס איז אמת. זיינען אַזעלכע חלומות ניט אַ געניגנדער צייכן, אַז מיר גייען צוריק, זייענדיק אַזוי פאַרגעשריטן?

אָבער ניט דערויף האָב איך זיך געוואָלט אָפּשטעלן. איך האָב געטראַכט וועגן שטימען אין חוץ לארץ און בין פאַרקראָכן וועגן חלומות פון ארץ ישראל. שטימען־פאַנגעריי איז איצט גראָד אויף דער טאָג־אָרדנונג, און פאַראַן אַזעלכע, וואָס בויען דערויף די גאולה העתידה, דעם קץ האחרון פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אַזוי ווי אַ גאַנצער יאָרהונדערט פון דערפאַרונגען וואָלט געווען ווייניק צו איבערצייגן, אַז די פרייהייט צו ווילן האָט קיין ממשות ניט, אַזוילאַנג ווי די מוחות וועלן זיין אָנגעשטאָפּט מיט שקלאַפנ־זין. זיינען די ווילער איצט, ביים סוף פון אַט דעם יאָרהונדערט, ניט אין טיפערער אָפּהענגיקייט, איידער זיי זיינען געווען אין זיין אָנהויב? איצט, נאָכדעם ווי עס זיינען אַריבער מער ווי הונדערט יאָר פון עקספּערימענטן, קלאָגן די אָרעמע און עלנטע, אַז זייער קאָנסטיטוציע, זייער הייליקייט, וואָס איז זיי געבליבן בירושה פון זייערע פאָר־פאָטערס, ווערט געטראָטן מיט די פיס פון די יע־ניקע, וועלכע זיינען אויסדערוויילט געוואָרן זי אָפּצוהיטן, זי זאָל חס ושלום ניט פאַרלעצט ווערן. זיי ווערן דערשאָסן פון די שע־ריפס, וועלכע זיי האָבן אַליין געוויילט אויף זיך.

און דאָ זעט איר ווייטער די אייביקע דומהייט פון די אָרעמע מענטשנקינדער. זיי גלויבן שטענדיק אין דער הייליקייט פון די פאַרשריפטן, וועלכע זייערע עלטערן האָבן זיי איבערגעלאָזט, און אַנשטאָט צו שרייען: געוואַלד, וואָס וועט פון אונז ווערן?, הערט מען נאָר די געשרייען: „תורה, מה תהא עליה״! אַזוי ווי ווער־טער פאַרבליבענע פון אַמאָל וואָלטן געווען קרעפּטיקער, מעכטי־קער, הייליקער פון דעם קאָביקן, זודיקן, זויזנדיקן און ברויזנדיקן

לעבן, וואָס שטעלט צוזאַמען זייער קעגנווערטיקן „איך”. זיי זעען ניט איין, אַז דער דרוק, די הערשאַפט פון זייערע מעכטיקע און בייזוויליקע איז ניט שלעכט דערפאַר, ווייל דאָס איז ניט אין איינקלאַנג מיט דער געשריבענער קאָנסטיטוציע, נאָר ווייל דאָס פאַרניכטעט זייער עקזיסטענץ, די לעבעדיקע נאַטור, וועלכע ווירקט און אַרבעט אין און אַרום זיי.

און דערפאַר קען איך ניט תמיד לאַכן. עס נעמט מיך אַמאָל פשוט אָן ביים האַרצן און רירט מיך ביז טרערן. א קלייניקייט, א גאַנצע דאַרבנדע און שטאַרבנדע וועלט! און איך אַליין בין דאָך איינער פון איר. איך קען דאָך ניט זאָגן אַשטייגער: „מיין שטיבעלע איז פון ווייטן, וואָס אַרט מיך פאַר לייטן!” און איך זע דאָך, אַז מיט א פייף וועלן זיי הימלען ניט דורכרייסן; מיט א הושענה וועט מען קיין בייזע גבורות ניט זיסער מאַכן . . . און ווייל איך זע דאָס אַלץ, דערפאַר פאַרדריסט עס מיך אַזוי.

איך ליב דאָך זי, די וועלט, און אַך, ווי איך האַס זי! זי איז אַזוי שיין, אַזוי געשמאַק, פאַרוואָס זאָל זי זיין אַזוי העסלעך, אַזוי ביטער? ! דערפאַר איז דאָס די צעמישונג אין מיינע רעיונות. צייטנווייז דערוועקן זיי זיך אין מיין מוח אַזוי זאַנפטמוטיק, אַזוי צערטלעך, ווייך, ליבלעך, אַזוי ווי זיי וואָלטן אין זיך האָבן די גאַנצע מתיקות, די זעליקייט פון א צאַרט־ליבנדיקן, וואַרם־פילנדיקן האַרצן, און צייטנווייז זיינען זיי אַזוי גיפטיק־ביטער, אַזוי בייסנדיק־שטעכיק און אַזוי טרויעריק ווייטמוטיק, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוועזן די אַרויסגעפּרעסטע עסענץ פון וואוט און בלוט, גאַל און טרערן, וואָס זיינען אָנגעקליבן אין האַרץ פון יעדן דערנידעריקטן און באַליידיקטן . . .

זי איז דאָך אַזוי שיין, אַזוי געשמאַק, די וועלט — פאַרוואָס איז זי אַזוי העסלעך, אַזוי ביטער? !

(„דער נייער גייסט”, נאָוועמבער, 1897.)

## 9. קאָפּ־מענטשן און האַרץ־מענטשן

„אך, ווען זיי וואָלטן נאָר הערצער געהאַט!“

הערצער, יע — ד אָ ס איז וואָס איך זוך אין זיי. נאָר אָדער העלד, שוועכלינג אָדער חכם, האמלעט אָדער דאָן קיכאָט, — ווען ער זאָל נאָר האָבן א האַרץ! . . .

הערצער, מ ע נ ט ש ן ־ הערצער. און מיר דוכט זיך תמיד, אַז אַ מענטש מיט אַ מענטשן־האַרץ קען אויף זיך קיינמאָל ניט האָבן קיין אָקסן־קאָפּ. וואָרים וואָס איז אָן אַ האַרץ אַ מענטשן־קאָפּ, אויב ניט אַזאַ מין כינעזער־צאָפּ, דאָס הייסט, אַן אויסוואוקס פון דינע האָר, געדרייט און געפלאָכטן איינע אין די אַנדערע, וואָס ליגט ווי אַ שווערע משא פון וויכטיקן אינהאַלט, אָבער האָט ניט קיין פאַרבינדונג, קומט ניט אין קיין באַרירונג מיט דער אינער־לעבקייט? און וויבאַלד דאָס איז נאָר אַן אויסנזאַך, וואָס האָט גאָר קיין שייכות ניט מיט דעם געפיל פון גוט און שלעכט, מיט דעם טעם פון ביטער און זיס, מיט ליבע און האַס, בייזקייט און צערטלעכקייט, זאַנפטקייט און האַרטקייט, — איז למה לי זה? טאָ אויף וועלכע כפּרות, פרעג איך זיך, נוצט עס מיר?!

פּילייכט זאָלן קאָפּ־שטיק נוצן בלויז ווי אַ באַפּוצונג, אַן עקסטרא חן, אַ קונציק אויסגעפלאָכטענער תכשיט, מען זאָל קענען אַ שטייגער שטאָלצירן און זאָגן: אַ בחיר היצורים, אַ קרוין פון דער נאַטור, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ יעדע קלייניקייט און די גאַנצע גרויסקייט פון דער וועלט, — מיט איין וואָרט, אַ טשאַטשקע־זאַך? דאָס איז דאָך אָבער אַ טעות, אין גאַנצן אַ טעות, און מחמת צוויי טעמים:

ערשטנס, אויב אין אַזאַ תכשיט שפּיגלען זיך אָפּ אַלע קליי־ניקייטן און די גאַנצע גרויסקייט, דאַן דאַרפן זיך דאָך אין אים זען די אַלע ליידן, ווייטיקן, שלעכטסקייטן און פאַרדאַרבנקייטן, וועלכע זיינען דאָ אַזויפיל אין אונזער וועלטל. און אויב זיי זעען זיך, דאַן באַשמוצט דאָך דאָס דעם גאַנצן חן פון אַזאַ קרוין און דער באַרימטער בחיר היצורים בלייבט אַ צעקרימטער בעל יסורים.

צווייטנס, פון שיַנקייט פאַדערט זיך דאָך אויך עפּעס, וואָס זאָל מיר טאָן א צי, א צופּ ביים הארצן, א ריר א־נעווייניק, פון וואָס איך זאָל פילן א חיות, א געשמאַקייט אין דער נשמה, א זיסן תענוג, דאָס הארץ זאָל אויפקוועלן. און דאָס קען דאָך ניט קומען פון א קאַלטער שאַרפקייט, פון א בליץ אין די אויגן, פון א מהרש"א־דריידל, פון א פילאָזאָפישן האָזן־שפּרונג, אָן וואַרמקייט, אָן הארציקייט.

און ווי גלענצנדיק אַזאַ קאַפּשטיק זאָל ניט זיין; ווען עס זאָל מיר אפילו ממש ווייזן מיט ראיות ברורות פון אלע פיר רוחות, אַז אַזוי, למשל, ווי דער גרונט פון אָפּגרונט איז נאָך פון דעם מענטשנס שפּיץ פּיאַטע ניט באַרירט געוואָרן און דעם עק פון „אין־כל־סוף" האָט זיין שוואַרצאַפּל נאָך ניט אָנגעזען, דערפאַר דאַרף איך פאַלן כורעים ומשתחוים מיטן אַנדער זייט אַרויף און ליגן מיט דער נאָז אין בלאָטע. אָדער אַשטייגער, אַזוי ווי זאַלצ־וואַסער צום סדר, כאָטש עס האָט אַ טעם פון אַ שוואַרץ־יאָר, איז דער איינציקער שטיקל זכר פון דעם אַרויסגיין מעבדות לחירות, דעריבער דאַרף איך האָבן אָן אַלדערמאַן.

מיר דוכט זיך, אַז איך האָב דאָך אַ רעכט צו זאָגן אַשטיי־גער: אמת, מיין פּיאַטע האָט ניט אָנגעטראָפן אויפן עק פונם „אין־כל־סוף"; אמת, מיין שוואַרצאַפּל קען ניט זען דעם גרונט פון אָפּגרונט, אָבער איך פּיל דאָך, אַז ליגן מיט דער נאָז אין בלאָ־טע איז זייער ניט געשמאַק... אמת, אַז ווייַלן אָן אַלדערמאַן איז דאָס איינציק ביסל זאַלצוואַסער, וואָס פּאַסט צום סדר פון אונזער לעבן, ווי אָן איבערבלייבעניש פון באַפרייאונג, אָבער וואָס פאַר אַ טעם קען האָבן אָן ערגונגערע פרייהייט, וועלכע פאַדערט אַ גע־דונגענע טרייהייט!..

אָט האָב איך ניט לאַנג געזען דעם ספּעקטאַקל פון דעם זאַלצוואַסערדיקן „בכל־אשר־לכל" (באקל־אשער־לאקל), וואָס איז פאַרבליבן ווי אַ סך־הכל פונם אַמאָליקן באַפרייאונגס־קאַמף אינם איצטיקן פאַרדייאונגס־קראַמף. אויף דער פּאָליטישער אַרענע פון דעם גרויס־נויאָרקער צירק האָבן זיך די בירגער־רינדער, ווי די אָקסן־קינדער, געפּאָכטן און געשאָכטן אינם פּאַרטיי־וועט־קאַמף.

דאָס איז געווען אַ פאַרשטעלונג פון קאַנדידאַטן־לויפעריי און שטי־מען־קויפעריי, פון רעפאָרם־אומוועלצונג און אידייען־פאַרשמעלצונג, פון דעמאָקראַטיזם און פרי־לאַנטש, אַלץ אין איין באַנטש, ביר־שמירעריי און מאָראַל־קוועלעריי, פלאַט־לאַטכעריי און קראַקער־סאַקעריי, צעמישט מיט אַלערליי טענער פון רייסן זיך ווי די הע־נער, דורך ברודנע הילעריי און נודנע בילעריי. דערצו נאָך די אידעאַלע און ספּעציעלע אידל־פידל־זידלעריי און יענקי־דודל־בודלעריי, אַקאָמפּאַנירט פון דער געוויינלעכער וואַל־מוזיקע־מאַס־קע־לאַסקע־טראַסקעריי, כאַפּ־לאַפּ־קלאַפּעריי, גלופּע־טופּע־שטופּע־ריי, עקל־פעקל־מעקלעריי און וואַטקע־גלאַטקע־קאַלאַקאַמקעריי... קורץ, דאָס גאַנצע עקלהאַפטע שפּיל, וואָס האָט, אפנים, אַלס ציל די פרייהייט פון דעם געליבטן לאַנד צו מאַכן צו שפּאָט און צו שאַנד.

יע, איך האָב דאָך דאָס אַליין ניט לאַנג געזען און דערפאַר מעג איך דאָך זאָגן, אַז אַזוי ווילט אַ פאָלק זיינע פאַרוואַלטער און די פרייהייט אירע פאַרגוואַלטער!...

ניט דערפון האָב איך אָבער איצט געטראַכט. איך וויל זיך אַלץ קלאָר מאַכן דעם פריערדיקן ענין. מיר ווייזט זיך אַלץ אויס, אַז עס פעלן הערצער, און אַז אָן הארציקייט אַ קאָפּ, איז אַ געדאַנק נאָר אַ קאַלטער גלאַנץ, וואָס גיט נאָר אַ בליץ אין די אויגן. אַ בליץ אין די אויגן קען נאָך אַמאָל פאַרבלענדן. וואָס פאַר אַ חיות, וואָס פאַר אַ נחת, וואָס פאַר אַן אינערלעכע באַפרידיקונג קען אַ מענטש האָבן פון אַ קאַלטן גלאַנץ, פון אַ שאַרפן בליץ? וואָלטן די זונען־שטראַלן ברייגגען גענעזונג, מאַכן פרוכטבאַר דעם באָדן, דערציען פירות, ווען זיי וואָלטן אַנטהאַלטן אין זיך ליכט בלויז און ניט קיין וואַרעמקייט? טאָ וואָס נוצן די שטראַלן פון מענטשלעכן געדאַנק, ווען אין זיי זאָלן פעלן הארציקייט, וואַרעמקייט, אינער־לעכקייט!

יע, אַזעלכע קאָפּ־שטיק קענען אַמאָל דערציען מאַסן־דומהייט, ווייל עס איז אַ שפּאַלטונג אין דער מענטשלעכער נאַטור, ווען דער מאַרך פון איינעם איז בלויז אַ זויגונגס־קראַפט צו ציען דאָס האַרץ־בלוט פונם אַנדערן. עס פּראָגרעסירט די מענטשהייט אין

קאָפּ־שטיק מיט ריזן־שריט. ווי ווייט, ווי העט, העט ווייט זי האָט געגרייכט, האָט אונטערטעניק געמאַכט די גאַנצע נאַטור, מדבריות פּרוכטבאַר געמאַכט, בערג צעריסן, פעלזן צעבראָכן, פינסטער־ניש דורכגעדרונגען, שטורעמס באַצוואונגען, געטער פאַרטריבן, וויסן געקליבן. אָבער אין האַרציקייט שטייט זי נאָך אַזוי ווייט צוריק, ווי אין די צייטן פון סדום ועמורה. אַלס רעזולטאַט דערפון איז פינסטער אין די אויגן, ניט געקוקט אויף די אַלע ליכטיקע און וויכטיקע פאָרטשריטן. פאַרוואָס? ווייל דאָס האַרצנס־בלוט פון פילע דינט ווי אַ נאַרונגס־זאַפט פאַר דער זויגונגס־קראַפט פון אייניקע. און עס פוילן מוחות און עס דאַרבן הערצער. דאָס איז די פרוכט פון דער צעשפּאַלטונג אין דער מענטש־לעבער נאַטור.

„איזהו גבור הכובש את יצרו“ האָבן קאָפּ־מענטשן אונז אַמאָל געזאָגט. און אין לויף פון יאָרהונדערטער האָט מען אונז געלערנט זיך צו באַוועלטיקן, זיך צו באַהערשן, מיט שכל, כלומר׳שט, צו באַזיגן געפילן, דאָס וואַרעמע בלוט אין זיך צו קילן, די שטימע פון האַרצן אין זיך צו שטילן; דולדן אַלצדינג און דערטראָגן ליידן און זיך גאָר ניט באַקלאָגן. דאַרף מען אפשר דערצו זיין אַ העלד; דאַרף מען אָבער ניט זיין דום, פרום און שטום, כדי אַזאַ מין העלד צו זיין? אַזוי קומט עס, אַז די קאָפּ־שטיק פון איינע האָבן דערצויגן די דומהייט פון די אַנדערע...

און אָט האָבן מיר האַרצלאָזיקייט און טעמפּעקעפּיקייט!

---

אויף אַזעלכע רעיונות האָבען מיך איצט אַרויפגעפירט די ווערטער פון אַן אַלטן האַרצלאָזן קאָפּ־מענטש, — די ווערטער פון דעם אַלטן ביסמאַרק, וועלכע איך האָב נאָר וואָס געלייענט. רעדנדיק וועגן דעם באַרימטן היסטאָריקער מ אָ מ ס ע ן, האָט אים ביסמאַרק פאַרגליכן מיט דעם פראַנצויזישן דיכטער, וו י ק ־ ט אָ ר ה ו ג אָ. אָט דער פאַרגלייך איז פאַר מיר ניט וויכטיק. וואָס עס האָט דערוועקט אין מיר די רעיונות איז ביסמאַרק׳ס מיינונג וועגן דעם אומשטערבלעכן אַלטן פרייהייטס־קעמפּפער און

מענטשן־פריינד. וויקטאָר הוגאָ, זאָגט ביסמארק, איז געווען א שווערמער, א טרוימער, כאָטש א גרויסער געלערטער. ער האָט געמיינט, זאָגט ווייטער ביסמאַרק, אַז פּאָליטיק קען געמאַכט ווערן מיט הארץ און ניט מיט קאָפּ.

ביסמארק אין זיין צייט איז געווען א קאָפּ־מענטש און האָט געפירט די פּאָליטיק הארצלאָז. עס קען זיין, אז אָט די הארצ־לאָזיקייט אַליין איז געווען געגוג אורזאך פאר דער וועלט, צו רע־כענען ביסמאַרק'ן פאר א קאָפּ־מענטש . . . קען דען א הארציקער מענטש אָנרייצן פאָלק קעגן פאָלק, נאציע קעגן נאציע, מענטש קעגן מענטש, ברודער קעגן ברודער, איבערצושניידן די העלזער איינע די אַנדערע? קען דען א מענטש מיט הארץ דורך פולווער און בליי צווינגען א גאנץ פאָלק אונטערטעניק צו זיין, ארויסשיקן יעדן איינעם פון זיין היימאַט פאר אויסדריקן א פרייען געדאַנק, פאר אויסריידן א פריי וואָרט?

לייען איך דען ניט, ווי אין קובא זיינען הונדערט פופציק טויזנט נפשות אויסגעטיליקט געוואָרן אין צייט פון צוויי יאָר דורך קראַנקהייט, הונגער און שווערד? דאָס אַלץ דורך דעם ווילן פון א גענעראל ווייִלער. ניין, א מענטש מיט הארץ וואָלט ניט געקענט האָבן אזא ווילן, וואָלט ניט געקענט האָבן אזא קאָפּ אויף זיך, פול מיט מערדערישע געדאַנקען. און ווען אָט די פּאָליטיק געלינגט, ווען דער הארצלאָזער מאַכט טויזנטער אונטערטעניק, אונטעריאָכט און פארשקלאַפט, צווינגט זיי צו גיין ווי אַן אָקס אין סאָבע און פארזייט צווישן זיי דומהייט און שקלאַפנזין, דאַן איז ער דער קלוגער קאָפּ־מענטש. און אָט די חכמה פון די מעכטיקע ווערט געגרינדעט אויף דער דומהייט פון די שוואַכע און די שוואַכ־קייט פון די דומע איז די מאַכט פון די חכמים. אזוי ציט זיך דאָס יאָר־טויזנטער און יאָר־טויזנטער פונם טאָג אָן, וואָס ק י ן האָט גע'הרג'עט זיין ברודער ה ב ל.

ווער עס באַגרייפט עס, ווער עס פאַרשטייט עס, ביי יענעם וויינט דאָס הארץ. ווער עס פילט עס, ווער עס ליידט דערפון, ביי יענעם קערט זיך איבער דער מוח! אָך, אָט די העלדישקייט פון איינעם, וועלכע קומט פון דער דומהייט פון אַלעמען; אָט די

שוואכקייט פון אלעמען, וועלכע מאכט איינעם פאר א חכם, — דאס צערייסט דאס הארץ און צעטומלט דעם מוח.

---

„אך, ווען זיי וואלטן נאר הערצער געהאט!"

פאר מיר אומפאסן אט די ווערטער און דערשעפן דעם טיפן ים פון בלוט און טרערן, פון דומהייט און פרעכהייט, אין וועלכע עס דארבן און שטארבן, אומצייטיק און אומנייטיק, אזויפיל לעבנס — א גאנצע וועלט!

און ווי וואלט זיך דאס וועלן זיין א דיכטער, ווי וואלט זיך דאס וועלן זיין א קינסטלער און קענען אויסגיסן, אויסמאלן, אויס־צייכענען, ארויסזינגען, אויסשרייבן פאר דער וועלט אלץ, וואס פרעסט די ברוסט און באוועגט זיך אין מוח!

ניט מיט דער זיסער לירע וואלט איך צו איר זינגען, — ניין, מיט דער ביטערער סאטירע וואלט איך אין איר דרינגען; מיט ווערטער ווי שווערטער, מעכטיק ווי די ריזן, שטעכיק ווי די שפיזן, וואס זאלן זיך ניט גיסן ווי טרערן פון די אויגן, נאר זאלן שיסן ווי פיילן פון א בויגן.

איך וואלט געפלאכטן קרענץ פאר דעם מענטשן, מארטירער־קרענץ פון דארן־בלומען, פון זיינע מאנגלען, פון זיין נויט, פון זיין ראנגלען פאר דאס ברויט, וואס איז ביטער ווי דער טויט.

איך וואלט אים זינגען ווי דאס קלינגען פון די רינגען פון שקלאפנקייט, דרייפאך געדרייט, וועלכע דריקט אים, וועלכע שטיקט אים, וועלכע שמארצט אים, וועלכע שווארצט אים מיט דעם טונקל פון זיין גלויבן, מיט דעם פינקל־שיין פון אויבן, ביז פאר־בלענדט און געשענדט פאלט ער אנידער א מאטער, א מידער, אוממעכטיק און אומ:ערעכטיק.

איך וואלט אים וועלן מאלן מיט די פארבן פון זיין דארבן, מיט די פינסטערע קאלירן פון זיין טונקעלן געהירן, און אין דעם, וואס איך שילדער, זאל ער דערקענען די בילדער פון זיין פרומ־קייט, פון זיין קרומקייט און אייביק־אייביקער דומקייט, פון זיין

בלאָזן זיך מיט נדבות און פאַרלאָזן זיך אויף זכות אבות, אין ערנסט און אויף קאַטאָוועס — אַ שפּיל פאַרן מלאך המות!

איך וואָלט וועלן שפּילן אויף זיינע געפילן, ניט זיי צו קילן, נאָר מערער דערוואַרעמען און דורך שטורמען, דורך ליאַרעמען — „אַך, ווען זיי וואָלטן נאָר הערצער געהאַט!“

(„דער נייער גייסט“, דעצעמבער, 1897)

# 10. צום עלפטן נאָוועמבער

„איך וואָלט געוואָלט, אַ פאָלק, דיין רויטן זעגל
נאָך מאַכן רויטער מיט מיין הארצנס־בלוט,
און ווי אַ לייב מיט זיינע שאַרפע נעגל
דיין פיינד באַקעמפן מיט שטאָלץ און העלדנמוט.“
(ד. עדעלשטאַט)

אָך, דאָס אייביק שמערצלעך ליד, עס באַרירט די איידלסטע, טיפסטע סטרונעס פון האַרצן, און עס ווילט זיך זינגען, זיס זינגען ביז צום אויסגיין! אָ, די אייביק ברויזנדע און אויפקאָכנדע געדאַנקען, און עס ווילט זיך ראַנגלען, שטורעמען און צעשמעטערן אַלץ, וואָס איז אַזוי שלעכט, אַזוי געמיין!

צו שוואַך איז מיין פעדער.

און וואָס ביטערער עס איז דיווירקלעכקייט, וואָס באַגייסטערנדער עס איז דער מאָמענט; וואָס טיפער די ליבע צו אַלץ, וואָס גוט און גערעכט איז, דרינגט אין מיין האַרצן; וואָס שטורמדיקער דער האַס קעגן אַלץ, וואָס בייז און שלעכט איז, רעבעלירט אין מיין מוח, — אַלץ מער פיל איך איר שוואַכקייט.

וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט איר בייסנדיקע קראַפט, אויב זי קאָן ניט, אַזוי ווי דער שוימענדער גאָט צבאות ביז אַ מבול־גוס אויף די רשעים צו צאָרענען. די הערשער־הערצער און זינד־זיניקע, אייביק־קנעכטנדע, אייביק־שעכטנדע גייסטער מיט אַ פאַרפלייצנדיקן מבול דראָענדיק צו וואָרענען!

וואָס פאַר א ווערט האָט איר זיסנדיקער זאַפט, אויב זי פאַר־מאָגט ניט, אזוי ווי דער בלוטנדער גאָט פון ליבשאַפט און צערט־לעכקייט, ביז זעלבסט־אויפאָפּפערונג אין מילדקייט און דערבאַרע־מען, די אייביק-ליידנדע, אייביק שמאַכטנדע ברידער דורך איי־גענעם האַרצנס־בלוט מיט ליבע צו דערוואַרעמען!

צו שוואַך איז מיין פּעדער!

און עס וואָלט זיך ווען אייננטונקען זי אין דער גיפטיקער גאַל, אינם ים פון ביטערע טרערן, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין דער געשיכטע פונם פינסטערן לעבן און אייביקע שרעקן פון די גערויבטע און געשענדעטע.

און עס וואָלט זיך ווען אייננטונקען זי אין דעם טיפן קוואַל, אין ים פון מאַרטירער־בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אין דער געשיכטע פון ליכטיקן שטרעבן תמיד צו וועקן די פאַרגליווטע און פאַרבלענדעטע.

און עס וואָלט זיך ווען שרייבן מיט איר דעם טויט־אורטייל פאַר יעדן שקלאַפן־צוואַנג און א ליבע־ליד פאַר יעדן פרייהייטס-קלאַנג, —

אָבער צו שוואַך איז מיין פּעדער.

און ניט מיט טינט אויף פּאַפּיר דאַרף געשריבן ווערן אָט די געשיכטע פון ליכט קעגן פינסטערניש, אין אייביקן קריג. און די לעצטע, ווי זי יובלט אין איר דעמאָנישן זיג, וואו „די הײנקער און רויבער זיינען אין גאָלד געשמיקט, און די שטים פון אמת אויף דער תליה דערשטיקט", — ניין, ווי קין׳ס צייכן אויף די הער־שער־שטערן דאַרף זי געשטעמפּלט ווערן!

יאָ, שוואַך איז מיין פּעדער.

און ניט מיט איר קאָן געצייכנט ווערן די מאַרטירער־ליסטע אין קאַמף קעגן דעם אייביק שלעכטן פון דעם אייביק גוטן, פון די געקרעכטע, וואָס מוזן בלוטן, זוכנדיק וואַרהייט, פאָדערנדיק רעכט און פאַרטיידיקנדיק פרייהייט פאַרן עלנדן קנעכט. — ניין, מיט גלי-טיקע אותיות אין האַרץ פון יעדן פילנדיקן מוז זי איינגעפּאַסט ווערן.

דאָרט, וואו די פּ ר ע ה ׳ ס, פון לאַסטער אומריינינקט, האָבן זיך אינם קינדער־בלוט פון פאָלק געבאָדן;

דאָרט, וואו דאָס פאָלק, ווי אַ לאַסט־טיער געפּייניקט, האָט געלעבט און געליטן פון קעניקלעכע גנאָדן;

דאָרט, וואו חרטומים, מכשפים האָבן מיט די געטער געהאַנדלט, און דורך די געטער די מענטשן אין קרבנות פאַרוואַנדלט;

דאָרט, וואו א י י נ י ק ע האָבן דעם כ ל ל אין שווערן יאָך געטריבן, וואו די ווייניקע האָבן דעם כּלל פון זיינע רייכטימער געקליבן;

דאָרט, וואו ראָבן שוואַרצע האָבן דעם שיין פון הימל פאַרשטעלט און אין פינסטערניש אונטן די מענטשהייט אין קנעכטשאַפט געקוועלט;

דאָרט, וואו דאָס פרויען־האַרץ איז געוואָרן באַהאַנדלט ווי אַ מין סחורה, וואו די מענער־קראַפט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין מורא, און די נאַטירלעכע ליבע איז געשענדעט ווי אַ מיאוס׳ע עבירה;

דאָרט, וואו די אייביקע פעסט פון געזעץ און „רעכטן" האָט דאָס גאַנצע לעבן דורכפרעסן, און אין אָט דעם נעסט פון אַלע שלעכטע האָט מען די מענטשלעכע נאַטור פאַרגעסן;

דאָרט, וואו דער דומער גלויבן אין פירער פון אויבן האָט די אויגן אין קאָפּ פאַרדעקט, און די צעטיילונג אין מאַסן און קלאַסן האָט דאָס האַרץ אין ברוסט באַפלעקט;

דאָרט, וואו צו לעבן איז דורך פאַלשקייט און רויב אָדער אין שאַנד און נויט געווען נאָר מעגלעך, און די שאַנד און די נויט און די פאַלשקייט און דער רויב האָבן דאָס סאַמע לעבן געמאַכט אומערטרעגלעך, —

דאָרט האָבן זיך, ווי פון נאַטורס אייביקע געזעצן דערצויגן, ווי פון איר מוטער־ליבע געפלעגט און געזויגן, מענער אין פאָלק באַוויזן, — העלדן־מענער, גייסטיקע ריזן, — וואָס האָבן דעם פאָקל פון וואַרהייט ערגריפן, און האָבן באַלויכטן דעם אָפּגרונט דעם טיפן.

זיי זיינען מיט דעם פאָלק אין זיין עלנט געגאַנגען, האָבן גע־

קעמפט מיט אים אין זיין קאמף פאר ברויט; זיי האָבן געלערנט אים פרייהייט צו פארלאנגען, דאָס פארלאנגען צו לעבן אָן שאנד, אָן נויט.

און אין דעם גרימיקן צאָרן קעגן אַלץ, וואָס קנעכט און פארשקלאַפט, און אין דער אומענדלעכער ליבע פאר יעדן, וואָס איז עלנט און פארשמאַכט, האָבן זיי די מענטשהייט צו נייעם שטרעבן דערמוטיקט, ביז אַליין צו טויט אין אָט דעם קאמף פאַרבלוטיקט.

וויפיל אומענדלעכע ליבע מוז א האַרץ באַזיצן, א האַרץ, וואָס פאַרבלוטיקט פון אַלוועלטלעכן וויי! וויפיל קראַפט, וויפיל מוט מוז א זעל פארמאָגן, א זעל, וואָס קלינגט אָפּ דעם אַלמענטש-לעכן געשריי!

וואָלט דען דאָס מענטשלעך לעבן זיין דערטרעגלעך, וואָלט דען איבערהויפּט פאַרטשריט זיין מעגלעך אָן האַס, אָן צאָרן קעגן דעם בייזן און שלעכטן, אָן מיטלייד, אָן ליבע צום גוטן און גע־רעכטן?!

צו שוואַך איז מיין פעדער.

און ווען איך דענק וועגן די אַלע נאָבעלע און איידעלע, וועגן די אַלע מוטיקע און טאַפּפערע, וואָס האָבן מיט דעם פאָלקס ליידן געליטן, וואָס האָבן מיט זיינע טרערן געוויינט, וואָס האָבן פאר אים אַזוי פייערלעך געשטריטן, און מיט א דאָרן־קראַנץ צו ווערן באַ־קרוינט, — אַך, די אויגן ווערן פייכט פון טרערן און די הענט צוקן זיך קראַמפּהאַפט צוזאַמען.

פון די אויפשטאַנדן אין אַלטן רוים ביז די בלוט־סטרייקס אין דער נייער וועלט; פון א ס פּ אַ ר ט אַ ק ביז די העלדן, וואָס רוען אין ו ו אַ ל ד ה י י ם, — ווי א בלוטיקער שנור ציט זיך די געשיכטע!

ניט מיט רויזן און ליליען איז זי באַפּוצט, מיט בלוט פון מאַרטירער־הערצער איז זי באַפאַרבט! . . .

***

און איר, ברידער פון עלנט און נויט, אין שטענדיקן ראַנגלען

פאַרן שטיקעלע ברויט; איר, אין אָרעמקייט פאַרזונקענע, אין דומהייט פאַרטרונקענע, אייביק קרענקנדע, קיינמאָל דענקענדע, אין דחקות דאַרבנדע, פון יסורים שטאַרבנדע שקלאַפן פון אונזער וועלט, — איר זאָלט אָט די געשיכטע פאַרשטיין. אָך, איר זאָלט זי לערנען!

ניט די געגילטע קנעפּ און די געזאָלבטע קעפּ, ניט די קאַ-וואַליערן אין קיווער און שפּאָרן, ניט די גרויס-געשעצטע גענע-ראַלן, ניט די הויך ערגעצטע אַדמיראַלן, ניט די דיפּלאָמאַטן, ניט די מיניסטאָרן, — ניין, ניט אָט די קאָנווענציאָנעל געפּוצטע העלדן פון גאָלד-צויבער, ניט אָט די, מיט רעספּעקט צו מעלדן, וועלט-רויבער, — ניט זיי האָבן אייער געשיכטע געמאַכט.

אָט די העראָען, וועלכע דאָס פאָלק, אין זיין אומוויסנקייט, רימט און גרויסט, אַזוי ווי די בריליאַנטן פון זייערע ערן-שווערדן וואָלטן ניט געוועזן פון זיינע קינדערס טרערן געשליפן; אַזוי ווי די שליפעס און אקסל-באַנדן פון זייער ווירדע וואָלטן ניט געוועזן פון זיין אָרעמקייט געוועבט; אַזוי ווי די פּורפּור-מאַנטלען אויף זייערע שולטערן וואָלטן ניט געוועזן פון זיין בלוט געפאַרבט; אַזוי ווי די יובל- און טרומפּייטן-מוזיק צו זייער טריאומף וואָלט ניט געוועזן פון זיינע קייטן דער קלאַנג; אַזוי ווי אינם שוימענ-דיקן וויין, וואָס באַרוישט זיי, וואָלט ניט געוועזן פון זיינע טעכטער די פאַרקויפטע ערע; אַזוי ווי דאָס גאַנצע צויבער-שפּיל פון זיגרייכן גלאַנץ און קריגערישער פּראַכט וואָלט ניט געוועזן די פאַר-גוואַלטיקונג פון זיין געמיינטער פרייהייט, — אָט די מענער, אָך, דאָס זיינען אייערע אייביקע אונטעריאָכונגס-מייסטער, אייערע אייביקע קנעכט-גייסטער, די זינד פון אייער שקלאַפנזין...

***

און איך זע, ווי עס הויפן זיך די הערשאַפטס-פאַרברעכן און ווערן נאָך שווערער, ווי שווער.

און איך זע, ווי עס זאַמלען זיך זייערע פאַרבאָטן, און עס קומט צו אַ צוואַנג צו אַ צוואַנג.

און איך פיל, ווי עס קוועלן די טרערן פון עלנט, און עס זעט זיך א ים אין יעדער טרער.

און איך הער, ווי עס וועקן די געדאנקען, — א באפרייאונגס־וועלט אין יעדן געדאנק.

און איך זע די בלוט־טריפן פון יענע ווארהייט-פריידיקער, וואס האבן אייער רויטן זעגל נאך רויטער געמאכט מיט זייער הארצנס־גום.

און איך הער די שטימען פון יענע פרייהייט־פארטיידיקער; אזוי ווי די בשורות־ברייננער פון אן אנקומענדיקן שטורם קלינגען זיי מיר . . .

און פון דארט, פון הינטער די בערג, גייט אויף די זון בלו־טיק־רויט. . .

אך, וואס פאר א טיפע זענזוכט! ווי דאס הארץ בייגקט נאך איר אויפגאנג! . . .

און עס ווילט זיך זינגען, זיס זינגען א ליבע-ליד פון יעדן פרייהייטס־קלאנג, און עס ווילט זיך קעמפן מיט שטורם און דראנג קעגן יעדן שקלאפן־צוואנג.

אך, צו שוואך איז מיין פעדער! . . .

(„די פרייע געזעלשאפט“, נאוו., 1899)

# 11. חד גדיא

...חד גדיא, חד גדיא —

אלע דאסזעלבע ציגעלע!

נו, קען מען וועגן דעם דענקען און עס זאל ניט קרענקען? קען מען דען פארשטיין און גארנישט פילן, ווען ס׳הערט זיך א געוויין, ווי מען זאל ניט שפילן —

חד גדיא, חד גדיא.

אמאל א שפרינגנדיק בעקעלע, אמאל א מעקעדיק ציגעלע, און אפט פשוט א פעט שעפסעלע: לויפט אין סטאדע נאך יעדן

באַראָן, ווערט געשאָכטן פון יעדן טיראַן. די פעטס פאַר די כהנים, די אינגעווייד פאַרן מזבח, הויט און ביינער פאַר די אָרדנונג־היטער, און דאָס פעלכל פאַר יעדן ארבעטס־געבער און הויט־שינדער . . .

חד גדיא, חד גדיא!

---

פון דער צייט אָן, וואָס די ערשטע כיטרע שונרא-גנב האָט צעריסן דאָס ערשטע ציגעלע נעבעך — חד גדיא, חד גדיא! ביז אויף היינטיקן טאָג, „דזבין אבא בתרי זוזי", ווען מען קען פאַר־קויפן אַ טאַטן פאַר אַ דרייער — —

חד גדיא, חד גדיא!

אידן ליים־קנעטער אין מצרים, גוים „חוטבי עצים" אין ירושלים. עופ׳עלעך פאַרמויערטע, ווען ציגל האָבן געפעלט, קינ־דערלעך פאַרטרויירטע אין סאָלדאַטן געשטעלט — חד גדיא, חד גדיא!

זודיק קינדער־בלוט, אין וועלכן עס באָדן זיך עגיפּטישע אטאַמאַנעס — פון שמוץ צעגעסענע, פון קרעץ מאַיעסטעטישע פּרעה׳ס — חד גדיא, חד גדיא!

אומשולדיקע מיידל־גלות, מיט וועלכער עס וואַרעמען זיך אידישע סולטאַנעס — פון לאַסטער פאַרעלטערטע, פון עלטער צעקעלטערטע פּאָעטישע „נעים זמירות" —

חד גדיא, חד גדיא! . . .

שקלאַפן אין רוים פון לייבן צעריסענע, פּויערים אין רוס־לאַנד ביז טויט פאַרשמיסענע; מיינערס אין אַמעריקע אין גרובן פאַרשאָטענע, ארבעטער אומעטום פון לעבן צעטראָטענע, און דער־גאַנצער „לחץ־זו־הדחק", אין ביטערער נויט פאַרן שטיקעלע ברויט, ממצרים ועד הנה —

חד גדיא, חד גדיא — אַלץ דאָסזעלבע ציגעלע!

און עס ציט זיך אַ געשיכטע פון גנב׳ישע שונרא׳ס, פּרינצ־

לעבע כלבא׳ס, קאפיטאליסטישע תורא׳ס. הייליקע שוחטים און אלערליי מלאכי המות — א געשיכטע פון שונד און רויב — חד גדיא, חד גדיא!...

---

נו, קען מען וועגן דעם דענקען און עס זאל ניט קרענקען? קען מען דען פארשטיין און גארנישט פילן, ווען עס הערט זיך א געוויין, ווי מען זאל ניט שפילן —

חד גדיא, חד גדיא!

אמאל א שפרינגנדיק בעקעלע, אמאל א מעלקנדיק־און־מע־קעדיק ציגעלע, און גאנץ אפט פשוט א פעט שעפסעלע: לויפט אין סטאדע נאך יעדן באראן, לאזט זיך שינדן פון יעדן טיראן —

חד גדיא, חד גדיא!...

(„פארווערטס“, אפריל 1901)

# 12. פון קאסמאפאליטיזם צו טעריטאריאליזם

## א.

... און ווידער פיל איך, ווי צו זינגען יענעם ליד, וואס זי האט מיר געזונגען, ווען איך האב געמיינט, אז איך בין אין דערהיים. דאס איז דאסזעלבע ליד, זאג איך אייך, דערזעלבער לייט־מאטיוו, הגם אזוי פיל וואריאציעס אין דער הארציקער מעלאדיע.

אין דעם פרימארגן פון מיין ערשטער יוגנט האט זי דאס מיר געזונגען, דאן ווען דאס הארץ איז געווען אזוי עמפינדליך, אזוי איינדרוקספול, אזוי צארט־פילנדיק. א געטליכער חן איז אין יענער ליבע געווען און אזא וואונדערליכע קראפט, אז דאס הארץ איז געשפרונגען אין ברוסט פון פרייד און די נשמה האט זיך

דערהויבן אַזוי הויך — הימל-הויך, און די פאַנטאַזיע איז גע־
פלויגן אַזוי ווייט — וועלטן־ווייט!

און אַרום מיר קוקן זיי דערויף, ווי אויף אַ קאָמעדיע. זיי
ווילן דערמיט פּיליכט ווייזן, אַז זיי זיינען בעלי־שכל און אַז
ביי מיר, ווייל איך בין אַ רך־לבֿ, איז דאָס אַ טראַגעדיע אין האַרצן,
אַזוי זאָגן זיי. פּתאום! זיי פאַרשטייען גאָר ניט, אַז די טראַגע־
דיע זע איך אין זיי, הערנדיק זייערע קולות, זייערע קאָפּ־שטימען,
וועלכע קלינגען אַזוי משונה׳דיק אין מיינע אויערן.

אַנטקעגן וואָס האָב איך דאָס געוואָלט זאָגן? יאָ, איך בין
בטבע אַ ליבהאָבער פון נגינה, אָבוואָל אַליין בין איך אפשר אַ
קנאַפּער מנגן. אַ פאַלשע נאָטע, אַ פרעמדער טאָן רייסט מיין גע־
הער. אויך זי האָט מיר אַמאָל פאַלש געזונגען; דאָס האָט מיך
שיער וואַנזיניק געמאַכט: פרעמד! פרעמד! פרעמד! האָב
האָב איך געשריען, וואָרים דאָס איז געוועזן ניט איר טאָן, ניט איר
ברוסט־שטימע. און אַזוי זיינען זייערע איצטיקע קולות: קיין האַר־
מאָניע, קיין איין אויפריכטיקע נאָטקע, קיין איין זיסער, האַר־
ציקער קלאַנג, דורכאויס קאָפּ־שטימען; איך דערקען אין זיי די
פאַרקילונג, וואָס איז געקומען פון יענע רוסישע פּרעסט פון דעם
ערשטן ניקאָלאַי׳ס ציטן, ווען מען האָט „פּאַ־קאַזאַצקי" ציווילי־
זאַטאָריש געריסן די שטערן־טיכלעך פון פרומע אידענעס און
אויפן מאַרק געשניטן די פּאות פון פרומע אידן.

איך מיין חס חלילה ניט צו באַשולדיקן זיי, אַז אין זיי איז
געבליבן אַ ירושה פון יענער שפיכת־דמים׳דיקער ציוויליזירונג.
פאַרקערט, איך ווייס, אַז זייער יעדעס וואָרט איז אונטערגעשלאָגן
מיט הומאַניטעט. זיי ווילן אדרבא אויסהיטן, אַז עס זאָל חלילה
ווייטער קיינמאָל ניט פאָרקומען קיין שפיכת דמים אין דער גע־
שיכטע, און דערום דאַרפן אַלע זיין אַזוי גלייך, אַזוי געהובלט,
אַזוי נעטאָקט און פּאָלירט, אַז אין דער גרויסער סקירדע, וואָס מען
רופט מענטשהייט, זאָל חס וחלילה קיין איין סוקאָוואַטע פּלאַכע,
קיין איין קרומער רוקן ניט זיין. איך ווייס אויך, אַז ווען מענטשן
וועלן ווערן אַזעלכע גלייך־געהובעלטע קלעצער, דאַן וועט איינער
דעם צווייטן ניט רייבן אַ זייט, ניט שטעכן אין האַרצן; יעדן

וועט זיך דאָך דאַן דוכטן, אַז דאָס רייבט ער זיינע אייגענע זייטן. דאָס אַלץ איז אמת. דער עיקר איז דאָ אָבער אין דעם פּראָצעס פון הובלען און אין דער אַרכיטעקטור פון אַזאַ סקירדע. הימעל־שער טאַטע! וואָס פאַר שלעכטע אַרכיטעקטאָרן עס זיינען דיינע נאַטור־וויסנשאַפטלעכע קינדער, וואָס ירש'ענען דיין הערשאַפט. און שולדיק ביסטו אַליין, הימלשער טאַטע. אָט איז דאָך שוין געווען אַזאַ פאַל, באַלד נאָך ששת ימי בראשית. איר ווייסט די געשיכטע: ויהי כל הארץ — און וואו א „ויהי", דאָרטן איז א צרה — און עס איז געווען, זאָגט דער רבי, שפה אחת, איין שפּראַך און איינע רייד. האָט זיך פאַרוואָלט די מענטשן בויען אַן אייפל־טורעם ניט נאָך דער לעצטער פּאַריזער מאָדע, אָבער אַזאַ טורעם, אַז זיין פונדאַמענט זאָל זיין אין דער ערד און זיין שפּיץ זאָל גרייכן ביזן הימל. אַלץ איז געגאַנגען „אָל ראַיט", ווי אין א נוויאָרקער הימל־קראַצער. זיי האָבן שוין געהאַלטן אָט־אָט אין סאַמע זיבעטן הימל. נעמט דער שטן מקטרג, ציט גאָט ביים אַרבל און גיט אים א כיטרען וואונק. מער האָט גאָט ניט געדאַרפט. ער האָט שוין געוואוסט, וואָס ער האָט צו טאָן. דערוויף איז ער דאָך א גאָט. האָט ער גענומען כהרף עין און האָט צעמישט די מענטשן זייערע לשונות און זייערע רייד: איינעם האָט זיך פאַרוואָלט א טיר צום גאַס, דעם אַנדערן געפּרעגלטע קאַרטאָפל, און דעם דריטן א „זי" מיט חן־גריבעלעך. נו, וואָס דער סוף איז געווען ווייסן אַלע. די געביידע איז וווייטער ניט געגאַנגען. נאָר־וואָס די גאַנצע בויענדע מענטשהייט האָט געגעסן „לאָנטש" בציבור אַזוי פרידליך, פלוצלינג ווי מען גייט צוריק צו דער אַרבעט: א צומישעניש! איינער בעט ציגל, ברייגגט אים גאָר דער איטאַליענער צעמענט! הויבט אָן דער דייטש שרייען: פאַרפלוכטער יודע! און דעם טערק פאַרווילט זיך א גאַנצער האַרעם . . . ווען דאָס וואָלט ניט פּאַסירט, ווען ניט אָט די גאָט'ס פאַרדאַמטע צומישעניש, וואָלט די סאָציאַלע פראַגע לאַנג געווען געלייזט מיט א צענטראַל־רעגירונג אין בבל, דער וועלט־פּאַרלאַמענט אין יענעם סאַמע טורעם, און אַלץ וואָלט צוגעגאַנגען האַרמאָניש־קאָסמאָפּאָליטיש: רוסלאַנד וואָלט געווען

דער זאַסיק פון תבואה, פראַנקרייך — דער ווינקעלער, איטאַליען — די וועלט־אָפּערא, דייטשלאַנד — דער פילאָזאָפישער קאַבי־נעט, כינא — די זייד־ווערים, און אידן — מיסיאָנערן, וואָס בלאָנקען זיך אַרום אויף דער וועלט און פּעדלען מיט דער תורה, אַן איינגעוויקלטע אין „סעקאָנד־הענד־קלאָדינג״ . . .

ווארט, אַנטקעגן וואָס האָב איך דאָס אָנגעהויבן? יאָ, אַנט־קעגן דעם וואָס ווען ניט דער שטן מקטרג, ווען ער וואָלט דאָן ניט אַ צי געטאָן גאָט ביים ארבל, וואָלט די גאַנצע סאָציאַלע פראַגע זיין קאָסמאָפּאָליטיש געלייזט נאָך דאָן, באַלד נאָך ששת ימי בראשית; עס וואָלט אפילו צו חורבן בית ראשון ניט געקומען און אידן וואָלטן ניט נעדאַרפט זוכן אַ נייע טעריטאָריע, רחמנא ליצלן. אָבער דאָס אומגליק האָט פּאַסירט, און דעם טייוול איז ניט גע־פעלן געוואָרן יענע אַרכיטעקטור. דאָס איז אַזאַ געשמאַק־זאַך, און עס איז מיר באַשערט צו ווערן אַ טעריטאָריאַליסט . . . מחשבות׳ן, איך בין, דוכט זיך, אַראָפּ פון דרך. דאָס האַקן זיי אַזוי אין וואַלד, אַז זיי האָבן מיר מיין קאָפּ צעטומלט. און גע־וואָלט האָב איך גאָר ריידן וועגן יענער שפיכת־דמים ציוויליזירונג.

עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט צו דערקלערן אַמאָל אַ שטיקל פּראָצעס פון שפיכת־דמים אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכ־טע. אַך, ווען איך וואָלט געווען כאָטש אַ שטיקל בעמיקער און וואָלט געקענט אונטערזוכן דעם כעמישן פּראָצעס פון מענטשנס שפיכת־דמים, ווי דאָס ווירקט אויף זיין אייגענער שטימונג, ווי יענער פּראָפעסאָר וואָס האָט אַנאַליזירט זיין ווייב׳ס טרערן! בשעת דאָס בלוט גיסט זיך איז עס היים. אָבער אין אַזעלכע פרעסט, ווי די וואָס זיינען געווען אין דעם ערשטן ניקאָלאַי׳ס צייטן, האָט דאָך דאָס פארגאָסענע בלוט ענדלעך געמוזט פארגלי־ווערט ווערן. ווען עס איז דערנאָך אָנגעקומען אַ לינד ווינטל, אין אָנהויב פון דעם צווייטן אַלעקסאַנדער׳ס צייטן, און דער רוח ההשכלה האָט וועלטלעך געלופטערט די אידישע מוחות, איז, אמת, טאַקע געוואָרן ליכטיקער; אָבער דאָס ביסל פראָסט, וואָס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין דעם פּאָ קאַזאַצקי ציוויליזאַטאָריש פּאַרגאָ-

סענעם בלוט, האָט דאָך געמוזט אַלס גופא אַ כעמישער עלעמענט, האָבן זיין ווירקונג, און די ווירקונג איז געווען אין דער שטימונג. פון אַט דער שטימונג האָבן זיך אָנגעהויבן הערן השכלה־שטימען, קאָפּ־שטימען. גאַנץ קלאָר און אויפקלערנדיק זיינען זיי אפילו געווען, אָבער קלאָר זיינען זיי נאָר געווען לגבי די פאַרשטיקטע שטימען פון פריער. איצט אָבער, אין די הייסע צייטן, ווען מען הערט זיך צו זיי צו, קען מען דערקענען דעם טייל פאַרקילונג וואָס איז איבערגעגאַנגען אין אַ כראָנישן קאַטאַר. דאָס איז דער אסימי־לאַציאָנס־קאַטאַר, אָן אמת מאָראַלישער קאַטאַר פון שקלאַפישע נשמות, און ער קלינגט אַזוי ווידערלעך אין צייטן פון אמת׳ער, נאַטירלעכער וואַרעמקייט, ווען נייע פויגלען זינגען פרייע לידער, הארציקע לידער, הארציקע לידער . . . אנטקעגן וואָס האָב איך דאָס געוואָלט זאָגן ?

יאָ. הערנדיק אַט די לידער, האָב איך דאָס דערפילט ווי צו זינגען יענעם ליד, וואָס זי האָט מיר געזונגען, ווען איך האָב גע־מיינט, אַז איך בין אין דערהיים. אָך, זאָגן זיי מיר: בעל־מחשבה, איר זיינט סענטימענטאַל, ד. ה. אַז איך באַלאַנג צו דער קאַטע־גאָריע פון גוטע נאַרן. מיין גאָט, וואָלטן זיי כאָטשע צוגעבן, אַז זיי באַלאַנגען צו דער קאַטעגאָריע פון שלעכטע חכמים, וואָלטן מיר שוין דעם ענין פון שכל אָוועקלייגן אָן אַ זייט. זאָל זיין, איך בין אַ געפילס־מענטש. איך וויל דאָס גאָר ניט לייקענען. איך זע דאָך אַליין, אַז מיינע רעיונות זיינען אַלץ וועגן איר, וועגן דעם ליד, וואָס זי האָט מיר געזונגען, און וואו האָט איר געזען אַ ביינקשאַפט נאָך איר אָן געפיל ? קען זיין, אַז דערום ציט דאָס מיך אַזוי צו איר. ווי זאָגט דאָרט ערגעץ דער קלוגער ה י י נ ע :

„אייביק אומשטערבלעך איז דאָס געפיל, ווען די וועלט פון דערשיינונגען אַרום אונז מיט דער וועלט פון אונזער אייגענעם געמיט גיסן זיך צענויף אין איין שטראָם, און גרינע בוימער, הויכע געדאַנקען, געזאַנג פון פויגלען, הארציקע בענקונג, בלוי־קייט פון הימל, דערינערונגען פון יוגנט און געשמאַקע ריחות פון פרישע גראָזן פלעכטן זיך צענויף אין איין שיינעם געוועב. די

פרויען קענען אמבעסטן אָט דאָס געפיל. דערום שוועבט אמאָל א ליבלעך שטאָלצער שמייכל פון צווייפל אויף זייערע ליפּן, ווען מיר, כלומר׳שט פעסטע מענער, רימען זיך ווי כוואַטסקע חדר־אינגלעך, מיט אונזערע לאָגישע טאַטן. גאַנצע מאדימ׳ס זיינען מיר און טיילן אַלץ אזוי שיין איין אין אָביעקטיוו און סוביעקטיוו. מיר טיילן איין אונזער קאָפּ גאָר אַזוי, ווי דער אַפּטייקער צע־טיילט זיין סחורה אין באַזונדערע שופלאָדן, אין קעסטלעך מיט סיגנאַטורקעס; אין איינער געפינט זיך פארנונפט, אין דער אַנ־דערער — פארשטאַנד, אין אַ דריטער — וויץ, און אין דער פער־טער — גאָרנישט, ד. ה. די אידייע . . .״

פאַרדאָן, מען וועט נאָך זאָגן, אַז איך לאָך, חלילה, פון אי־דייען און אַז איך זאָג, אַז אַ אידייע איז גאָרנישט. ניין מיינע טייערסטע, דאָס דאַרפט איר זיין אין כעס אויף דעם נארישן היינע, ווען איר פארשטייט ניט וואָס ער רעדט. און איך האָב גאָר ניט דאָס געוואָלט זאָגן. איך ווייס, אַז יעדער מענטש לעבט און ווירקט אין קראַפט פון זיין אידייע. אָבער לעבן און ווירקן אין קראַפט פון אַ אידייע הייסט דאָך די אידייע אין לעבן אריינצו־פּאַסן, רעאַליזירן זי און ניט מאַכן פון איר אַ „מגדל הפורח באויר״, ווי עס טוען יענע מענטשן, וועמען די טעאָריעס האָבן אויפגעפרעסן, אַז מען זעט נאָר זייערע קאָפּיטעס . . .

וואָרט, אַנטקעגן וואָס האָב איך דאָס געוואָלט זאָגן? יאָ, דאָס ליד וואָס זי האָט מיר געזונגען. אָבער צו הערן דאָס ליד און וויסן ווער זי איז, מוזט איר מיך נאָך לאָזן ווייטער שוועבן אין מיינע רעיונות . . .

ב.

מיינע טייערסטע, מאַכט נאָר קיין טעות ניט. דאָס ליד וואָס זי האָט מיר געזונגען אין יענעם פרימאָרגן פון מיין ערשטער יוגנט, איז געווען מיין ליד, מיין אייגן ליד. דאָס איז געווען דאָס ליד, וואָס מ י י ן הארץ האָט איר געזונגען. ניט פּלאַ־טאָנישע ליבע איז געווען אין דעם מאָטיוו, ניט אַ סענטימענטאַלע

ביינקשאַפט האָט זיך אין דער מעלאָדיע געפּילט. ניין, דאָס איז ניט געווען דאָס ליד פון טויטנדער פאַרצווייפלונג, ניט דאָס ליד אויסצוגיין פון מתיקות. אַ ליגן! אַזאַ ברייט, צעשמאָלצן האַרץ האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט. ווי האַרציק עס איז ניט יענע מסירת־נפש־טרייהייט, וועלכע כנסת ישראל זינגט צו איר געמיינטן גאָט: „ההרוגה עליך" און דאָך „חבוקה ודבוקה בך" — דאָס האַרץ אויף שטיקער צעריסן און דאָך באַהעפט בלויז צו דיר; אָבער פאַר מיר האָט דאָס שטענדיק געשמעקט מיט פאַרצווייפלונג, געהויכט מיטן טויט. וואָס איז אָט דער אויסגוס פון אמת'ער טרייהייט, אויב ער פליסט ניט אַרויס פון נאַטירלעכער פרייהייט? וואָס איז ליבע אָן לעבן, וואָס איז לעבן אָן געגנום?!

ניין, די ליבע פון גאָט'ס רחמנות האָט מיך קיינמאָל ניט באַצויבערט. און ווען אָט די טרייהייט זאָל זיין אפילו באַוואָרעמט מיט דער דעראינערונג פון איר יוגנט; ווען אפילו דאָס ליד זאָל געזונגען ווערן מיט יענער מעלאָדיע, וואָס מענדעלע מוכר ספרים'ס העלד זינגט אַזוי בנעימות'דיק צו איר: „זכרתי לך, איך געדענק דיר, כנסת ישראל, חסד נעוריך, דיין גנאָד יונגערהייט, אהבת כלולותיך, דיין ליבע כלה'וויז" — מיך נעמט דאָס ניט. ניט אין די בילדער פון אַמאָליקן גליק געפינט איצט אַ טרייסט דער אומגליקלעכער. דערוואָרעמט דען אונז אין היינטיקן רעגן־טאָג דער זונען־שטראַל, וואָס האָט נעכטן געשיינט? טראַדיציעס אַליין, היסטאָרישע לופט־חזקה קען מען ניט אָנגעבן אין נדן, אַז מען זאָל דעריין זען אַ תכלית פאַר דער צוקונפט. דערום, ווי שיין ס'זאָלן ניט זיין די ליבעס־סערענאַדעס און ווער עס זאָל זיי ניט זינגען, אויב אַ יונגער טרוימערישער פאַזש זינגט דאָס צו אַן אַלטער ציון־פּרינצעסין, אָדער אַן אַלטער כל־בו־ריטער — צו אַ יונגער פּאָליטישער בעטלערקע, — עס ווערט זיך אַלץ אויסלאָזן דערזעלבער פאַך: רחם ארחמנו — אַ גאָט'ס רחמנות מיט אַ קרעכץ.

אַנטקעגן וואָס האָב איך דאָס געוואָלט זאָגן? יאָ, קעגן ברייטהאַרציקייט און שמאָל־קעפּיקייט. פאַרדאָן, מיינע ליבסטע. איר צווינגט מיך צו זיין וואולגאַר איבער אייערע אייפערזיכטיקע

פּאַרוואורפן. איר זיינט נערוועז, נערוועז. אוים אייפּערזוכט קען זיך אייך אַמאָל דוכטן דער רוח ווייס וואָס. איר מיינט אַז מיין „זי" איז ניט קיין אַנדערע ווי כּנסת ישׂראל און אייך פאַרדריסט, פאַרוואָס איך האָב זיך פאַרליבט אין איר, אין אַזאַ אַלטער מויד; פאַרוואָס לאָד איך „זי" איין צום טאַנצן, גאָר אַזוי ווי אַלע אַנדערע ווייבער וואָלטן ביי מיר האָבן אַ פּנים ווי בלאָטע. גוואַלד, סעפּעראַטיזם, נאַציאָנאַלער עגאָאיזם, אַ באַ־לײדיקונג פאַר אַלע מאָדערנע וואַראַיעטי־דאַמען! עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט זיי אַלעמען געסטראַשעט די גרויסע סכּנה, אַז זיי וועלן בלייבן, חלילה, אָן קאַוואַליערן און דער גאַנצער רעוואָלו־ציאָנערער טאַנץ וועט זיך אויסלאָזן, רחמנא לצלן, מיט אַ אידיי־שער האָפּקע. איר מאַכט מיר שפּאַס, בנאמנות. איר זיינט נערוועז, נערוועז, מיינע טייערסטע! זאָל איך זיין וואולגאַר און ענטפערן אייך: שוטים און שוטות, בין איך דען איין זכר אין מאָסקווע? שפּילט ניט אונזער מוזיק פאַר אַלעמען, פאַר זיי ווי פאַר איר! אויב פאַר זיי ווי פאַר איר, טאָ פאַרוואָס זאָל איך, אַזאַ קלוגער בעל מחשבה, ניט טאָרן לערנען דערפון: פאַר א י ר ווי פאַר זיי! אָדער הערט איר ניט, ווי זי בעט זיך:

„בוי מיר אויך אַ שטיבעלע
פון גראָז דעם גרינעם —
פאַר מיר מיט מיין באַשערטן
צו לעבן דרינען . . . "

און דאָס קלינגט, דוכט זיך, אַזוי אין טאַקט מיט דער גאַנ־צער מוזיק, אַז דאָ איז ניט צו געפינען קיין דיסהאַרמאָניע, קיין ווידערקלאַנג. אמת, איך בין ניט קיין גרויסער טענצער, אָבער ניט נאָר פאַרשטיי איך די טעאָריע פון טאַנצן, נאָר אויף וויפיל עס איז שייך צו פ א ר ש ט י י ן אַזאַ זאַך, פאַרשטיי איך אויך די פּראַקטישע זייט פון טאַנצן. איך פאַרשטיי, צום ביי־שפּיל, אַז איך דאַרף זיין אַ פּאָלנער מחותן מיט דער וועלט־חופּה, אַז עס זאָל מיר ניט אויסקומען שטענדיק טאַנצן אויף פרעמדע חתונות; אַז דאָס אַלטע לידעלע, וואָס די אָרימע מומע

יענטע פלעגט זינגען אונטערטענצלענדיק אויף דעם פּזמון פון „הוליע קבצן״:

„כאַטש אין אָרעמינקע,
אָבער דאָך אַ מומע,
ניט קיין געבעטענע
און אַליין געקומען...״ —

אַז אַט דאָס לידעלע, מיין איך, איז אין מאָדערנע הלכות טענץ ניט פּאַסיק, איז בעטלעריש, איז קבצנ׳יש און שמעקט מיט שנאָרעריי, ווען אפילו אין דעם איז דאָ אַ כוואַטסקע זעלבסט־שטענדיקייט, ווי אין דער אויסגעבונדענער מומע יענטע, וועלכע פלעגט קנייטשן פון זיך אַ ברייִנדעלע קאָזאַק און האָט אָדער געשטיקט אין זיך די שפיכת־דמים־טרערן כלומר׳שט ניט זעענדיק, אַז די פלעכאַנאָווצעס, לענינצעס און די אַלע גרוים־רייסישע בכבוד׳ע מחותנים קוקן אויף איר, ווי אויף אַן אומגעבעטענעם גאַסט, און זי מוז זיך פאַרענטפערן, אַז באַזונדער קאָנסטיטואירנ־דע טיילן פון דער אַלרוסישער מלוכה איז ניט אַ פּונקט פון כשר־טאַנץ . . .

וואָרט, וואוהין בין איך פאַרקראָכן? יאָ וועגן דער מומע יענטע. לעבן האָט זי אין זיך, זייער פיל לעבן, אָבער איך זאָג, אָדער געשטיקט האָט זי אין זיך די טרערן פון שפיכת דמים, אָדער פאַרלוירן דעם רעספּעקט צו דער אייגענער פּערזאָן איבער דעם, וואָס זי פילט זיך דאָך קבצנ׳ישדיק. אַלע אַנדערע האָבן היסטאָרישע חזקה, די קליין־רוסן — — ניין, וואָרט.

איך געדענק, ווען איך בין געווען אַ קליינער אינגל, פלעג איך עפּעס מיט רחמנות קוקן אויף דער מומע׳ן און קאָמיש פלעגט זי מיר אויסקומען אין דער זעלבער צייט: עפּעס אַ מחותנת׳טע ניט אַ מחותנת׳טע, אַ סאַרווערקע ניט קיין סאַרווערקע — איר גאַנצע מחותנ׳שאַפט האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זי פלעגט העלפן סאַרווערן, כלומר׳שט ווי אַן אייגענער מענטש. זי איז געווען גליקלעך, ווען זי פלעגט באַהאַלטן פאַר אירע אָרימע קינדערלעך אַ שטיקל צוקערלעקאַך אונטערן פאַרטוך, וואָס איז געווען האַלב קאָנטערבאַנד און האַלב מיט רעכט צו געניסן אַלס

דאָך אַ קרובה — און ווען מען האָט געשפּילט „סקאַצל־קומט״ אַ־לאַ מאָדערנעם „שטייט אויף איר אונטערדריקטע מאַסן און מאַכט פון שקלאַפעריי אַן ענד״, האָט זיך אין איר צעשפּילט דאָן דאָס לידעלע:

„ניט געבעטען
און דאָך געקומען,
כאַטש אַן אָרימע
און דאָך אַ מומע. . .״

פאַרצייט, מיינע חברים און גענאָסן! ניט וועגן דער מומע׳ן האָב איך געוואָלט ריידן, נאָר וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון טאַנצן. אָבער דעם מוח טומלען זיי מיר אַזוי פון אַלע זייטן, אַז איך פאַרקריך קיין בויבעריק. און וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון טאַנצן האָב איך אייך געוואָלט זאָגן, אַז ערשטנס, פאַרשטייט איך, אַז דרייענדיק זיך אין אַ וואַלץ צווישן אַזוי פיל פּאָרלעך, דאַרף זיך ניט פאַרדרייען פונדעסטוועגן דער קאָפּ און איך דאַרף ניט פאַרגעסן ווען איך האַלט אַרומגענומען ליבלעך ביי דער טאַליע. צווייטנס, — און דאָס האָט שוין מער צו טאָן מיט דער פּראַקטיק פון טענץ, ווי מיט דער פּסיכאָלאָגיע, — מען טאָר דער אייגענער האַרצנס־דאַמע די פיס ניט אָנטרעטן. דערצו איז דאָך דער טאַקט אין דער מוזיק, אַז מען זאָל ניט דאַרפן האַלטן שטענדיק אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און די אויגן זאָלן דאַרפן היטן די פיס, — ניין, דעם קאָפּ הויך האַלטן, טרוימען פון הימל און ליכטיקע שטערן, פילן דעם הויך פון איר אָטעם, דאָס פּולסירן פון איר וואַרעמען בלוט, דאָס קלאַפּן פון איר האַרץ און — די פיס ניט אָנטרעטן. פּלאַץ איז דאָ גענוג פאַר אַלע פּאָרלעך, אָבער ניט אין דער לופט באַוועגט מען זיך דאָך. אַ באָדן אונטער די פיס דאַרף זיין, און אַזוי האָט מיין דאַמע אַ רעכט אַריינצוטאַנצן אין אַ טעריטאָריע...

קיין דיסהאַרמאָניע, חס וחלילה, קיין ווידערקלאַנג! פאַר־קערט, מיר קלינגט דאָס נאָך, ווי יענעם ליד פון שטורעם און קאַמף, ווי יענער דראַנג צו לעבן און געניסן, וואָס איז פאַר־

בונדן מיט צויבער־מוט, ווי עס זינגט וועגן דעם אלפרעד פאָן בערגער:

„אום מיט מוטהיגען
האַרצען פערטרויען,
אַז עס קען געלינגען עפּעס
מעגליך צו מאַכען,
מוז איך מיין צוועק
גאַנץ געהיים בויען
אויף אונמעגליכע זאַכען. ."

נאָר דאַן, ווען אין ברוסט פון א פאָלק רעגט זיך און באַוועגט זיך אַט־דער פארלאַנג גרויסעס צו דערגרייכן, אַלץ מעגלעך צו מאַכן, ווערט דאָס היינטיקע אוממעגלעכע מאָרגן מעגלעך, און דאָס מעגלעכע קען נאָר אויף אַזאַ'ן אופן פאַרווירקלעכט ווערן.

אַלזאָ, מיינע נערוועזע, אייפערזיכטיקע דאַמען, מיינע יונגע טרוימערישע פּאַזשען, מיינע ציון־פּרינצעסינען פון אַלטן גלאַנץ, מיינע כל־בו־פירסטן פון קאסמאָפּאָליטישן טאַנץ־זאַל און וואַראַיעטי־עקטאָרס פאַר דער ראַדיקאַלער גאַליאַרקע, ווי אַלע אַנדערע פּאָליטישע מעקלערקעס! איר זעט, ווי ברייט מיין האַרץ איז, אייך אַלעמען אַריינצונעמען און אייך אַלעמען אַרויסצו — — — — — פּאַרדאָן, פּאַרדאָן! דאָס הייסט ניט איך, ניט איך, פּאַרדאָן. איך רייד דאָס אַלץ וועגן איר, וועגן דעם ליד וואָס זי האָט מיר געזונגען. און איר מאַכט אַ טעות, מיינע טייערסטע, זי איז ניט דאָס וואָס איר מיינט. הערט זיך בלויז צו צו דעם ליד. קוקט ניט אויף אירע מאַניערן. ניט אין די אויסערלעכע פאָרמען און פאַרמולירונגען ליגט די שיינקייט. גלויבט מיר, אַז דאָס, וואָס פאַר אייך קומט אוים קלאַסיש־שיין, האָט נאָך אין זיך ניט קיין געטלעכן חן. די קלאַסישע יהודית אויף דעם קאַלטן, גלאַטן פעלז, וועלכע שליידערט אַרוים איר פאַרוואונדעט האַרץ און וויל זיך ניט שפּילן דאָרט אונטן, וואו עס בליען די רויזן און עס שמעקן די ליליען, וואו עס מורמלען

און פליסן די צוויבער־טייכעלעך מיט שיינע וואַסערן, איינגע־ראַמט אין געל־זאַמדיקן ראַם... יענע יהודית...

אַך, אַט־די טראַגעדיע פון קלאַסישער שיינקייט! וואַרט, ווען וואָס האָב איך אָנגעהויבן? גאָט, מיין גאָט! ווען איך אַמאָל אויסלאָזן וואָס איך האָב אָנגעהויבן? — — —

ג.

מיינע ליבהאַרציקסטע! איך בעט אייך, לאַכט פון מיר ניט, ווייל איך זע, אַז איר לאַכט דאָס פון זיך אַליין. אַזוי האָבן זיי אויך געלאַכט פון ז י ך, ווען זיי האָבן געמיינט, אַז זיי מאַכן דאָס חוזק פון מ י ר, אין יענעם פרימאָרגן פון מיין ערשטער יוגנט, ווען זי האָט מיר געזונגען דאָס האַרציקע ליד, אַז איך האָב געמיינט, איך בין אין דערהיים.

אין יענעם פרימאָרגן, מיינע טייערסטע, בין איך אויך קיין טאַנצמייסטער ניט געווען. ניט די טעאָריע פון טאַנצן און ניט די פּראַקטיק פון טאַנצן האָב איך דאַן געוואוסט, נאָר די פיס האָבן זיך געהויבן פון זיך אַליין; אַזוי איז זי, די יוגנט:

דאָס איז דאָס קאָכן פון בלוט,
דאָס איז דער איבערפלוס פון קראַפט.

און ווען די לוסט צו לעבן, צו שטרעבן, צו באַקומען, צו געניסן; ווען דאָס וואַרימע בלוט האָט זיך צעשפּילט אין מיר און געשפּילט האַרמאָניש מיט די טויזנטער טענער פון דערוואַכנדן פרילינג, ווען די טייכעלעך רוישן, ווען די גראָזן שפּראָצן, די בינען זשומען און די גרינע צווייגן זאָגן שירה, — האָט דאָס מיך ווי אויף אָדלער־פליגלען אַ הויב געטאָן אין דער הויך, אַז איך האָב קיין טעריטאָריע ניט געפילט אונטער די פיס. לופטיק זיין איז געווען מיין וועלט, וועלטלעך זיין איז געווען מיין לופט. מיין אַטמאָספערע... „בעל־מחשבה קבצן, וואוהין פאַרפלויגן?" האָבן זיי דאַן אויך געלאַכט פון מיר. זיי האָבן געהאַט רעכט פּילייכט, ווען זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אויף מיין דאַמע׳ס גאָר ניט דאַמסקע פיס און אויף מיין אייגענער טאַנץ־

קראַפט, וועלכע איז צו שוואַך זי הינצורייסן, זי לײדנשאַפטלעך צו באַגײסטערן.

און מיט מײן דאַמע איז געװען אַן אומגליק, מײנע ליבסטע. זײ האָבן געהאַט פולקאָם רעכט. איר גאַנצע פּױאיקײט האָט זיך אַרויסגעוויזן בלויז אין אַ מאַרש. אויף אַ מאַרש זײנען איר קײנמאָל די פיס ניט מיד געװען; דאָס הײסט מיד און צעשלאָגן זײנען זײ געװען, נאָר אויף מאַרשירן איז זי אַ מאָדנע בריה תמיד געװען; נאָר עפּעס — די פיס אין די הענט און — מאַרש. און וואָס פאַר אַ מאַרשן? אַ לויה פון טויטע... באַגלייט די געפאַלענע צו אײביקער רו, געריסן גרינע גראָז מיט די וואָרצלען און פייכטע ערד, געוואָרפן דאָס הינטער זיך און אַליין אַוועק אויף גאָט׳ס באַראָט.

אָבער לאָמיך אײך זאָגן דעם אמת, איר זײנט דאָך אַלײן אויך אַמאָל יונג געװען: בלינד איז די ליבע, זיס אָבער איז זי. איך האָב אויף אירע פיס ניט געקוקט, כאָטש איך האָב זײ געזען. און איך ווייס ניט, צי איז דאָס געווען א י ר ליד אָדער מײן אײגן ליד, אָבער דאָס האָט אין מײנע אויערן דאַן יענעם ליד געקלונגען, יענעם צװײבער־ליד, וואָס האָט דערנומען מײן האַרץ, וואָס האָט געפּאַקט מײן נשמה און וואָס האָט מיך געהויבן צו העכערע וועלטן.

האָט ז י דאָס פאַר מ י ר געזונגען אָדער א י ך האָב דאָס פאַר א י ר געזונגען? אַך, מײנע טײערסטע, לאַכט ניט. דערין איז דער טיפער סוד באַהאַלטן, דאָס געהײמניס פון מײן לעבן. פאַרליבט, פאַרליבט בין איך דאַן געװען.

דאָס איז אַ לעבנס־געשיכטע,
דאָס איז מײן ליבעס־געשיכטע —
און אָט־די ליבעסגעשיכטע
איז דאָס מײן לעבנס־געשיכטע.

איך בין בטבע אַ ראָמאַנטיקער און ווען איך פאַרליב זיך, דאַן געפין איך אין דער געליבטער פערזאָן אַלץ, וואָס איך ווינש אין איר צו זען; איך זע אין איר מײן אידעאַל, מײן

פאַנטאַזיע, מיין וואונטש און די וואונדערלעכסטע צויבער־קראַפט...

זענט איר ניט אַזוי?

פאַרדאָן, איר געפינט זיך אפשר באַליידיקט. איר זענט רעאַליסטן און עס איז קיין וואונדער ניט, אַז איר זענט אַנטוישט אין מיר, ווי איך בין אַנטוישט אין אייך און ווי דער לעזער איז אַנטוישט פיליכט אין מיינע רעיונות. מיר פאַר־שטייען זיך ניט; מיר זיינען אפנים אַלע סוביעקטיוו און מיר ווילן זען אין דעם צווייטן קיין אַנדערן ווי זיך אַליין און פאַרדעכטיקן אפט אין דעם אַנדערן זיך אַליין. אָט־דאָ איז, וואו איר פאַלט דורך, מיינע טייערסטע. איר זענט רעאַליסטן נאָר צו שפּילן אויפן חשבון פון דעם צווייטנס דזשענטעלמענסטוואָ; איר ווייסט, אַז לאַכן פון אייך וועט זיך יענער ניט דערלויבן, ווייל דאָס הייסט דאָך מאַכן חוזק פון זיך אַליין.

זעט, למשל, איך וויל זיך מיט קרקע אין בראָנזוויל ניט פאַרזאָרגן, ווייל אין וואָל סטריט ניט געמבלען, אפילו ניט זיין קיין פעדלער מיט פאַרפוילטע עפּעלעך. וועל איך פון אייך לאַכן וואָס איר ווילט באַגייסטערן מענטשן פאַר אַ שענערן, העכערן, זיכערערן לעבן, ווען איך זע, אַז אָט־די מענטשן זיינען קאַלט, קליינלעך און פאַרנומען אין זייער אַלטעגלעכן גראַשן־לעבן? דער קאָנדוקטאָר קלינגט דעם גלעקל, דער פעדלער שרייט: צוויי אַ גראָשן, ווייבעלעך; אין וואָל סטריט קאָכט מיט טראַנסעק־שאָנס, מעקגינטי לויפט נאָך אַ פּאַינטל ביר און יאַנקל־חיים ווערט צעטראַפּעצעט פון אַ מלכה גרין, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דאָס גאַנצע לעבן. אַזוי איז שוין די וועלט, די רעאַליס־טישע וועלט. און אפשר וואָלט געווען טרויעריק, ווען זי וואָלט געווען ניט אַזוי. שטעלט זיך פאָר, מיינע טייערסטע, ווען אַלע מאַנסבילן און אַלע ווייבער וואָלטן אַוועקגעוואָרפן אַלץ און וואָלטן אַלע געקומען הערן דר. זשיטלאָווסקי׳ס לעקציעס איבער דעם אַגראַר־פּראָגראַם פון אונזערע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אָדער מאָסט׳ס פאָרטראָג איבער דער וואַרהייטלעכקייט פון אונזער אַנאַרכיסטישן געדאַנק, — די קאַרס וואָלטן סטאָפּן, די בעטן

וואָלטן געבליבן ניט געבעט, די טישן ניט געגרייט, די קינדער מיט פאַרשמירטע נעזעלעך און די נעזעלעך מיט פאַרשמירטע קינדער...

פאַרדאָן, איך בין פאַרקראָכן אין בדחנות, און פון דעם ביז ציניזם איז נאָר איין אינטש אין אונזערע אויפקלערונגס־בלעטער; און פונקט אַזוי ווי אַ ראָמאַנטיקער קען שאַפן צויבער־ווערטער, וועלכע דערהויבן דעם גייסט לופט־שלעסער צו בויען, אַזוי קענען רעאַליסטן אין יעדן נייעם וואָרט געפינען קינ־דערשע חלומות און

"אין קינדערשע מעשות
זיינען דאָ גאָלדענע שלעסער,
וואו האַרפן קלינגען,
שיינע פרויען טאַנצן
און פלינקע דינער
בליצן און לולבים
און הדסים און רויזן
לאָזן בשמים־ריחות —
און דאָך איין־איינציקס,
אוים־כישוף־וואָרט
מאַכט פון דער גאַנצער
הערליכקייט אַ שטויב
און עס בלייבן
בלויז אַלטע חורבות,
קרעכצנדע סאַראָקעס
און מאָך מיט שימל..."

און — צו ריידן מיט היינע'ס פאַנטאַסטישע ווערטער — אַזוי קענט איר אויך אַמאָל „מיט איין־איינציק וואָרט די גאַנצע בליענדע נאַטור מאַכן פאַר אוים צויבער", און די גאַנצע רעוואָלוציע, מיט אירע האָפענונגען און דערוואַרטונגען מאַכן פאַר אַ נעכטיקן טאָג, ווען איר זאָלט וועגן איר און וועגן דער האַלטונג פון דעם טעגלעכן גראָשן־לעבן פון פאָלק צו איר אַזוי וועלן ריידן.

אַנטקעגן וואָס האָב איך דאָס אָנגעהויבן? יאָ, וועגן דאָס ליד. איך דערמאָן זיך ווי איצט: מיין יענע ליבע, מיין ערשטע

טיפע, פייערדיקע, אַלץ דערגרייפנדע ליבע איז דאָס געווען. און ווי געזאָגט, האָב איך דאַן אין איר אַלצדינג געזען, אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט, וואָס איך האָב געוואונטשן. שיין איז זי געווען. (איך שווער אייך, דאָס איז ניט קיין פאַנטאַזיע, דאָס איז אַ ווירקלעכקייט, הגם אין אַ־דער ווירקלעכקייט האָט זיך מיין פאַנטאַזיע אויסגעגאָסן). זי האָט געהאַט אַ גוי׳אישן פּנים, כמעט דער גאַנצער גוף, אַלע אויסערלעכע פאָרמען, די האַלטונג פון איר קערפּער, אירע מאַניערן און באַוועגונגען זיינען געווען גוי׳אישקע. אירע האָר — גאָלדיק־טונקל־בלאָנד; אַ גראַדע פיגור; דעם קאָפּ האָט זי אַזוי גלייך געהאַלטן, אַז ווען איר וואָלט אַרויפשטעלן אַ גלאָז מיט וואַסער אויף איר גלייך־געהאַלטענעם שטאָלצן קאָפּ, וואָלט זיך אַ טראָפּ ניט אַריבערגיסן. אָבער אין זיך, אין איר פּנימיות איז זי געווען אַ אידישקע — מיטן גאַנצן ברען פון אַ פּרומאַטשקע. פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען אירע אויסערלעכע פאָרמען אַזוי גוי׳איש און דער גייסט אַזוי אידיש־אַלטפרענקיש, ווייס איך ניט. אַ טאָכטער איז זי געווען פון אָרעמע אידן, אָבער געבאָרן געוואָרן אין אַ טיף־גוי׳אישער שטאָט.

די מעטריקעס זיינען דאָך אין אַ רעאַליסטישן ראָמאַן זייער וויכטיק, דערפאַר האָב איך זיי אייך דאָ געוואָלט ברייגנען, אָבער איך האָב ניט געפרעגט אויף איר אָפּשטאַמונג. איך בין אין נאַטור אַ שטיקל עסטעטיקער, און דערפאַר מאַכן אויף מיר אויסערלעכע שיינע פאָרמען אַן איינדרוק צום גוטן. אָבער איך האָב מורא צופיל צו ריידן וועגן פאָרמען און אינהאַלט. עס טרעפט אַמאָל, אַז פאָרמען אַליין נאַרן אונז אָפּ. און אויב מיר פאַרבלענדן זיך מיט פאָרמען אַליין, קען אַמאָל אויסקומען, אַז ווען מיר קוקן זיך גענוי צו און באַקענען זיך מיט דעם אינהאַלט, זאָל זיין ווי דער גרויסער דייטש זאָגט:

„ניכטס איזט איננען,
ניכטס איזט אויסען,
דען וואָס דרינען
איזט דרויסען.“

אנטקעגן וואָס האָב איך דאָס אָנגעהויבן? יאָ, אין יענעם ליד האָב איך די גאַנצע וועלט מיט אירע בלויע הימלען, מיט אירע פינקלדיקע שטערן, מיט איר טרוימערישער לבנה, מיט איר ליכטיק־וואַרמענדער זון געזען. און ווען זי האָט מיר אפילו נאָך דאַן געזונגען דאָס באַנומענע ליד, מענדעלע מוכר־ספרים׳ס לידל:

„אויפן הימל לויכטן שטערנדלעך,
אין וועלדל שפּילט אַ סאָלאָוועי —
דער גאַנצער וועלט איז ליב, פריילעך
און מיר אַליין איז אַך און ווי...״

האָט זיך אָט־דאָס לידל אויך צונויפגעגאָסן מיט דער ליבע פון אַ ליכטיקער וועלט, פון אַן ערהאָבענער וועלט, און הערנדיק נאָר איין מאָטיוו, האָב איך די באַזונדערע מעלאָדיע ניט אונטערשיידט.

אַזוי איז געווען דער אָנפאַנג פון מיין ראָמאַן, מיינע ליב־האַרציקסטע. ער איז אין צוויי טיילן, און איך פאַרזיכער אייך, אַז ער ענדיקט זיך ניט מיט מיין טויט, און ניט מיט איר טויט. און דערום האָט קיין מורא ניט אויסצוהערן אים ביזן סוף, אויב איר האָט זיך מיט אַזוי פיל לוסט גענומען פאַר דעם אָנהויב. וואָרים פאָרטזעצונג מוז פאָלגן...

ד.

„ואעבור עליך ואראך״ און איך בין פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דיר, — געגאַנגען פאַרביי, אקוראַט ווי עס וואָלט גאָר ניט ווערט זיין אָפּצושטעלן זיך — ערשט ואראך, און איך האָב דיך דערזעהן...

וואַרט, וועגן וואָס האָב איך דאָס געוואָלט אָנהויבן? יאָ, וועגן דעם ד ע ר ז ע ן אַזוי זיך, פאַרבייגייענדיק. איך געדענק דעם פסוק, כאָטש איך געדענק דעריין אויך ניט וועמעס קול דאָס איז געווען — אַ מין יאָמער־קול און טריאומף־שטימע אינאיינעם; פּונקט אַזוי ווי דער וועלט־שמערץ, ווען ער גיסט

זיך צוזאַמען מיט אונזערע אינערלעכע יוגנטלעכע פאַנטאַזיעס, ווען אויפן האַרצן איז אַזוי ליכטיק און אין די אויגן לויפן אָן טרערן, איז דאָס געווען איר שטימע אָדער מײַנע? דאָס איז מיר שווער צו זאָגן אײַך, מײַנע טײַערסטע, ווי וועגן דעם ליד וואָס זי האָט מיר געזונגען, ווען איך האָב געמיינט, אַז איך בין אין דערהיים.

אָבער איך געדענק, אַז פּסח־צײַט איז דאָס געווען, צום סדר האָט מען זיך שוין געריכט — יענער ערשטער טומאַנער זונען־אויפגאַנג אין דעם פרילינג פון מײַן יוגנט. און אין יענעם פרילינג פון מײַן ערשטער יוגנט האָבן אויך וואַרעמע ווינטעלעך געבלאָזן, זונען־שטראַלן האָבן באַלויכטן און באַוואַרעמט די ערד, כאָטש די ערד איז נאָך ניט געווען אַזוי ווײַט דערוואַרעמט, אַז זי זאָל גלײַך אָנהויבן אַרויסגעבן פון זיך אירע באַהאַלטענע כוחות. פון אַלע זײַטן האָט די נאַטור מיר געזונגען זיסע ווינטשונגען, ליכטיקע מאָטיוון און איך האָב דערפון געוועבט אַ גוט־יום־טוב ליד פאַר איר.

מײַנע הויכגעשעצטע! אין מײַן ראָמאַן שפּילט דער פרילינג אַ וויכטיקע ראָלע. אָבער דאָס וועט איר ניט פאַרשטיין. איר, בײַ וועמען עס הערשט דער אײביקער ווינטער אין האַרצן און די קלאָרקייט פון ווייסן שניי אין קאָפּ. איר קענט געשפּאַנט זײַן בלויז אין אַ שליטן. מײַן ראָמאַן קען פאַר אײַך שפּאַנענד ניט זײַן. אַזעלכע מענטשן זײַנט איר שוין. און ווײַל בײַ אײַך אין האַרצן איז דער אײביקער ווינטער, דערפאַר האָט איר אַלץ מורא פאַר אויסגליטשן זיך חס וחלילה. ווי זאָגט דאָס דאָרט דער פּסוק:

„פאַר דעם ריינעם<br>
איז אַלעס ריין,<br>
פאַר די שווײַנען<br>
איז אַלעס שווײַן."

פאַרדאָן, מײַנע טײַערע! ניט דאָס זאָגט דער פּסוק; דאָס האָב איך צעמישט. דער פּסוק זאָגט „מבשרי אחזה אלוה", און

דאָס, וואָס אויבן שטייט, האָט דאָס גאָר געזאָגט דער גרויסער פילאָזאָף נ י צ ט ש ע.

יאָ, מיינע ליבהאַרציקסטע, ניצטשע איז געווען אַ גרויסער פילאָזאָף. אָבער אין יענעם פרילינג פון מיין ערשטער יוגנט האָב איך פון אים ניט געוואוסט און האָב נאָך ניט געקענט זיין אידייע פון איבער־מענטש און אונטער־מענטש. און דאַן האָב איך דאָס זי דערזען. איך האָב זי באַטראַכט אַלס אַ מענטש, ווי אַלע מענטשן, און הגם זי איז אַ דערנידעריקטע, אַן אָרעמע, ד. ה. אַן אונטער־מענטש נאָך די איצטיקע באַגריפן, דאָך איז זי פאַר מיר געווען אַן איבער־מענטש.

פרעגט ניט וואָרום, מיינע טייערסטע, איך בין געווען פאַרליבט. ווייסט איר, אַז אין ליבע, ווי אין גלויבן, ווירקט זייער שטאַרק דער „מבשרי אחזה אלוה״. מיר שרייבן צו צו גאָט יענע מידות, וועלכע מיר אַליין רעכענען פאַר גוט און מיר באַרגן אוים דער געליבטער פערזאָן יענע מעלות, וועלכע עס ליפערט אונז אונזער אייגענע פאַנטאַזיע. אַזוי פּאַסירט דאָס אין דער וועלט־אַנשויאונגס־פילאָזאָפיע און אַזוי אויך אין דעם רעאַליסטישן ראָמאַן.

און ווי באַגייסטערט געוואָרן איז זי פון מיין ליד! באַצווי־בערט און באַטרונקען איז זי געוואָרן. מיט דעם גאַנצן דורשט פון אַ פאַרשמאַכט הארץ האָט זי געשלונגען מיין היציקן אָטעם און אירע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ ליידשאַפטלעכן באַגער: לעבן און ליבן, ליבן און לעבן! אָבער ווי עס פּאַסירט געוויינלעך אין אַ רעאַליסטישן ראָמאַן, אַזוי האָט אויך געטראָפן אין מיין ליבעס־געשיכטע, וועלכע איז מיין לעבנס־געשיכטע.

מיינע טייערסטע! עס איז קיין שפּאַס ניט. מיין געשיכטע איז ניט קיין רעאַליסטישער ראָמאַן און ניט קיין ראָמאַנטישע פילאָזאָפיע. דאָס איז אַ סימבאָלישע דראַמע. און שולדיק דעריין איז ניט זי, נאָר איך אַליין. ווען איך האָב זי אומאַרמט, האָב איך דערזען, אַז זי איז גאָר ניטאָ. דאָס הייסט דאָ איז זי, נאָר דאָס איז ניט זי, נאָר איר גייסט. אַך, און וואו זיינען די קערפּערלעכע פאָרמען? די געזונטע פעסט־געבויטע פאָרמען,

דער געשמאַקער גוף, די רונדע טאַליע, וואָס איז געווען ווי אויסגעגאָסן אין פורעם פון מיין פאַנטאַזיע און וועלכע איך האָב אַזוי אַרומגענומען ליידנשאַפטלעך, אַז די ביינער האָבן געקנאַקט. דאָס געזונטע פלייש האָט זיך דערהיצט און די פיס האָבן זיך געהויבן צום טאַנץ אין גרויסן קאַראַהאָד!

מיינע פריינט, אַזוי ווי דאָס איז אַ סימבאָלישע דראַמע, האַלט איך פאַר איבעריק אַריינצוגיין אין איינצלהייטן און שילדערן איר יעדן גליד. איך געדענק נאָר, אַז ווען עס איז געקומען צו אַ נאָענטער באַרירונג, — ואעבור עליך ואראך מתבוססת בדמיך, האָב איך געזען, ווי עס בלוטעט דער קערפּער אַלס אַ באַווייז, אַז אַ קערפּער איז דאָ. וואָרים אַז ניט, פון וואַנען וואָלט דאָס שטראָמען אַזוי פיל רויט בלוט? ואומר לך און איך האָב צו איר געוואָלט אַ געשריי טאָן: בדמיך חיי! ווען מען קען אַזוי פיל בלוטן איז דאָך אַ סימן אַז דו לעבסט... אָבער קיין אַנדער סימן פון לעבן האָב איך ניט געזען. דאָס האָט געבלוטעט אַ קערפּער און געשטערבט האָט נאָר אַ גייסט...

האָב איך זיך דאָס איינגנטלעך גאָר גענאַרט אין איר? ווי עס איז געקומען צום לעבן, ערשט די פאָרמען זיינען פאַרגליווערט געוואָרן און דער גייסט ברענט. איך האָב אייך שוין דערציילט, מיינע טייערסטע, אַז אַ טאָכטער איז זי געווען פון אָרעמע, זייער אָרעמע אידן, אַ ברענענדע פּרומאַטשקע, כאָטש זי איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין טיף ראָסיי, ערגעץ אין אַ גוי׳אישער סביבה. איז דער קערפּער, ווי איך זאָג אייך, פאַרגליווערט געוואָרן און דער גייסט האָט געברענט.

אַ דערוואַקסענער מענטש בין איך שוין געווען, מיינע ליבסטע, און אַזוי קינדעריש צו זיין און צו גלויבן, אַז מען קען האָבן ערדישן געניס פון לעבן מיט רוחניות, האָט ביי מיר ניט געקענט געמאָלט זיין. און איך בין געוואָרן צאַרנדיק, ווי גאָגאָל׳ס משוגע׳נער. אַ וואַרעמען קערפּער האָב איך געזוכט און האָב זיך וואַנזיניק צעלאַכט ווי א ל מ א נ א ס א ר אין היינע׳ס טראַגעדיע:

„חאַ־חאַ־חאַ! ליבע! ליבע! פוסטער קלאַנג,
וואָס אַמאָל האָט מיט פאַרשלאָפענע אויגן
אַ מלאך אַרויסגעגענעצט. ער גענעצט ווידער
און אַ גאַנץ וועלט פון נאַרן, אַלט און יונג,
האָט שלעפעריג נאָכגעגענעצט: ליבע! ליבע!
ניין, ניין! איך בין קיין שמאַכטנדער זעפיר־ווינטל,
וואָס מיט ווייכן אָטהעם גלעט אַ מיידעל'ס בעקלעך!
איך בין קיין זיסער בשמים־ריח, וואָס
קיצעלט צערטלעך אַ יונ־פרוי'ס נעזעל —
איך בין דער נאָרד שטורעם!..."

יאָ, איך בין דער פלאַם, איך בין דער שווערד, איך האָב אייך צום פייעריקן קאַמף גערופן, און איך ווייס, אַז שווער איז איצט אַן אָפּפער צו זיגן!

„מיט בלוטיקע וואונדן באַדעקט
זע איך אין שלאַכטפעלד קעמפּפער!..."

מיינע פריינט! פאַרצייט, דאָס האָב איך ציטירט אונזערן אַ פאַרשטאָרבענעם אומשטערבלעכן פּאָעט. דאָס איז ניט מיינע. אין אָט דער וואַנזיניקער אויפרעגונג פון לײדנשאַפט וואָס האָט זיך ביי מיר פאַרשמאָלצן צוזאַמען מיט דער הייליקסטער צוויבער־קראַפט פון אַן אידעאַל, האָב איך געמאַכט אָט דעם טעות און בין פאַרקראָכן אין דעם 2טן טייל פון מיין ראָמאַן, איידער איך האָב געענדיקט דעם ערשטן. דער אמת איז, אַז ווען איך האָב אָנגעהויבן זוכן דאָן, נאָנט לעבן זיך, דעם קערפּער אין גייסט, האָב איך אים געפונען, אָבער דאָן איז שוין מיין ערשטע ליבע געווען פאַרביי: אין הארצן איז געווען דיזעלבע ליבע, אָבער מער רחמנות ווי באַגייסטערונג איז דעריין געווען. איך האָב דאָך ניט געקענט באַגייסטערט ווערן פון אַ ליד פון אַן אַלטער בת-ציון־מויד, וואָס זינגט:

„איך האָב געהאַט אַ מויער, אַ מויער,
דער מויער איז געווען אַן פענצטער, —
וויפיל חתנים מען האָט מיר גערעדט,
איז ער דאָך ביי מיר דער שענסטער."

איך קען איר ניט שדכנ׳ען אַ מויער אָן פענצטער און קען זיך ניט פאַרליבן אין אַן אַלטער מויד. איך בין פאַרצווייפלט געוואָרן, איך האָב געצווייפלט אין איר פֿייאיקייט צו ליבן און צו לעבן. און ווי איך האָב דערהערט אַט דאָס בענקען נאָך אַן אַמאָליקן מויער אָן פענצטער, האָב איך דערזען, אַז דער גייסט איז דאָ גאָר ניט אַ פֿייערדיקער, גאָר ניט אַ ברענענדער, נאָר דאָס איז דער פאַרביטערטער, פאַרקנעכערטער פאַר׳עקשנ׳טער און פאַרהאַרטעוועטער גייסט פון יהודית, וועלכע רייסט וואָלקנס אין הימל, בעת דאָ אויף דער ערד שטורמט, רוישט און ברויזט דער קאַמף — דער קאַמף וואָס האָט אַזוי צעלעכערט איר האַרץ... און — — — שלום פאַלגט.

ה.

ואומר לך בדמיך חיי, בדמיך חיי! מיינע טייערסטע, ווען איך וואָלט געווען דער קעמפּענער, זכרונו לברכה, און וואָלט גע־קענט פילאָזאָפירן אויף יעדן פסוק, וואָס האָט אַ כפל לשון, וואָלט איך אין דעם נביא׳ס ווערטער געפונען יענע רמזים, וואָס וואָלטן אויסגעפירט מיין געדאַנק. אָבער איך בין ניט דער קעמפּענער און ניט דער פּלפּול איז פאַר מיר דאָ דער עיקר און ניט דאָס וואָס אין פסוק שטייט צוויי מאָל בדמיך חיי. וויכטיק איז פאַר מיר וואָס אַט די צוויי מאָל זיינען מקוים געוואָרן אין מיין איי־גענעם לעבן, האָבן אָנגעגריפן מיין אייגן האַרץ און יעדעס מאָל איז דאָס אויסגעפאַלן אין דעם פרילינג פון מיין יוגנט, — אין דעם פרילינג פון מיין ערשטער יוגנט, ווען איך האָב געמיינט אַז איך בין אין דערהיים, און אין דעם פרילינג פון מיין צווייטער יוגנט, ווען איך האָב זיך דערפילט ניט גאָר היימיש און פון דער טיפעניש פון מיין נשמה האָט זיך אַרויסגעריסן דער געוואַלטיקער געשריי: אַ היים! אַ היים!

און צווישן אַט די ביידע יוגנטן האָב איך אַזוי פיל איבער־געלעבט, מיינע טייערסטע, ניט אַזוי פיל געלעבט וויפיל דורכ־געלעבט און איבערגעלעבט:

„ליבן און האַסן, האַסן און ליבן —
אַלעס שוין ברוך השם געליטן,
דאָך האָט דאָס אַלעס מיך ניט געביטן
און איך בין דערזעלביקער געבליבן."

אָבער, פריינד מיינער, איר האָט דאָך גאָר תנ"ך קיינמאָל ניט געלערנט און דעם קעמפּענער'ס פּירוש געוויס ניט. וואָריס ווען איר וואָלט לערנען, וואָלט איר דאָך וויסן, פאַרוואָס דער קלוגער אויפן אידישן חורבן זאָגט נאָכאַנאַנד דריי מאָל „היכל ד'." איר הערט? „אשר אמרו היכל ד' היכל ד' היכל ד' המה". און זיי האָבן געטראַכט, זאָגט ער, אַז דער אויסגעבויטער טעמפּל פון גאָט ווענן איז גאָט'ס טעמפּל; ניין, גאָט'ס טעמפּל זיינען זיי אַליין! אָדער ווי זאָגט ערגעץ אַ גרויסער דייטשער גאון (ניט דער קעמפּענער):

„גרוי, מיין פריינד,
איז יעדע טהעאָריע,
און גרין בליהט
דער רייכער לעבנס־בוים."

זעט איר, מיינע טייערסטע, דער תנ"ך איז זייער אַן אינ־טערעסאַנטער בוך. און אינטערעסאַנט איז ער ניט דערמיט, וואָס יעדע אַלטע יענקי־בתולה האָט אַ ביבל מיט דיקע טאָוולען אויפן קליינעם טישל אין פּאַרלאָר, כאָטש זי איז דאָך שוין געוויס ניט שרה בת־טובים'ס אַן אייניקל; ער איז אויך ניט אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אידישע גוים הויבן אים אָן צו שטודירן ווען זיי קומען אויף דער עלטער צום באַוואוסטזיין, אַז זיי זיינען באמת פון די „ברית אברהם"; און ער איז ניט אינטערעסאַנט אפילו דערמיט, וואָס יעדער האַלב־געבאַקענער ראַדיקאַל און גאַנץ גע־בראָטענער אַסימילאַטאָר קען פון דאָרט דרינגען, אַז ביי אידן אין גלגול ראשון האָט אויך געהערשט כּוליגאַנסטוואָ און אַז עס איז דעריבער אַ גרויסע סכנה, רחמנא ליצלן, פאַר דער ציוויליזאַציע בכלל און פאַר די האַלב-געבאַקענע בפרט, ווען אידן זאָלן באַקו־מען אייגענע טעריטאָריעלע פּאָליטישע און קולטורעלע פאַרוואַל־

טונג, וואָרים זיי וועלן מאַכן אין זייער מלוכה אַלע גוים פאַר חוטבי עצים און שואבי מים, פאַר האָלצהעקער און וואַסער־טרעגער, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אַמאָל אין ירושלים...

על אמונתי פאַרזיכער איך אייך, מיינע ליבהאַרציקסטע, אַז פאַר אַזעלכע זאַכן איז אינגאַנצן ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך. אָט זעט, למשל: אפילו דער ענגלישער טייטש־חומש, וועלכער איז נאָך אויך ניט ציוויליזירט, כאָטש ער איז ניט ביי שרה בת־טובים אין די הענט, פון דעסטוועגן שטערט ער ניט אפילו דאָרט, וואו ער ליגט אין רעכטן פראָנט־רום אויף אַ טישל, אַז אין זעלבן הויז זאָל זיין מאָדערנע וואַסער־ליטונג, עלעקטרישע באַ־לייכטונג און גאַז־באַהייצונג. דערום איז דער פחד פאַר האָלץ־האַקעריי און וואַסער־טרעגעריי „כלל וכלל אָן אַ שום יסוד", ווי עס זאָגן מאָדערנע טהעאָרעטיקער אויף פאַרשטענדלעכן אידיש. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: מיר דאַכט, אַז אויב דאָרט שטעקט פאַר וועמען יע אַ שטיקל סכנה, איז דאָס בלויז פאַר די האַלב־געבאַקענע אַליין, ניט פאַר גוים, חס וחלילה. די סכנה איז אַז זיי זאָל ניט אויסקומען צו זיין קוימען־קערער אין אַן אייגענער טעריטאָריע, ווען אַלץ און יעדערער וועט זיין אויף זיין רעכטן פלאַץ. אָבער עס קומען דאָך נייע וועלטן, און עס איז ביי מיר בלתי ספק, אַז דער האַלב-געבאַקענער ראַדיקאַל און דער גאַנץ־געבאַקענער אַסימילאַטאָר, וואָס וועט בשום אופן ניט וועלן זיין אַ קוימען־קערער אין אַן אייגענער טעריטאָריע, וועט מעגן בלייבן אַ באַד־יונג אין חוץ לאָרץ, וואָס דאָס מעג יעדערער דערלויבן אפילו איצט...

אַנטקעגן וואָס האָב איך דאָס אָנגעהויבן? יאָ, פאַרדאָן, מיינע טייערסטע. איך האָב דאָס געוואָלט דערציילן אייך וועגן דעם, ווי אינטערעסאַנט עס איז דער תנ"ך, דער כפל לשון, דער צווייט מאָל „בדמיך חיי". און דער צווייטער „בדמיך חיי" איז אויסגעפאַלן אין מיין צווייטער יוגנט.

פריינט מיינע! מען זאָגט, אַז ליבע אין דער צווייטער יוגנט איז שטאַרקער, מעכטיקער, ברוויזנדער, איידער אין דער ערשטער; זי דערוועקט זיך קיינמאָל ניט אין דער ברוסט פון אַ לייכטזיניקן

דאָן־זשואַן, וועלכער איז אַזוי היציק אין דער יוגנט און אַזוי קאַלט אויף דער עלטער, אַז ער מוז זיך בעטן:

„זאָג דער זון, זי זאָל ווידער
גלוט אין מיינע אָדערן גיסן;
זאָג דעם פרילינג, ער זאָל וועקן
אין מיין ברוסט די נאַכטיגאַלן..."

אָבער דער געבעט העלפט ניט; דאָס איז דער געבעט פון אַ פעסימיסט, וועלכער נערט זיך מיט אַמאָליקע חלומות פון זיין יוגנט, מיט זיין אַמאָליקער ליבע, און וועלכער האָט אַלץ איינזינען יענע ווארעמקייט, וואָס איז אַמאָל געווען אין זיין ברוסט. אַזאַ מענטשן דוכט זיך, אַז ער בלייבט טריי זיין טומאַנעם אידעאַל, זיין היכל ד׳, וועלכן ער האָט אין דער יוגנט געבויט און צו וועלכן ער בוקט זיך אויף דער עלטער, כאָטש אָט דער טעמפל פון גאָט איז שוין לאַנג ניט אין אים, נאָר אויסער אים.

און אין דעם פרילינג פון מיין צווייטער יוגנט איז שוין ווייניק געוועזן דאָס ביינקנדיקע, דאָס טרוימערישע; עס האָט זיך קריסטאַליזירט אַלץ, וואָס איז געווען טומאַנע אין דעם וועלטשמערץ, וועלכער האָט זיך צעגאָסן פריער אין מיין האַרץ. ניט פעסימיזם איז דאָס געווען, נאָר פאַרלאַנג, וואונטש, פעסטער ציל. און עס איז מיר מער ניט ניחא געווען צו לעבן בלויז אין יענער זיסקייט פון טרוימען און פאַנטאַזיעס, פון שמאַכטן און געפינען אַ באַפרידיקונג אין השתפכות הנפש, אין איין טרוימעריש גלויבן. ניט יענע שטילע טרערן, וועלכע זאָלן זיך קייקלען פון פאַרטראַכטע אויגן און לייכטער מאַכן מיין האַרץ דערמיט, וואָס די ברוסט ווערט אָפּגעשוואַכט. האָב איך פאַרגיסן געוואָלט, נאָר ווײנען אַזוי, אַז די ברוסט זאָל זיך וואַרפן אין מורא׳דיקע קאָנוואולסן און ברויזנדיק אַרויסשלוכצן מיין גוואַלד־שמערץ. אָבער ווײנען? אַך, ווער עס ליידט פון מענטשנ׳ס ליידן און וויל זיך פרייען מיט זייערע פריידן; דער, ביי וועמען דער פולס פון לעבן שלאָגט שטאַרק מיט אָט די ליידן און פריידן, יענער ווײנט ניט, — יענער גיסט ניט קיין טרערן, יענער קעמפט פאַר געטום. און אויב געניסן,

דאַן זאָל דאָס זיין ניט ווי א זעפיר־ווינטל, וועלכער גלעט מיט ווייכן אָטעם א מיידל'ס בעקלעך; ניט ווי א בשמים־ריח, וואָס קיצלט צערטלעך א יונגפרוי'ס נעזל . . .

וואָס פאר א פריילעכער און וואָס פאר א שרעקלעך מעכ־טיקער פרילינג דאָס איז געווען, דער פרילינג פון מיין צווייטער יוגנט, וועלכער איז געקומען אַזוי אומדערוואַרטעט פאר מיר אליין!

איז ער געווען אזוי אומדערוואַרטעט פאר מיר, ווייל ער איז געקומען צו־שפעט, אָדער ווייל אין אים האָט זיך דאָס רעאַלע צענויפגעגאָסן אזוי הארמאָניש מיט דער פאַנטאַזיע? יאָ, דאָס זיינען געווען ביידע דערשיינונגען צוזאַמען, מיינע מייערסטע. דאָס האָט דער ווינטער זיך אריינגעצויגן אין פרילינג און דער פרילינג דערפאַר אין זומער. ניט קיין לייכטער דרום־ווינטל האָט דאַן א בלאָז געטאָן מיט א וואַרעמען אָטעם אויף א קאַלטער ערד; דאָס האָט א באַק געטאָן די זון, נאָכדעם ווי אַזוי פיל איינצלנע שוועלבעלעך זיינען אומגעקומען פון דעם פראָסט אין ערשטער פרילינגס צייט. די זון האָט א באַק געטאָן מעכטיק און די שווערע שניי־לאַווינעס האָבן זיך אָנגעהויבן קייקלען פון די אייז־בערג און שטירצן אין די טיפע טאָלן. אָט, דאכט זיך, האָבן זיי פאַרשאָטן די יונגע ארויסשפראָצנדיקע גרעזעלעך און די פליסנ־דיקע, קליינע שטראָמען, אָבער זיינען אליין באַלד צעשמאָלצן גע־וואָרן אונטער דעם פייערדיקן ברען פון דער זון און עס האָבן זיך באַלד געבילדעט גרויסע שטראָמען, גאַנצע טייכן, וואָס גיסן זיך צענויף אין א ים מיט ברויזנדיקע כוואַליעס. אין מאָמענטן האָט זיך מיר געדוכט אזוי ווי יעדע שניי לאַווינע וואָלט געווען א מצבה־שטיין, וואָס האָט זיך אראָפּגעקייקלט פון מיין אייגן האַרץ און האָט מיר געוויזן דאָרט אַן אָפענעם קבר...

אָבער ניין! דאָס האָבן טויטע אָנגעהויבן דערוואַכן, און אויך די טויטקייט, וואָס איז געווען אין דער אייגענער ברוסט. דאָס שטילע האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרק, מעכטיק צו קלאַפּן און איך האָב געפילט אַזוי ווי יענער דיכטער:

„אַי, ווען איך זאָל זיין דער ווילדער ים
און דו — דער דורשטיקער פעלז,—"

און ארומכאַפּן וואָלט איך זי מיט די כוואַליעס פון מיין הארצן, מיט די ברויזנדיקע הויכגעהויבענע כוואַליעס, וואָס שפּריצן מיט בריליאַנטענע קאַלירן צום הימל, און שפּיגלען אין זיך אָפּ די זונענשטראַלן.

„וואראך מתבוססת בדמיך" — איז זי דאָס געלעגן אינם אָפענעם קבר? דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען זי, אָבער דאָס איז שוין געווען ניט דיזעלביקע, דאָס זיינען געווען ניט די קלאַסישע פאָרמען, ניט דער געשמאַקער גוי'אישער גוף און ניט די פרומע אידישע נשמה. און פּונקט אַזוי ווי דער שפּעטער ווינטער מיט דעם וואַרעמען פרילינג און הייסן זומער האָבן זיך א ווייז געטאָן אינאיינעם, אַזוי האָט זיך עפּעס אין איר קריסטאַליזירט דאָס אַלטע, יונגע און קינפטיקע אינאיינעם, און אַזוי האָב איך זי דערזען.

יאָ, אין דעם פרימאָרגן פון מיין צווייטער יוגנט האָב איך זי דערזען:

אירע האָר זיינען ניט געווען שוואַרץ און האָבן ניט געפלאַטערט ווי א טרויער־פאָן אויף איר קאָפּ; זיי זיינען אויך ניט געווען אַזוי גאָלדן-בלאָנד פון העלע זונען-שטראַלן; זיי זיינען געווען עפּעס א פאַרמיטלונג פון ביידע. אירע אויגן, טונקל־ברוינע, גרויסע, לעבנספולע, דענקנדיקע, אָבער ווי צעשראָקן, אומפאַרשטענדלעך האָבן זיי געקוקט אין דער וועלט! אירע בריסט האָבן ניט ארויסגעשטאַרטשט ווייט אין דער וועלט. אָבער זיי זיינען ניט געווען קיין אַלבאַסטער־קאַלטע פאַרגליווערונג; און ניט אויף דעם שפּיץ פון א גלאַטן, משופּע'דיקן פעלז איז זי געזעסן און געלאַכט מיט פאַרביטערונג פון די מענטשן-קינדער, וואָס באָדן זיך ווי קנוילן ווערים אין מיסט, נאָר צווישן די מאַיאָווע בלומען און יוני־רויזן האָט זי געוואַנדערט. ניט אָראָפּשליידערן איר צעלעבערט האַרץ האָט זי געוואָלט און וואַנזיניק פאַרשעלטן דאָס לעבן, נאָר איר אייגן צעבלוטיקט האַרץ האָט זי געזוכט צווישן די מאַיאָווע בלומען און די יוני־רויזן. אך, די מאַיאָווע בלומען זיינען

אזא זיסע פּאָעזיע, און די יוני־רויזן — אזא ליידנשאַפטלעכער נענום! אָבער די קראַפט האָט איר געפעלט, יענע ווילנס־מאַכט, וועלכע פליקט די בלומען. א „פרעמדע״ איז זי געווען!

און איך האָב געזען, ווי בלוט־אָרעם זי איז, איר בלייכקייט, איר אומטעכטיקייט און אומבאַהאָלפנקייט, א „פרעמדע״, א „פרעמדע״, — — ווי שווער איז דאָס, ווען א מענטש קען ניט זיין דער טרעגער פון זיין אייגענעם שיקזאל! ואומר לך בדמיך חיי, בדמיך חיי! און די קראַפט פון מיין בלוט, די זאַפט פון מיין מארך האָב איך איר געוואָלט געבן, אייביקן לעבן ברייננען, דעם רוישיקן צופלוס פון קראַפט און ענערגיע, וואָס אין מיר איז געווען, האָט א י ר געדאַרפט באַלאַנגען, איר אינגאַנצן. יעדע פאַרשווענדטע לעבנס־זאַפט און לעבנס־קראַפט, וואָס איך האָב גע־שליידערט פון זיך אוים איבערפלוס רעכטס און לינקס, האָט מיר געשיינט, ווי דאָס וואָלט געדאַרפט באַלאַנגען צו איר, צו איר!...

מיינע טייערסטע! דאָס איז ניט קיין רעאַליסטישער ראָ־מאַן און קיין סימבאָלישע דראַמע. דאָס איז א פאַנטאַזיע. און מיין פאַנטאַזיע איז דאָס זי אליין, — זי, וועלכע האָט מיר יענעם ליד געזונגען, ווען דאָס וואָרט „פרעמדע״ האָט נאָך אין מיינע אויערן ניט געקלונגען, ווען איך האָב געמיינט, אז איך בין אין דערהיים . . .

(„דאָס פאָלק״, טעריטאָריאַליסטישע וואָכנשריפט.

פילאַדעלפיע און ניו יאָרק, 1906).

## 1. „וכל מאמינים“ . . .

ערנסטע פּלוידעריי! וועט זיך וואונדערן דער לעזער. ממה נפשך, וועט ער מיך פרעגן, איז דאָס ערנסט, איז עס דאָך ניט געפּלוידערט; אלא וואָס דען, עס איז טאַקע געפּלוידערט, טאָ מישטיינס געזאָגט, וואָס פאר אַן ערנסט קען זיך אין פּלוידעריי געפינען? די קשיא איז אַ רעכטע, נאָר איידער איך וועל אויף איר ענטפערן, וויל איך, ערשטנס, רעקאָמענדירן דעם לייענער, אַז אויב ער איז יאָ אַזאַ חכם און האָט אַ געראָדן שכל, זאָל ער אָפּט פרעגן אין זיין לעבן אַזעלכע פראַגעס. דאַן וועל איך ניט דאַרפן ערנסט פּלוידערן. און ווידער, מיין ליבהאַרציקער חכם, כאָפּ זשע נישט, לייען אָפּריער איבער געדולדיק דעם גאַנצן אַרטיקל און דאַן שרייב, זיי מוחל, אַריין אין אַ בריוועלע צום רעדאַקטאָר וועגן אַלע דיינע פראַגן און דו וועסט געוויס געהאָלפן ווערן.

אַזוי ווייט איז מיין הקדמה. אָבער איר דאַרפט זי חו״ש ניט פאַרשטיין, ווי אַ הקדמה פון אַ מחבר, וועלכער וויל אַריינאַרן דעם לעזער אין זאַק אַריין. ניין, דאָס איז גיכער ענלעך צו דעם אָפּהוסטן זיך פון דעם זינגער, איידער ער שטעלט זיך אָן אַ טאָן; צו דעם „איט׳סע ניים מאָרנינג, איז איט נאָט?“, מיט וועלכן דער אַמעריקאַנער הויבט מיט אייך אָן אַ געשפּרעך. דאָס איז אומגעפער, ווי דאָס אָפּרוקן זיך אויף אַ קלאַפּטער איינער פון אַנדערן, וואָס איר זעט זייער אָפט ביי די ערשטע ליבהאָבער אויף דער אידישער סצענע, כדי מיט מער חשק אַרויפצופאַלן איינע אויף די אַנדערע און קוועטשן צו דער ברוסט אַזוי שטאַרק, ביז דער עולם הויבט אָן צו פאַרשטיין, אַז דאָס האָט זיך

אָפּגעשפּילט פאַר זייערע אויגן ניט אַ קאָמישער פּיים חו"ש, נאָר אַ טראַגישע ליבע, רחמנא ליצלן.

דו קענסט מיך אייגנטלעך ניט, לעזער, דו ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ מין חיה איך בין און וואָס איך וויל פון דיר. איך האָב, אַלזאָ, די ערע זיך פאָרצושטעלן: איך בין אַן אָפּנהאַרציקער מענטש, וואָס אויפן לונג, דאָס אויף דער צונג. איך וויל פאַר דיר שרייבן הומאָריסטישע, סאַטירישע אַרטיקלען, וויצלדיק און קיצלדיק, פּוסט און מיט געשמאַק, איבער אַלץ און איבער גאָרנישט, צוזאַמענגעשטעלט פון די אינטערעסאַנטסטע געשעענישן און דערשיינונגען אין אונזער קלוג וועלטל, — דערשיינונגען, וועלכע ליגן דיר אַפילו אין דער לינקער פּאה ניט. קורץ, אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס זאָלן אין זיך האָבן עפּעס אַ קערנדל, אַן עיקר, אַ פּרינציפּ, אַ מוסר השכל, ווי די שיינע קאָלירן פון אַ זייפנבלאָז...

איך ווייס, וואָס דער עולם פאַרלאַנגט פון אַ הומאָריסט. מען וויל, ער זאָל זיין אַ רואה ואינו נראה, אַ זע מיך און רוף מיך נישט, אַ מין פּאַיאַץ, אַ קאָמעדיאַנט, וואָס שפּרינגט אַריין אין בוזים, מאַכט אַ קונציקע איבערקערעניש, אַ האַזנשפּרונג, דרייט זיך דורך דורכן לונג־און־לעבער און שמעקט אַרויס אַ צונג נאָר פון דער פּאַטעלניצע. „הך הכפתור וירעשו הספים" — שנעל אין נאָז, אַז די פליגן זאָלן צעפליען, דאַרף זיין דער פּרינציפּ פון אַזאַ שרייבער. איך זאָג אַלזאָ פאָרויס, אַז איך בין טאַקע דאָס און דאָך ניט דאָס. איך וויל ווייזן, אַז ניט אַלץ איז גאָלד, וואָס גלאַנצט, אַז עס זיינען דאָ ז י ס ע בוריקעס, אַז אין כשר'ע נשמות זיינען אויך דאָ ווערים און אַז צווישן ווערים זיינען אויך דאָ לייכטנדע גייסטער; אַז אין לאַכן גיסן זיך אויך טרערן און אַז מער ווי איין קרעכץ קלינגט ווי אַ סקריפּ פון אַ ניט געשמירטן ראָד; אַז אונזער וועלט מיט איר גאַנצן האַק און פּאַק איז אַ טראַגי־קאָמיש שטיק און מיר, אירע אַקטיאָרן, שפּילן ניט תמיד גלענצנדיק אונזערע ראָלן. — נו, איצט פאַרשטייסטו שוין, מיין ליבהאַרציקער? איך קאָן וועטן, אַז נאָך אַלץ ניט. ווייס זשע אַלזאָ, אַז דאָס איז מיין גאַנצע כונה, — זע מיך און כאַפּ מיך נישט!

צום אומגליק אָבער וויל איך אָנהויבן, אָדער איך הויב טאַקע אָן מיינע פּלוידערייען גראָד אין אַזאַ טרויעריקער צייט, ווען דאָס קיל ווינטל הויבט אונז אָן צו דערמאָנען, אַז דער ליבער זומער איז שוין אַוועק און די אָרעמע קינדערלעך וועלן מער ניט האָבן דאָס פאַרגעניגן זיך צו וואַלגערן אין דעם עפּוש'דיקן שמוץ דרויסן, נאָר וועלן מוזן באַגראָבן זיך אין די ווינקעלעך פון די הייזער, כדי ניט פאַרפרוירן צו ווערן פון דער אומדערבאַרמלעכער ווינטער־קעלט. די בלעטער אויף די בוימער הויבן אָן געל ווערן און וועלן באַלד אויך אַראָפּפאַלן, און וואו מען גייט און וואו מען שטייט הערט מען דעם טרויעריקן „כבקרת רועה עדרו", דאָס סטראַיען זיך פון די חזנים מיט די משוררים צום יום הדין, ווען אפילו די מלאכים כאַפּט אָן אַ חיל ורעדה... אַט טאַראַבאַמקעט ביי מיר אונטערן אויער אַ בעל תפלה מיט אַ באַנומענעם קול פון דער אונטערשטער ריפּ אַ „וכל מאמינים" און גלייך נאָך אים ווערט אַ גאַנצע „יעלה" פון די משוררים. דער באַס ברילט, ווי אַן אָקס פאַר דער שחיטה; דער טענאָר ברומט; דער אַלטיסט רייסט דעם גאָרגל און דער סאָפּראַנער קוויטשעט, ווי אַ נערה שנתפתתה... איך האָב בטבע האָלט נגינה. ווען איך הער אַמאָל, ווי אַ זינגער, און ווער רעדט נאָך ווען אַ זינגערין הויבט אָן צעגיסן זיך אין גאָרגל־שטיק, צעלאָזן זיך שטאַפּלוויז, פּיאַניסימאָ, לאַנגזאַם, אַרונטער, — דאַן צעגייט ביי מיר דאָס האַרץ און איך וואָלט וועלן, דוכט זיך, אַריינשפּרינגען נאַקעטערהייט אין זיין אָדער איר האַלז און באָדן זיך אין די טרעלן, ווי די מנגנים רופן עס. אָבער דאָס אומגליק איז, אַז ווי איך דערהער נאָר דעם „וכל מאמינים" געפינען זיך ביי מיר גאָר אַנדערע געדאַנקען...

איר ווייסט אפשר ניט וועגן דעם רושם, וואָס דער גוי'־אישער אפיקורס אינגערסאָל האָט איצט געמאַכט אין דער ליטעראַרישער, רעליגיעזער און פּאָליטישער וועלט מיט זיין אַרטיקל איבער זעלבסטמאָרד? אַט נאָט אייך אַ שיינעם „וכל מאמינים". עס שטייט, דוכט זיך, בפירוש: „ושמרתם את נפשותיכם" — היט אייער שקורע! אַ מצות עשה, און ער

דער כופר בעיקר אינגערסאָל, זאָגט, אַז אַן אָרעמאַן, ביי וועמען די נשמה קריכט ניט אַזוי גיך אַרויס, האָט אַ רעכט אַליין זי אַרויסצוקוועטשן פון זיך. איך זאָג אייך דעם רעכטן אמת, אַז איך וויל זיך פּערזענלעך אין דעם דיספּוט ניט אַריינמישן. עס קען זיין, אַז אַן אומגליקלעכער האָט אַ רעכט גיכער צו נעמען זיך דאָס לעבן, איידער אַנצורירן, חס ושלום, י ע נ ע ם ס און בלייבן לעבן. איך זאָג אָבער מיינס: נאַרעלע, לייג בעסער אָפּ אויף מאָרגן. נישקשה, עס וועט ניט פאַרלאָרן גיין. „הרבה שלוחים למקום" — עס זיינען דאָ גענוג אַנשיקענישן אויף דער וועלט: כאָלעריע, מלחמות, סטרייקס, צוזאַמענשטויסן. די געזעלשאַפט האָט גענוג אָנגעשאַפט מיטלען, אַז אָרעמעלייט זאָלן פּריצייטיק פּטור ווערן פון זייער אומגליקלעכן לעבן.

שטעלט זיך נאָר פאָר, וויפיל אומגליקלעכע טשינג־טשאַנג־טשאַנגעס עס האָבן איצט די מעגלעכקייט פּטור צו ווערן פון זייער לאַנגצעפּיקן לעבן, דורך דער מלחמה פון די יאַפּאַנעזער מיט די כינעזער אין קאָרעאַ. אַ קנאַל פון אַ טאָרפּעדאָ לייגט אַוועק טויזנטער לאַנגצעפּיקע און פּלאַטשיק־נעזיקע דזשאַנג־לינג־גאַנגעס און די ציוויליזירטע וועלט קלייבט נחת. יאַפּאַן איז ציוויליזירט און איר נצחון איבער כינאַ וועט אויך זיין אַ נצחון פאַר דער ציוויליזאַציע. שרייט־זשע, ברידער, אין כאָר: וכל מאמינים, — עס לעבע די ציוויליזאַציע!

זעט איר, די כאָלעריע, וועלכע קוילעט איצט אויס טויזנטער אָרעמעלייט אין רוסלאַנד און אין אַנדערע טיילן פון אייראָפּע, איז שוין ניט נאָכן געשמאַק פון דער ציוויליזאַציע. זי וויל עס נישט. דער רוסישער צאַר איז גאָר שטאַרק ברוגז אויף זיין קאָנקורענטקע, קעניגין כאָלעריע. דער דייטשער ווילהעלם האָט זאָגאַר געהאַט אויף עטלעכע מינוט אַ געשפּרעך מיט פּראָפעסאָר ק אָ ך וועגן כאָלעריע, אָבער ביי קאָכ'ן האָט זיך נאָך די תרופה ניט אויסגעקאָכט. און וואָס קען ער העלפן? כאָלעריע קומט, זאָגט מען, פון שמוץ, פון אומריינקייט, פון אָרעמקייט, פון ענגשאַפט, פון שלעכטע שפּייז, פון דער גאַנצער שטינקעריי, וואָס רייכקייט פון איין זייט וואַרפט צו דער אָרעמקייט אויף

דער אנדער זייט. נו, וואָס קען דאָ קאָך טאָן? רייך און אָרים איז פונקט אזוי גויטווענדיק פאַר דער וועלט, ווי די מלחמה פון יאַפּאַן מיט כינא פאַר דער ציוויליזאַציע, ווי דער אור־אייניקל פון קעניגין וויקטאָריא, וועלכער איז נאָר וואָס געבוירן געוואָרן, פאַרן ענגלישן פּאַרלאַמענט; ווי דער הונגער פון די פולמאַן־ארבעטער פאַר דעם שידוך, וואָס פולמאַנ'ס טאָכטער האָט געטאָן מיט אַן עסטרייכישן פּרינצלעכן כל־בו'ניק, מיט אַ פאַרפוילטן גוף און אַ מאַיעסטעטישער נשמה. איך האָב נאָך געוואָלט זאָגן ווי דער טאַריף־ביל פאַר דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. איך וויל אָבער אין פּאָליטיק ניט קריכן. —

צו זיין אַ גוטער פּאָליטיקער היינטיקע צייטן איז זייער שווער. וואָס דאַרף מען, דוכט זיך, אַ בעסערן פּאָליטישן שפּיצל, ווי קליוולאַנד דער גראָבער האָט אָפּגעטאָן? הערט מיט קאָפּ: דער אמעריקאַנישער אייזל מיט לאַנגע אויערן אָדער, ווי אַנדערע רופן עס, דאָס אמעריקאַנישע פאָלק איז געווען איינגעגלויבט, אַז די רעפּובליקאַנער מלוכה, מיט העריסאָנ'ען אין שפּיץ, האָבן פאַרוראַזאַכט דעם גאַנצן שטילשטאַנד אין האַנדל, און דאָס האָט געגעבן אַ טויטקלאַפּ דער אינדוסטריע, דערפון איז ארויסגעקומען ארבעטסלאָזיקייט, די פאַרקלענערונג פון ווידזשעס און די אַלגע־מיינע גרויסע צרות, וועלכע הערשן צווישן די ארבעטער. הבה נתחכמה! האָט זיך דער אייזל געזאָגט, גענוג רעפּובליקאַנער! בייט אוים די שמאַטע אויף אַן אַניצע. „הורריי פאַר קליוולאַנד! טהרי טשירס פאַר גראָווער! העריסאָן איז אין דהי סופּ!"

אָט איז שוין אַ יאָר, ווי די דעמאָקראַטן פירן דאָס רעדל, כדי צו ראַטעווען דאָס פאָלק פון דער שרעקלעכער לאַגע. אַ יאָר האָט מען דיסקוטירט און דער אייזל האָט אָנגעשטעלט די גאַנצע צייט זיינע אויערן, אויסגעגלאָצט זיינע אויגן און געהאַפט אויף דער ישועה. צום סוף האָט מען זיך דערוואַרט. וואָס? פרעגט מיך בחרם. איר ווייסט ניט? איך ווייס אויך ניט! די פּאָליטיקער ווייסן אָבער גאַנץ גוט. זיי ווייסן, אַז די צרות וואַקסן גאָר פון אַן אנדער זייט, ניט פון קיין טאַריף־ביל, ניט פון „פרי־טרייד" און ניט פון „פּראָטעקשאָן". וואָס־זשע טוט מען, אַז

די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי זאָל ניט פאַרלירן איר חן ביי דעם עולם? דער טאַריף־ביל איז טאַקע דורכגעגאַנגען, דאָס איז אָבער נאַרנישט. דער טאַריף־ביל, דאָס איז נאָר א רוח, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר א בעל שם, און די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז נאָר קעגן דעם. איצט וועט צו די עלעקשאָנס גיין דערזעלבער טאַנץ מיטן אייזל, ווי אַלעמאָל. די רעפּובליקאַנער וועלן ווייזן, אַזוי ווי 2 מאָל 2 איז א נעכטיקער טאָג, אַז די דעמאָקראַטן קענען ניט ברענגען די ישועה, — „ענד איף יו וויל עסק מי וואַי? איי וויל טעל יו, ביקאָס!" — און די דעמאָקראַטן וועלן טענה'ן, אַז די ריכטיקע ישועה ליגט טאַקע אין דעם אמת'ן טאַריף־ביל, וועלכן זיי וועלן דורכפירן, ווען מען וועט שטימען פאַר זיי: והא ראיה, קעגן דעם פאַלשן טאַריף־ביל האָט טאַקע גראָ־ווער אַליין פּראָטעסטירט. נו, גיי היינטיקע צייטן און זיי מיר א פּאָליטיקער. שרייט־זשע, קינדער, רייסט דעם גאָרגל: איי! וכל מאמינים, — עס לעבע די פּאָליטיק!

עס וואָלט זיך נאָר וועלן, אויף טשיקאַוועס, די ווייבער זאָלן שוין וואוטן. ווי פאַרט וועלן זיי אויסנוצן דעם שטימקאַסטן? עס וואָלט זיך פּשוט וועלן זען, ווי עס זעט אויס א וואוטנדע פרויענצימער, א וויטנדע נקבה (זעצער, פאַרדאַרבט מיר ניט דעם עסק! א וויטנדע, ניט א וואוטנדע). אַלזאָ, א וויטנדע נקבה, זאָגט מען, איז געפערלעך, אָבער נאָך מיין מיינונג קען פון א וואוטנדע פרויענצימער אויך אַרויסקומען א גרויסער מישמאַש, און פון צוזאַמענמישן אַן „ער" מיט א „זי" קען זייער אָפט עפּעס אַרויסשפּרינגען, יו נאָו!... נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, בין איך נאָר נייגעריג צו זען, ווי ווייבער קענען שטימען. ווי קען שטימען, צום ביישפּיל, א שנור מיט א שוויגער? עס איז זייער אינטע־רעסאַנט! איך זאָג אייך, אַז עס וועט זיכער ווערן דאַן א מעטאַ־מאָרפאָזע אין דער פּאָליטיק. עס איז דאָך, פון איין זייט, ידוע לכל, אַז „נשים דעתן קלות". ווייבער האָבן ווייכע הערצער. דאָס איז א פאַקט, וואָס מען קען ניט אָפּליי־קענען. פון דער אַנדער זייט קען אָבער א שיינע פרויענצימער

פארפירן אונזערע מענער זייער לייכט. וועלכער מאנספערזאָן וועט עס ניט וועלן קריגן א זיס חנ׳דעלע פון א שיינער נקבה פאר א וואוט פון איר פארטיי וועגן? עס איז דאָך ניט ערגער פון קריגן א שנאַפּס פאר א וואוט, אָדער א פּאָר צעפּוילטע אייער מיט א גלאָז זויערע ביר, וואָס יעדער פּאָליטישן־סאלונקיפּער גיט! — מיר געפעלט אָם בעסטן די מיינונג פון א סענאַטאָר וועגן דער אגיטאציע פאר „ווימען־סאפרעדזש". אָנשטאָט ערנסטע ארגומענטן — זאָגט דער סענאַטאָר — וואָלטן די ווייבער גיכער אויספירן, ווען זיי וואָלטן אויסקלייבן די שענסטע פון צווישן זיך און ז י י זאָלן פארלאנגען שטימרעכט. די ווייבלעכקייט קען בעסער ווירקן אויפן שכל פון די מענער, איידער די ווייבערשע ארגומענטן.

נו זאָגט, איז ער ניט גערעכט? ער מוז זיין א געניטער כל־בו׳ניק, א „סמארטער" קערל. ער ווייסט, אז ארגומענטן העלפן ניט אין היינטיקער וועלט, א פשיטא שוין אין פּאָליטישן וועלטל. דאָס איז א מין וועלטל, וואָס לעבט פון אתנן זונה ומחיר כלב... איך שטעל אונזערע פּאָליטישע פארטייען אלס עדות, אויב איר גלויבט מיר ניט. —

טאָ שרייט־זשע, קינדער: „וכל מאמינים" — עס לעבע אונזער קלוגע וועלט, הוריי פאר פּאָליטיק!

(„יודישער טעגליכער העראָלד", סעפּט. 3, 1894)

## 2. מאַרך־קיצלעריי און האַרץ־קלאַפּעריי

האָט קיין פאריבל ניט, קינדערלעך, וואָס איך האָב אייך ניט געפלוידערט פאראכטאָגן, — איר האָט ווירקלעך געהאַט גענוג די ארבעט א גאנצע וואָך. א קלייניקייט אביסל, פאר די גאנצע עשרת ימי תשובה! דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס אין מיינע פלוידערייען איז דאָ א מאַרך־קיצלעריי און אין יענע, אין

אייערע, אַ האַרץ־קלאַפּעריי. איר האָט גענוג צו זאָגן, צו שלאָגן און צו קלאָגן פאַר חטאים, וואָס איר האָט געהאַט אין זינען, און פאַר אַזעלכע, וועלכע איר האָט גאָר קיינמאָל אין זינען ניט געהאַט; פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גע׳חלום׳ט אייער עלטער־באָבען, און פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן זיך איר אייגנטלעך געקענט חלום׳ען און האָבן זיך אָבער ניט גע׳חלום׳ט. קורץ, פאַר אַלץ, וואָס די ווילדע פאַנטאַזיע פון אַ קראַנקן געהירן האָט געקענט פּראָדוצירן.

און ועל כולם האָט איר אַ פאַרבייסן: לייג זיך, דו זינדיקער מענטשן־אייזל, מיטן צלם אלהים אַראָפּ גאָר אָן פּאַריבל. לאָז זיך אַריינציילן אחת ושתים און באַצאָל נאָך פאַר די שמיץ. שריי מיט די לעצטע כּוחות: „לשנה הבאה בירושלים!״ און לויף אַרויסנעמען די סיטיזן־פּייפּערס, כּדי צו כאַפּן אַ פּאָר טאָלער פאַר אַ וואוט אין חוץ לאַריץ... אָן אַפּיקומעניש זאָל עס נאָר זיין!

זעט איר, איך האָב אָנגעהויבן ריידן פון די זויערע טעג און בין פאַרקראָכן אין וואוטן און פּאָליטיק. דאָס איז שוין אַזאַ פּעסט, אַזאַ שוואַכקייט, אַ וועלט־קראַנקהייט, רחמנא ליצלן. גאַנץ אַנשטענדיקע מענטשן זיינען דערפון איצט אָנגעשטעקט געוואָרן. און ווי ווערט מען ניט פאַרריקט, אַז אויף אַלע גאַסן־ווינקלען, אין אַלע סאַלונס און אין נאָך פריילעכערע ערטער, על כל גבעה גבוהה, וואו נאָר אַ בערגעלע מיסט, דאָרט קישעט עס מיט פּאָלי־טישע מיקראָבן! כאַפּט אָן אַ לייט־אַרטיקל פון אַ צייטונג, גלייך הויבט זיך אָן: „דער פּאָליטישער הימל איז פאַרוואָלקנט, די פּאָליטישע וועלט איז איבעראַשט געוואָרן, די פּאָליטישע קאָנפע־רענץ האָט באַשלאָסן״. עס איז אַ וועלט, וואָס אָטעמט מיט פּאָליטיק. האָט צאַר אַלעקסאַנדער געקראָגן נירן־קראַנקהייט, — אהא, עס איז שוין דאָ אַ זאַץ ווי געשמירט: „אַ פּאָליטישער וואָלקן באַדעקט דעם רוסישן הימל״, א. א. וו. — דאָס גאַנצע לעבן און שטרעבן, האַנדל און וואַנדל, דאַרבן און שטאַרבן, לאַכן און קראַכן פון די מיליאָנען אומפּאָליטישע מענטשן־קינדער ווערט גאָר ניט גענומען אין באַטראַכט.

פאַרדאָן, איך האָב זיך פאַרפילאָזאָפירט און האָב גאָר

פארגעסן, אז עס קען פאסירן, איר זאָלט מיך גאָר ניט פארשטיין. אַלזאָ, דער רוסישער הימל איז פארצויגן מיט אַ וואָלקן, דאָס הייסט, עס האַלט דערביי, אַז די רוסן זאָלן אָנשטאָט אַ מושל מיט אַ הארטן קאָפּ און קראַנקע נירן, האָבן אינגיכן אַ מושל מיט אַ ווייכן קאָפּ און קראַנקע געהירן. ס'איז דאָס אַלטע שפּיל פון דער וועלט־געשיכטע: הארטלייביקייט און ווייכזיניקייט, דומהייט און פרעכהייט, פוסטקייט און פארשטאָפּטקייט וועקסלען זיך אין אַ שטענדיקן טאַנץ איינע מיט די אַנדערע, און דער עולם וויינט און לאַכט, אָכצעט און פרייט זיך, קרעכצט און האָט הנאָה, ליבט און שלאָגט, קייט און שפּייט, שטומט און שרייט — פרעגט זיי בחרם, וואָס דאָס באַטייט!

אַן אייביק טראַגי־קאָמיש שפּיל, ווירקלעך. היום הרת עולם, — די וועלט איז תמיד טראָגעדיק און איר קענט יעדן טאָג דערוואַרטן, זי זאָל ארויסוואַרפן אַן אַנדער מין שווינעריי. אָט נאָט אייך אַ מעשה: אינם לאַנד פון די דייטשוקעס איז ביסמאַרק ווידער אַקראָבאַט אויף דער פּאָליטישער אַרענע. (איך רעד דאָ בלשון הפּאָליטישים).

שטעלט זיך פאָר, אַ לאַנגע צייט האָט אָט דער אַלטער שפּין מיט אַ גלאַטן קאָפּ און פינסטערער נשמה געפּלאָנטערט די פּאָליטישע שפּינוועבעכץ פון גאַנץ אייראָפּע. מען האָט גערעכנט, אַז די וועלט וואָלט, חס ושלום, אונטערגיין אָן זיינע פּאָליטישע איינפאַלן. די וועלדער וואָלטן געוואָרן ים'ען, די שטעט וואָלטן פארוואַנדלט געוואָרן אין מדבריות, דער לויתן וואָלט ארויסגעלאָזט דעם עק פון מויל און עס וואָלט געוואָרן אַ תוהו ובוהו. און וואָס נאָך ערגער: אַ פראַנצויז וואָלט געוואָרן אַ האַלבער פּאָניע, אַ דייטש וואָלט אויפגעהערט פיינט האָבן פראַנצויזן, און דער טייוול ווייסט, וואָס עס וואָלט געוואָרן, ווען ניט זיין גאונות'דיקער קאָפּ.

ויהי היום, און ווילהעלם שיגעץ אין יונקערסקע הויזן פון גאָט'ס חסדים האָט גענומען די לייצעס פון דער דייטשקעשער ממשלה אין זיינע הענט און האָט אָנגעהויבן וואָיעווען גאָר אויף אַן אַנדער מין שטייגער. די פּאָליטיקער רופן עס „נייער קורס".

ער האָט אפילו פון זיך געמאַכט חוזק בשעתו, זיך געדרייט אויפן קנאַפּל, איינגעפּירט נייע האַף־טענץ. ער האָט פאַרפאַסט פּאָעטישע בייסעניש און מוזיקאַלישע קראַצעניש, האָט געהאַלטן דרשות, אַז פיר עקן האָט אַ שטעקן, און האָט געקנייטשט פון זיך אַ קעניגלעכן פּאַיאַץ. די וועלט איז ניט אונטערגעגאַנגען, די דייטשן זיינען ניט קליגער געוואָרן און דער מאָנאַרכיזם איז, חס ושלום, ניט מיאוס'ער געוואָרן. מיכל איז געווען מיכל און בלייבט מיכל.

דער גייסט פון דער צייט שטאַרקט זיך אָבער, גאַנץ ענגאַל ווער עס זאָל זיך ניט שפּילן די ראָלע פון הערשער, אַ ווילהעלם פּאַיאַץ אָדער אַ פרידריך שוואַץ. און אָט פאַר די עטלעכע קלאָרע דייטשן דאַרף מען האָבן אַלטע בייטשן. היינט לייענט אביסל, ווי מען האָט זיך דאָס דערפרייט מיט דעם, וואָס ווילהעלם טאַנצט מיט ביסמאַרק'ן אַן אַלט־קורסישן קאַזאַטשאָק. ביסמאַרק איז ווידער דער וועלט־חכם, דער פּאָליטישער גאון, און שטעלט זיך פאָר, די פּראָפעסאָרן ציטירן אין זייערע וויסנשאַפטלעכע לעקציעס זיינע גאונות'דיקע ווערטער, און מיכל האָט אויסגע־שטעלט אַ פּאָר לאַנגע אויערן און קוקט ווי אַ יאָלופּ. ער האָט זיך אויך דערשראָקן, וואָס אַן אונטער־אָפיציר האָט אויסגעשריען: „עס לעבע די אַנאַרכיע!" און וואָס די פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן זינגען זייער מה־יפית „יעשצע פּאָלשאַ ניע סגינעלאַ".

אָט דאָס האָט דאָך געשריען דער אַלטער בן אמוץ: „השמן לב העם", ווי פאַרגרעבט איז דאָס פאָלק! קען מיכל לעבן, קען ער עס אַריבערטראָגן ער זאָל ניט האָבן קיין מושל איבער זיך, קיין שטייערן, קיין מיליטער־פליכטן, ניט מקריב צו זיין זיינע בעסטע קינדער צו דעם רצון פון יעדן שאַרלאַטאַן?

איך זאָג דאָס אייך אַנטקעגן דעם, ווי מען קען ניט וויסן, וואָס די וועלט וועט מאָרגן מפּיל זיין... וואָלט זיך עס ווען עס איז חלומ'ען דעם דיקן לואי פיליפּ, אַז די געטלעכע מאָנקי אין רוים וועט אין גאָט'ס נאָמען זידלען זיין איינינקל פאַר דער לעגיטימיסטישער אַגיטאַציע אין פראַנקרייך? לאַגיש גענומען, אָבער, איז די מאָנקי גערעכט. עס איז געווען אַ טעות, ווען מען

האָט געמיינט, אַז אין אַ רעפּובליק הויבן אָן די מענטשן פרייער צו דענקען, ווי אונטער אַ מאָנאַרכיע. עס הויבט זיך ניט אָן! אדרבה, זאָל דער עולם מיינען, אַז ער איז פּטור געוואָרן פון דעם גרויסן „המלך", ער וועט נאָך בעסער זינגען דעם „והכהנים". אפילו אַביסל הייזעריקלעך, אָבער דאָך בנעימות, מיט די לעצטע כוחות. און דערצו אין אמת'ן גערעדט, פעלט דאָך טאַקע מער ניט ווי דער גרויסער „המלך". די קליינינקע אותיות זיינען נאָך געבליבן מיט די שטייערן, מיט די אָפּצאָלונגען, מיט דער סאָל־דאַטשינע, מיט ליב־פאָטערלאַנד, און דאָס פאָדערט שוין מיט זיך אַ „והכהנים", מיט אַ „חזה התנופה", מיט אַ „שוק הימין" און מיט דעם גאַנצן האָקוס פּאָקוס בקדם.

(„יודישער טעגליכער העראָלד", אָקט. 9, 1894)

## 3. נייער מאָטיוו פון אַלטן „והכהנים"

איך זאָג אייך פאַראויס, אַז מיינע פּלוידערייען האָבן זיך דאָס מאָל אַביסל פאַרשפּעטיקט, אָבער יעדנפאַלס ניט אויף אַזויפיל, אויף וויפיל אונזערע גאַנצע עשרת ימי תשובה ביזנעס. אין מיינע פּלוידערייען קען בלויז זיין אַן אונטערשיד אין אַ וואָך; פאַראַכטאָגן וואָלטן זיי זיך בעסער געפּאַסט, ווי היינטיקע וואָך. ביי אונז אָבער — הוטא, ווי ווייט! דאָ האַלט מען שוין גאָר אין אלף הששי: דאַמף איינגעשאַפט, עלעקטריציטעט דערפונדן, מען רעדט שוין דורך אַ טעלעפאָן, און מיר דרייען נאָך אַלץ דעם כפרה־האָן. יאָ, ברידער, דאָס הייסט פאַרשפּעטיקט זיך אויף הונדערטער יאָרן. עס איז מער ניט צו פאַרדאַנקען דעם געשעפטס־פּרינציפּ, וואָס שטעקט אין אָט־די אַלע מחזקות, אַז מען רעכנט זיי נאָך אַלץ פּאַסנדיק פאַר אונזער צייט. ווען ניט דאָס, וואָלט עס אַלץ שוין לאַנג געווען כצל עובר, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן. איך וויל גאָר אייך פּלוידערן וועגן דעם נייעם מאָטיוו פונם אַלטן „והכהנים".

דאָס איז ניט דער אַלטער סקאַרבאָווער ניגון: דער „איי־איי־איי!”, און ניט אַזוי שטאַרק, ניט אַזוי רייסנד־מאַוים׳דיק. אָבער אין תוך גענומען האָט ער דיזעלבע באַדייטונג, דעם זעל־ביקן צוועק און שטיצט זיך אויף דער מענטשלעכער רומהייט. אָבער ניי־מאָדנע איז ער, פּאַסנדיק צו דער צייט, איך מיין צו די ביזנעס־פּרינציפּן פון אונזער צייט. ניט חו״ש צו דעם פּאָרטשריט, צום פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. ניין, דאָס איז עפּעס גאָר אַ זייטיקער וועג, און איך וויים ניט, ווי די קינפטיקע היסטאָריקער וועלן באַצייכענען אַזאַ קער אין דער געשיכטע. מיר זיינען ביז אהער תמיד געוואוינט געווען צו שאַצן די טאַטן און דערשיינונגען אין דער געזעלשאַפט, לויט זייער ריקשריט־לעכער אָדער פּאָרטשריטלעכער ווענדונג. אָבער אַ קער גאָר אין דער לינקער זייט, אין מערבית־צפונית, אָדער ווי אַ תלמוד׳יסט וואָלט זאָגן: „שלא בדרא דאונא”, דאָס איז גאָר עפּעס אַ שפּאָגל־נייע ווענדונג אין דער געשיכטע פון מענטשלעכער רומהייט און פרעכהייט.

איך רעד דאָ וועגן דעם פּאָליטיש־רעליגיעזן און קאָמער־ציעלן פּראָיעקט, וואָס ווערט פארהאנדלט צווישן וואַטיקאַן און קווירינאַל אָדער, פּראָסט גערעדט, וועגן דעם מסחר, וואָס מען דערוואַרט זאָל פּאָרקומען צווישן דער קאַטוילישער קירכע, מיטן פּאַפּסט אין שפּיץ, און דער איטאַליענישער רעגירונג, מיט קריספּי׳ן ביים רודער. די קאַטוילישע קירכע וויל צוריקקריגן רוים. קאַטאָליציזם אָן רוים איז ווי מחמד׳אַניזם אָן מעקאַ, ווי אידיש־קייט אָן ירושלים. רוים איז דאָס וויגעלע פונם קאַטאָליציזם, און ווי קען אַזאַ קינד, וואָס נייטיקט זיך נאָך אין אַ „דייפּער” (וויקעלע), מיט רעספּעקט צו מעלדן, אויסקומען אָן אַ וויגעלע? — ווי אַזוי קריגט מען אָבער רוים צוריק? מיט תפלות דורכמאַכן דאָס קען מען ניט, זינט דער וועלטלעכער שווערד האָט זיך געוויזן שטאַרקער פון די קירכלעכע תפלות. מיטן שווערד נעמען קען מען אויך ניט, זינט די וועלטלעכע הערשאַפט האָט זיך גענומען דעם שווערד און האָט פאַר דער קירכע איבערגעלאָזט בלויז תפלות. — וואָס־זשע בלייבט צו טאָן? נו, האָט זיך אָבער,

צו פארדאנקען אונזער פארטשריט, אנטוויקלט נאך א מאכט אין דער וועלט, א מאכט, וועלכע אין דער איצטיקער שטופע פון אנטוויקלונג שטינקט שטארקער פון סאלדאטסקן פולווער און רעליגיעזן ווייררוך, — אט־די מאכט איז ג ע ל ט. וואס דער פאפסט קען ניט אויפטאן מיט זיין געטלעכן פנים, וואס דער צאר קען ניט אויספירן מיט זיינע בורלאצקע יונים, קען ראטשילד דורכמאכן מיט זיינע כשר'ע מזומנים. —

„איך קען פילעס רויבן, זאגט דער שווערד,
איך קען אלעס קויפן, זאגט דאס געלט."

מיט אט־דער מאכט וויל זיך דאס באנוצן די קאטוילישע קירכע. זי וויל שאפן געלט געגוג, כדי אפצוקויפן רוים פון דער איטאליענישער רעגירונג. די רעגירונג פון איטאליע ליגט אין געהאקטע וואונדן. דאס פאלק הונגערט, די שטייערן קענען ניט איינגעקאסירט ווערן, די רעגירונגס־קאסע איז נאענט פון באנקראט, און עס האלט דערביי, אז דער מסחר זאל דורכגיין. אויף אזא אופן וועט צוריק אויפגעריכט ווערן דער פאפסטום אלס וועלטלעך־רעליגיעזע מאכט.

די סומע, וואס מען דארף באצאלן פאר רוים, איז אפילו אן אומגעהייערע; ווען איך זאל זי אויסשטעלן אין ציפערן, בין איך זיכער, אז אפילו דער רייכסטער קאסטימער־פעדלער, צווישן אייך, וועט זי ניט קענען באנעמען. אבער גאט האט געהאלפן די גלחים. ווי זאגט דאס דארטן דער פסוק: „ומותר האדם מן הבהמה אין" — דער מענטש איז דאך אייגנטלעך ניט מער ווי אן אקס, און די קירכע קען אים שינדן אזוי גוט, ווי דער שטאט... אן עליה'לע, מחצית השקל, פעטערס גראשן, א. א. וו., א. א. וו. „הרבה שלוחים למקום" — געגוג אזעלכע אנשיקענישן זיינען דא ב"ה. די אמעריקאנער גייסטלעכע נעמען זיך אן אליין צו שאפן א באדייטנדן טייל פון דער גרויסער סומע.

טאמער וועט די קירכע זיין אביסל צו קורץ אין געלט, קען מען מאכן א זיכערע הלואה אויף די רעליגיעזע איינקונפטן, אזוי ווי יעדע רעגירונג מאכט הלואות אויף אירע הכנסות. מען

וועט ארויסלאָזן אויף דער בערזן־וועלט דעם גאַנצן רעליגיעזן סטאָק: יעזואיטישע אַקציעס, קאַפּוצינער קופּאָנס, דאָמיניקאַנער באָנדס, פראַנציסקאַנער שערס, דריי־איינקייט סעקיוריטיס, סט. פּעטערס סערטיפיקייטס, עולם־הבא־גאַראַנטיעס און ענלעכע ווערט־פּאַפּירן. קורץ, עס וועט זיך עפענען א נייער קוואַל, ניי בלוט וועט אַפּלעבן אונזער בערזן־וועלט. אַז די האַנדלס־וועלט וועט צוכאַפּן אַזעלכע ווערט־פּאַפּירן ווי מצה־וואַסער, איז ביי מיר קיין שום ספק ניט. האָבן זיך דען ניט פאַרקויפט אַמאָל קאַטוי־לישע סליחה־קוויטונגען און מחילה־צעטעלעך? מען האָט ניט בלויז געקענט קויפן מחילה פאַר אַמאָליקע אָפּגעטאָנענע עבירות, נאָר אפילו סליחה על להבא. געקויפט א סליחה, און דערנאָך — זינדיק אויף וואָס די וועלט שטייט! אך, ווען אונזער וועלט וואָלט איצט פאַרמעגן אַזעלכע גאָלדענע ווערט־פּאַפּירן!...

יאָ, איך בין זיכער, אַז די האַנדלס־וועלט וועט אויפנעמען אַזאַ סטאָק בשמחה. באַנוצט זי זיך איצט ניט מיט אַלערליי דומהייטן פונם עולם, כדי געלט צו מאַכן? איז דער ביזנעס־פּרינציפּ, די שאַכערמאַכעריי ניט געוואָרן די הויפּט אייגנשאַפט פון אונזער לעבן? זיינען מיר ניט ביזנעס־מאַכער, ווי עפנטלעך אַזוי אויך פּריוואַט, ווי אין דער געזעלשאַפט אַזוי אויך אין דער פאַמיליע, ווי אין דער פּאָליטיק אַזוי אויך אין דער רעליגיע? ווערט מען ניט א סענאַטאָר פאַר כלאַחר־יד ביזנעס? ווערט מען ניט א פּריסטער, כדי א לעבן צו מאַכן? האָט מען ניט חתונה, כדי א געשעפט צו עפענען? ווערט מען ניט א רעווערענד, א מוהל... וואָרט, וואוהין בין איך פאַרקראָכן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דאָס איז געווען א חלום. זעט איר, איך בין געזעסן שפּעט ביינאַכט און געשריבן די אויבערשטע צייל, און ווען מיין פעדער איז פאַרקראָכן ניט וואוהין עס פּאַסט, האָב איך זי אוועקגעלייגט און זיך געזאָגט: דער פרימאָרגן איז קליגער ווי די נאַכט, אפשר וועלן מאָרגן מיינע געדאַנקען קלערער ווערן. איך האָב זיך געלייגט שלאָפן אונטער דעם דרוק פון מיין אויבער־שטער פּלוידעריי און האָב געזען א מערקווירדיקן חלום.

איך ווייס ניט זיכער, ווער אָדער וואָס דאָס איז געווען, עפּעס ניט גאָר אַ מלאך, ניט גאָר אַ שד, אָבער איך געדענק קלאָר, אַז דאָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון דער רייסעס־יאַכט „וואַלקירי די דריטע", נאָר אַנשטאָט זעגלען האָט עס געהאַט משונה'דיק ווייסע פליגלען און עס האָט מיך געטראָגן אויף זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ איבער טייכן און ימ'ען. איך האָב זיך דערזען מיט איינמאָל אין ר ו י ם. אַ טומל, אַ געדרענג, אַ יובל־געשריי, אַ שטויסעריי, אַ פלוכן, אַ ענגעניש ביז צום דערשטיקט ווערן האָבן מיך געטראָגן, ווי די כוואַליעס פונם רווישנדיקן ים, און דאָס אַלץ איז מיט מיר אריינגעשוואומען אין אַן אומגעהייערער געביידע, וואו עס איז געווען אַ גרויסער עולם, אַן ערב רב פון פאַרשידענע ראַסן און נאַציאָנען, אַלט און יונג, מענער און פרויען, הויכע און נידעריקע, מאָגערע און דיק־בייכיקע. אַ טייל פון זיי זיינען געפאַלן כורעים, אָבער הינטערוויילעכס, מיט דער פאַטילעניצע צו דער ערד. אַזוי האָבן זיי דערביי געוויזן זייער מצח אשה זונה — דעם קופּערנעם שטערן פון אַ נעשעפּטסמאַן. איך האָב געזען דאָרט גלחים, ראַבינער, שמשים, כלי קודש — אַלץ בערזן־שפּעקולאַנטן...

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאַרהאַנג און עס האָט זיך געעפנט אַ פאַרבאָרגן הייליקטום. דאָרטן, אויף דער מזרח־וואַנט, האָט געשיינט אַ גאָלדענער דאָלער, ליכטיק ווי די זון אין אַ העלן טאָג, און אויף אים איז געווען מיט גרויסע אותיות אויסגעקריצט דער „אנכי". אונטן איז געהאַנגען אַ שוואַרצער טאָוול און אויף אים איז געווען אין לאַטיין געשריבן: „דערמאָן ניט נאַטס נאָמען אומזיסט, וואָרים עס איז אַ ביזנעס געלט צו מאַכן". לעבן מזרח־וואַנט, ביי דער רעכטער זייט, איז געזעסן לי־הונג־טשאַנג, דער רייכסטער מענטש אין דער וועלט, און זיין צאָפּ איז געווען באַגאָסן מיט אַ ליכטיקן שטראַל פונם „אָנכי". אַן ענטוזיאַזם, אַ הייליקע באַגייסטערונג האָט געשוועבט אויף אַלעמענס פּנים'ער. אַלע האָבן געהויבן די הענט און געגלאָצט מיט די אויגן צו דער מזרח־וואַנט. אַ מאַסן־כאָר האָט געזונגען מיט אַלערליי שטימען אויף פאַרשידענע שפּראַכן, אַ נייעם „טע

דעאום״. פילע זיינען געבליבן אין אָנמאַכט, פאַרמאַטערט, אָן כוחות, אָבער קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט און דאָס האָט ניט געשטערט די אַלגעמיינע האַרמאָניע פונם כאָר־געזאַנג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גייסטיק הייליקע און משוגענע צערעמאָניע, און איך האָב געהערט פון דער זייט, ווי איינער האָט אַריינגעשושקעט זיין שכן אין אויער אַ סוד, אַז זיין אַפּאָס־טאָלישע ליכטיקייט, דער הייליקער נונציוס פון סטענדאַרד אויל טראָסט, ראַקעפעלער, האָט אויסגעקויפט אַלע מנורת המאור אַקציעס; אַז דער רוסישער שעף פון הייליקן סינאָד, פּאָביעדאָ־נאָסצעוו, האָט געבאָטן דעם העכסטן פּרייז פאַר פּסח׳דיקע שנאַפּס סעקיוריטיס און זיין גאָלדענע הייליקייט, דער ערצבישאָף פון דער ראָטשילד־באַנק, האָט איינגעהאַנדלט שערס פון די קיעוואָ־פּעטשערסקע לאַווראַס, און דערפאַר זיינען די פּריסישע פּאַפּירן געפאַלן...

איך בין געשטאַנען אין אַ באַגייסטערטן טומל. איך האָב באַגריפן, אַז דאָס זע איך פאַר זיך די גליקלעכע צייט, דעם געווינטשטן אידעאַל. עס זיינען פאַרשוואונדן אַלע ראַסן־דיפערענצן און יעדער נאַציאָנען־האַס. אַלע זיינען דורכגעדרונגען מיט איין אידייע, האָבן איין אידעאַל, איין איינציקן וואונטש, איין הייסן פאַרלאַנג, איין הייליקן גלויבן — ג ע ל ט צ ו מ א כ ן. דאָס האָט מיך אַזוי באַגייסטערט, אַזוי הייליק ענטציקט, אַז איך האָב געקראָגן כליות הנפש, איך האָב געפילט, ווי מיין גוף ווערט לייכטער און מיין נשמה העכער, העכער, העכער — איך בין אין זיבעטן הימל. איך האָב דערזען משונה׳דיקע אומשטערבלעכע ברואים. זיי לויפן מיט פרייד און ציטערניש. זיי האָבן געבראַכט צו שלעפּן זיבן קעפּ מיט לאַנגע צעפּ און אַלע מיט איינמאָל הויבן אָן צו לייענען אַן אדרעס בזה הלשון: „אייער שטנ׳שע מאַיעסטעט, פינסטערער גייסט פון אַלע שוואַרציאַרן, האַר פון אַלע רוחות, — דאָ זיינען די קעפּ פון די כינעזער, וואָס האָבן ניט געגלויבט אין אונזערע מיסיאָנערן״... מיך האָט אָנגעהויבן שווינדלען פון אימה, מיינע האָר האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר פאַר פחד... און וואו איז גאָט?

האָט געשטאַמלט מיין נאַרישע צונג אין שרעק. קיין ענטפער. איך האָב געפילט אַרום זיך אַ ווייטע, טיפע פּוסטקייט, נאָר אין די אויערן האָט עפּעס טויב געהוזשעט...

איך האָב דערפילט, ווי די שטראַלן פון דער זון רייסן מיינע אויגן און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג, און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב נעכטן ביינאַכט געלאָזט אינמיטן די פּלוידערייען. אָבער די דערינערונג פון דעם חלום האָט אַזוי געפּרעסט מיין געהירן, אַז איך האָב זיך געמוזט זעצן און אים אויפשרייבן.

יאָ, ברידער, וואָס איז דען אונזער גאַנץ לעבן, אויב ניט כחלום יעוף? וויפיל מאָל זעט מען אויפן וואָר אַזעלכע משונה׳־דיקע דערשיינונגען, אַז עס שווימט, ניט ווילנדיק, אַרויף די פראַגע: צי איז דאָס ניט אַ חלום? אַ חלום איז, מער אָדער ווייניקער, אַ קאַריקאַטור פון דער ווירקלעכקייט, און ווער ווייס? אפשר זעט מען אַזויפיל ווירקלעכקייט אין די קאַריקאַטורן, ווייל עס זיינען דאָ אַזויפיל קאַריקאַטורן אין דער ווירקלעכקייט.

יאָ, ברידער — כחלום יעוף, איך מיין, אַ געלט־מאַכעריי. אַ געלט־מאַכעריי, ווייטער נישט!...

(„יודישער טעגלעכער העראַלד“, אָקט. 4, 1895)

## 4. מאַדאַם פּאָליטיקאַ

מאַדאַם פּאָליטיקאַ — צו דיר וויל איך איצט זינגען! מיט מיין שוואַכן פּענזיל וויל איך מאָלן דיין זאַטלעכע צורה; מיט דער פעדער פון אַן אָרעמען שרייבער וויל איך צייכענען דיין שטאַטלעכע פיגורע, —

איך וויל דיך גרויסן, איך וויל דיך לויבן; איך וויל דיך רימען, איך וויל דיך דערהויבן; איך וויל פאַר דיר שטימען, איך וויל אין דיר גלויבן. פון דעם וואָרד־הילער אונטן ביז דעם

סענאַטאָר אויבן, — אין אַלע דאָזיקע כשר'ע חפצים און קהל'שע לצים שיינט צו מיר דיין ליכטיקע געשטאַלט!...

אָ, וואונדערבאַרע געטין! דו לייכטנדער טורם אינם געזעל־שאַפטלעכן שטורם; דו אויסגעקעמפטע און צוגעדעמפטע ריטערין, היטערין און פיטערין פון אַלע שטימענדע און שטומענדע מענטשן־אייזלען, —

פּאָקוס־מאַכערין דורך אַלערליי שמות, אָפּשפּרעכערין פון אַלע בייזע חלומות, מעקלערין און מעלקערין פון אַלע בירגערלעכע בהמות, — דו, נאָר דו האָסט איבער זיי די שליטה און קאָנסט זיי פירן פער מארש צו דער שחיטה —אָ, איך זינג צו דיר!

וואָס וואָלטן מיר געווען — מיר, נודנע זינדער און בלודנע קינדער, אָן דיר, אונזער מייסטערין, אונזער טרייסטערין, אונזער הירטין, אונזער ווירטין? וואָס איז אַ כסאדע אָן אַ פּאַסטוך? וואָס איז אַ באָדע אָן אַ וואַשטוך? אָן אַ בעל קורא די קריאָה, אָן אַ זייער די זריעה?...

קאָן זיין קהל אָן אַ פירער? קאָנען גיין רעדער אָן אַ שמירער? קאָנען זיין מענטשן אָן געזעצע? קאָן לעבן אַ פאָר־פאָלק אָן אַ העצע?... דו ביזט אין אונזער קאָפּ דער מוח, אין אונזער קערפּער דער כוח. דו גיסט דעם טעם, דו גיסט דעם ריח, אָ, פּאָליטיקאַ, איך פאַרגעטער דיך!...

איך פאַרגעטער דיך און אַלע פּאָליטישע כוואַטעס און קהל'שע טאַטעס, פון דעם טיראַנישן צאַרן־קנוט ביז דעם רעפּובליקאַנישן נאַרן־וואַוט; אַלע פאָלקס־רעפּרעזענטאַנטן און געזעץ־קאָמעדיאַנטן; אַלע ווילדע קבצנים און דערוווילטע כת־ליצנים; דעם גרויסן דזשינגאָ־מוט און דאָס הייסע פּאַטריאָטנ־בלוט; די שוין־צאָל פרוידיקער און די „פרי־טרייד" פּאַרטייר־דיקער; די רעפּובליקאַנישע פידלעריי און די דעמאָקראַטישע זידלעריי; די גאָלד־באַנדע און די זילבער־קאָמאַנדע; די ברייען־ברייעריי און די מעקינלי־מעקלעריי... די גאַנצע פּאָליטיקע פון אלף ביז תיו, — דער גרויסער אַלמעכטיקער בלאָף פון אָנהויב ביזן סוף. — איך פאַרהערלעך דיך!

איך קען דיך, מאַדאַם, איך ווייס דיין געשיכטע. איך

גערענק ווען די ביזט געווען א מין וואטש־פרוי און האסט דערפילט די תאוה פון יעדן געקרוינט־פארריקטן קאפ. די ביזט געווען אויך א קוואטש־פרוי און האסט געשפילט מיט דער גאוה פון יעדן דיפלאמאטיש־געגילטן קנאפ. ביזט אבער דעמאלט געווען ארומגערינגלט מיט סאלדאטן, פארשטעלט מיט הארמאטן, אינם שפרעכ־צימער פון דיפלאמאטן, און מען האט געמיינט, אז די ביזט א געפייניקטע ריינהייט, א פארגוואלטיקטע שיינהייט. און ניט מיט וואוטן, נאר דורך בלוטן, דורך א קרבן נאך א קרבן, האט דיך דאס פאלק דערוואָרבן. און איצט, ביים פאלק אין האנט, האט זיך ערשט אנטפלעקט דיין שאנד, און די ביזט געווארן — איך וויל דיר זאגן אפן, וואס טויג דען דאס בלאפן? — ביזט געווארן אן עפנטלעכע הורע, כאטש שפיי דיר אין צורה!...

---

פארדאן, איך האב זיך אביסל צעהיצט און אוועקגעפלוידערט אין די הרי אררט. איך זאג אייך דעם אמת, אז מען זידלט זיך אוים ווערט אמאל גרינגער אויפן הארצן. און מה רעש, אז איך האב זיך אמאל א בייזער געטאן? מיר לעבן איצט אין א צייט פון פאליטישער אויפרעגונג. אלע פארטייען שיטן שווארצן מאן איינע אויף די אנדערע, און ווי זאגט מען דאס: ווען צוויי צעקריגן זיך, קומט דער דריטער צום שכל. איך בין זיך א זייטיקער מענטש, נאר איך בין אנגעשטעקט געווארן פונם פאליטישן פיבער. אייגנטלעך האט דאך דאסזעלביקע, וואס איך זאג, אויך געזאגט גאווערנאר אלטגעלד, אויף דער סטייט־קאנווענשאן פון אילינאיס. „די גאנצע פאליטיק פון אונזער לאנד", זאגט ער, „איז געווארן א יאגד נאך עמטער." אויב א גאווערנאר מעג דאס זאגן, מעג איך דאך, ניט קיין גאווערנאר, דאס אודאי זאגן.

די צרה איז, אבער, וואס דער ערלעכער, פראגרעסיווער, שיין־זיננגריקער גובערנאטאר לאזט אוים זיין קאנצערט מיט

דעם ניגון פון „אתה בחרתנו". און מיר האָבן דערעסן די סקאַרבאָווע נגונים. איך ווייס, אַז נאָך די אַלע גובערנאַטאָרשע, סענאַטאָרשע און אדמיניסטראַטאָרשע „אתה בחרתנו׳ס", האָבן מיר צו זינגען דעם אַלטן „ומפּני חטאינו" מיט דעם „גלינו", מיט דעם „ונתרחקנו" און דעם „ואין אנו יכולים". איי, ברי־דערלעך, אידן און ניט־אידן, ומפּני חטאינו — דאָס איז אונזער אייגענע שולד, ניטאָ קיין שכל אין קאָפּ, קיין שטאַרקייט אין הארצן, גלינו — זיינען מיר פאַרטריבן, ונתרחקנו — זיינען מיר דערווייטערט; פאַרטריבן און דערווייטערט פון אַלע תענוגים פון לעבן.

איי־איי ונתרחקנו — אָרים לעבן, חשב׳דיק לעבן, טרויעריק לעבן! אָרעמאַן אין הויז, שקלאַף אין פאַבריק, אָדער זיי אַ פּעדלער, קלעטער „אפּסטערזן", קלאַפּ אין טירן, טאָמער וועט ווער קויפן אַ שפּילקעלע, אַ נאָדעלע, אַ קנעפּעלע, און צאָל דערפון דירה־געלט, ניי זיך, קלייד זיך און מאַך קינדער חתונה. שטיי און האַנדל מיט פאַרפוילטע עפּעלעך, ברען זיך אויף דער זון, פריר אין קעלט, אין שטיקענעש און שטינקענעש, און שריי און וויצל זיך: ווייבעלעך צוגעפוילטע דריי פּאַר אַ פּעני, דריי פּאַר אַ פּעני, ווייבעלעך... אָדער דריי די מאַשין, וואַרף פון איר ארוים הויזעלעך, דזשעקעטלעך, ארבעלעך, פּאָקעטלעך. גוואַלד, ואין אנו יכולים — עס איז שוין קיין כוח ניטאָ! יאָרנלאַנג געאַפּערייטעט, יאָרנלאַנג געביגלט, געהובלט, גענייגט, געקלע־טערט „אפּסטערזן". יאָרנלאַנג געגאָסן זיך נויט־שווייס פון פּנים, און נאָך אַלץ ניטאָ גענוג אויף דער הוצאה, נאָך אַלץ ניט זיכער מיט דעם מאָרגנדיקן טאָג, און ביי אַלע די פרייע וואוטן נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו בלוטן...

גוואַלד־זשע נאָך אַמאָל, טיפער, הארציקער, ואין אנו יכולים — קאָן מען דען מאַכן אַ לעבן כשר׳ערהייט, ערלעכערהייט, ניט זאָגן קיין ליגן, ניט פאַרדרייען אַ מוח, ניט ארויסצאַפּן ביי יענעם די נשמה? ואין אָנו יכולים — ווי דרייט מען דאָס שטענדיק מיט דער צונג, ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, תמיד אין טומל, תמיד אין כאַפּעניש, אין לאַפּעניש, אין האָבעווען

און ראַבעווען. עפּעס ווי שטענדיק אויף אַ יאַריד, „אלה וגנוב, וגזל, וכחש, ורצוח, ונאף, ודמים בדמים” — אַ מין צעמישעניש פון געלט און בלוט, בלוט און געלט... אָדער אַ קהל׳שע קליאַמקע, כלומר׳שט אַלץ לטובת הכלל, און שטעל אַרויס אַ צונג הינטער קהל׳ס פּלייצע!...

אך גלינו, גלינו ונתרחקנו — צעגיס זיך אויפן קול, אויף דער העכסטער אָקטאַווע. צעגיס זיך ברייט, ווי ברייט עס איז צעגאָסן דער ים פון מענטשן־בלוט און מענטשן־טרערן, און שריי אַרויס מיט אַ קרעכץ, מיט אַ קנייטש: איי־איי גלינו, און נאָך אַמאָל: גלינו ונתרחקנו! דערווייטערט, פאַרטריבן, ווייט פון ערלעכקייט, פון יושר, פון מענטשלעכקייט, פון ברידערלעכקייט, ערגער ווי די וועלף אין וואַלד!... איי ונתרחקנו — אַזוי ווייט פאַרקראָכן אין זומפּיקייט און לומפּיקייט איבער די אויערן, אַז מען מיינט שוין גאָר, אַז עס דאַרף אַזוי זיין, מען מוז שלינגען איינער דעם אַנדערן, מען מוז בויען מיין גליק אויף יענעמס אומגליק. אַז ניט, איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט. איי גלינו ונתרחקנו!

און נאָך אַמאָל־זשע העכער אַ געשריי, טיפער אַ קרעכץ, מיט נאָך אַ טיפערן, האַרציקן קנייטשעלע, און אויסגעלאָזן לאַנג, לאַנג, אויסגעצויגן, פּיאַנאָ, פּיאַניסימאָ: גלינו, איי, איי ג־לי־נו, עס גייט דאָך אויס דאָס חיות, עס צעגייט די נשמה... פאַרוואָס איז מען אַזוי דערווייטערט פון אמת׳ן גליק, פון ריינעם גענוס, פון מענטשלעכן, פאַרנינפטיקן לעבן?... ואין אנו יכולים — שווער, שווער פאַר דעם געפּילפּולן מענטשן צו קוקן און שווייגן. אַזויפיל האָפענונג געלייגט אויף דעם סוף פונם נייַנצנטן יאָר־הונדערט, אויף דעם נייעם שטייגער פון „אתה בחרתנו”, אויף דאָס פ ר י י ע ש ט י מ ר ע כ ט, און צום סוף דער אַלטער קרעכץ, דאָס לאַנגאַניקע געוויין, דער סקאַרבאָוועיער „ומפּני חטאינו”... הערט איר אים ניט? פילט איר אים ניט? אַזעלכע באַנומענע קולות, אַזאַ טיפער ווייטיק, אַז עס פּלאַצט אַ סטרונע נאָך אַ סטרונע...

אך, גלינו ונתרחקנו — ווייט און ברייט האָט זיך צעגאָסן

דער וועלט־שמערץ. אָן אַ גרעניץ איז דאָס האַבעווען און דאָס שאַרלאַטאַניש, צעלאָזענע לעבן פון די רייכע און מעכטיקע, און טיף, טיף איז דער עלנט און די נויט פון די מאַסן אָרעמע, דערנידעריקטע און באַליידיקטע אין ביטערן קאַמף פאַר דאָס שטיקעלע ברויט! אָט הערן זיי און פאַרשטייען ניט וואָס. אָט זעען זיי און ווייסן ניט וואוהין: זילבער אָדער גאָלד — גאָלד אָדער זילבער? אַך, איר אָרעמע וואַנטנדע, איר טרויעריק בלוטנדע, ניט איר האָט קיין מאות, ניט איר האָט די מטבעות, ניט איר האָט קיין דעות — אַ נעכטיקער טאָג!...

***

מאַדאַם פּאָליטיקאַ! איך וויל דיך גרויסן, איך וויל דיך לויבן; איך וויל דיך רימען, איך וויל דיך דערהויבן; איך וויל פאַר דיר שטימען, איך וויל אין דיר גלויבן! אָ, אונזער הירטין, אונזער ווירטין, פּאָקס־מאַכערין דורך אַלערליי שמות, דערפינדערין פון אַלערליי חלומות, מעקלערין און מעלקערין פון אַלע בירגערלעכע בהמות — איך קני פאַר דיר!...

(„יודישער טעגלעכער העראָלד", אָנהויב הערבסט, 1896, אין דער צייט פון דעם היסטאָרישן מעקינלי־ברייען־קאַמפּיין, ווען דאָס גאַנצע לאַנד האָט געקאָכט מיט דער „זילבער־אָדער גאָלד" פראַגע.)

## 5. וועגן פרילינג און ליבע

(אַן אָנשפּיל אויף אַ פּערז פון היינעס „טשיילד האַראָלד")

„מיין גוטער שלאָס שטייט ווייכט און לער,
די סטאַדע דאָרט בלאַנדזשעט אומגעהייער —
ווילדע קרייטיכער וואַקסן דאָרט אַלין מער,
מיין הונט בילט פון הינטערן טויער."

פאַרוואָס עס בורבלט זיך מיר איצט גראַד אין קאָפּ אָט־דער פּערז פון היינע'ס „טשיילד האַראָלד", אסור, זאָג איך איך, אויב איך וויים. אַזוי ווי איך וויים אין גאַנצן ניט, פאַרוואָס

עס האָט זיך אין מיר פלוצלינג דערוועקט די לוסט, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, ווידער צו פּלוידערן; איצט — נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, אין וועלכער איך האָב געפילט, ווי דער פאַרליבטער נאַר אין דעם פּאַבל־שפּיל פון יוליוס ביערבוים, שפּילנדיק זיין האַרפן־מעלאָדיע אונטערן באַלקאָן צו דער שיינער פּרינצעסין:

„רעגן־וויסטקייט, רעגן־פּוסטקייט,
הימל, לאַנד און זעע,
יעדע לוסט איז לאַסט געוואָרן
און דאָס האַרץ טוט ווײ...״

און אַזוי ווי אין מיינע אויערן וואָלט קלינגען אפילו נאָך איצט אַזוי מילד־טרויעריק און האַרץ־בייַנקנדיק די שטילע שטימע פון דער ליבער פּרינצעסין, שמאַכטנדיק נאָך זונען־ליכט:

„דער הימל גריסט טומאַנע, גרוי און שווער
דעם גרויסן מער;
די זון קוקט שוין לאַנג ניט מער
צו אונז אַהער.
די ווייטע וועלט איז קאַלט און בלינד.
טאָג ווי נאַכט עגאַל, — קיין פרישער ווינד.
טרויעריק און ליער.

יאָ — איך ווייס ניט, פאַרוואָס אין מיר האָט זיך איצט פלוצלינג דערוועקט די לוסט ווידער אַמאָל אָנהויבן צו פלוידערן ערנסט. עס איז כמעט מיט מיר תמיד אַזוי אין פרילינג־צייט. עס דערעסט אַזוי צו באַקלאָגן דעם גאַנצן ווינטער לאַנג די בוימער, וואָס זיינען געבליבן אָן בלעטער, דאָס פעלד, וואָס איז נאַקעט אָן זאַנגען, און דעם באָדן, וואָס איז מורא׳דיק געפרוירן. עס דערעסט ווינטער־לאַנג אין זיך צו פלוכן דעם שניי, וואָס בלענדט די אויגן, דעם פראָסט, וואָס קילט פאַרלאַנגען, און דאָס האַרץ־בלוט, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן.

און ווי עס גיט נאָר אַ צי דאָס ערשטע לינד ווינטל פון

דרום־זייט, ווי עס גיט נאָר אַ הויך איבער דער קאַלטער ערד, גיט אַ גלעט די נאַקעטע בוימער, לאָזט אַרויס אַ וואַרעמען אָטעם אין דער לופט, גיט אַ קוש דעם ריינערן הימל, אַרויסציענדיק פון אים אַ דערלייכטערונגס־טרער, — אַזוי דוכט זיך מיר תמיד, אַז, אַראָפּבלאָזנדיק אַ שטיק מרה שחורה פון דער גאַנצער נאַטור׳ס פּנים, שעפּטשעט עס אויך צו מיר: געננוג, צווייפלער, צו טרויערן; דער פרילינג קומט. און עס ווילט זיך זינגען פון זונען־שיין, פון הימל־בלוי, פון לעבנס־לוסט און בלומען־דופט.

אָבער אָך! עס האָט נאָך ניט צייט דער פרילינג־צויבער אַ שפּיל צו טאָן אין מיין פאַנטאַזיע און דערוועקן די לוסט צו זינגען פון נייער אויפלעבונג, פון פרישן דערוואַכן, ווי עס רייסט זיך ווידער אַריין דער צווייפלס־וואָרים און נאָגט און זויגט דאָס האַרץ, אַז עס ניכעוועט ביז צום אויסגיין. און עס דוכט זיך ווידער אַמאָל, אַז דאָס שמעלצט ניט דער אייז־שאָלעכץ, וואָס האָט פאַרגליווערט אַ האַרץ, דאָס קייקלט זיך ניט אַראָפּ אַ שניי־לאַווינע פון געפרעסטן געמיט, נאָר דאָס ראָלט זיך אַראָפּ אַ מצבה און ווייזט אַן אָפענעם קבר...

„קען מען דען פרילינג,
זומער נאָך האָבן,
ווען דאָרט איז די יוגנט,
די ליבע באַגראָבן?“

און ווי אויף צו להכעיס גיסט עס פון אויבן אין איצטיקן פרילינג, אַזוי ווי אין לאַנג־פאַרגאַנגענעם הערבסט, און עס איז די גאַנצע נאַטור, דוכט זיך, אַזוי איבערדריסיק קאַלט, פויל און נאַס, אַז עס קאָן זיך דערוועקן לוסט, לעבן, שטרעבן און ליידנשאַפטלעכער באַגער נאָר סיידן אויף דער בערזע, — אויף אָט־דעם פיבערהאַפטן מענטשן־דרומל און ספּעקולאַנטן־טומל פון וועלט־שלינגער און כאַפּ־פינגער, אין וועלכע מען דערטאַפּט דעם דופק פון דער איצטיקער נערוון־אויפגערעגטער מענטשהייט...

פאַרדאָן, איך האָב אָנגעהויבן פון דער אויסערער און אינערער נאַטור, פון פרילינג־שיין און רעגן־וויסטקייט און בין

פארקראָכן אויף דער בערזע. דאָס איז אזא קללה, רחמנא ליצלן, אזא עפידעמיע: עס ציט אהין. מען זאָגט, יאקבע, אז שיינע עטלעכע אונזערע דאנטאונער אידעלעך, מיט ניט פיל געלט און זייער ווייניק שכל, און מיט ניט מער שכל און זייער ווייניק געלט, זיינען אויך געקראָכן אהין און האָבן זיך פישלדיק געצאפּלט, ביז זיי זיינען אוועק מיטן שטראָם און גלייך אין מאָגן פון די גרויסע העכט.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. אָט דער רעגן, וואָס מאכט לער און וויסט אפילו די פרילינג־שטימונג, — דאָס קריינקט מיך, דאָס שמארצט מיך. און וואָס העלפט די מילדע שטימע פון דער געליבטער פרינצעסין, ווען עס קלינגט אייך פון אלע זייטן:

„טרויעריק און לער,
טרויעריק און לער...“

ווארט, אנטקעגן וואָס האָט איך דאָס אָנגעהויבן? יאָ, איך וויים ניט, ווירקלעך, צו וואָס דאָס האָט זיך מיר גראָד איצט א בורבל געטאָן יענער פערז פון היינע. איך האָב קיין ש ל אָ ם קיינמאָל ניט פארמאָגט, ווי איך האָב ניט פארמאָגט קיין סטאָק אויף דער בערזע. און אויב א סטאדע בלאָנדזשעט דאָרט לומפּיק און זומפּיק, קאָן מען דאָך אויך זאָגן אלט און קאלט, ווי עס זאָגן די גלאַטע, געניטע מענטשן: ניט מיין ציג, ניט מיין חנוכה־ליכט... זעט איר, די ווילדע קרייטיכער קאָנען, אמת, גיפטיק זיין. אָבער דאָס איז דאָך, ווי איך פארשטיי, א געשמאַק־זאַך: ווער עס הערט דעריין א היימישן ריח, און פאר וועמען עס איז פשוט די נאָז צו פארשטאָפּן... קיין הונט האָב איך אויך קיין א י י ג ע נ ע ם קיינמאָל ניט געהאָט. ווער עס רעכנט זיך נאָר פיזיק דערצו, יענער איז שוין פון זיין נאטור אליין בארעכטיקט דערצו — אן אייגענער אָדער א פרעמדער, פון אונטערן טויער אָדער פון הינטערן טויער, וואָס איז די נפקא מינה?...

אלזאָ, קיין בלאָנדזשנדיקע סטאדע, קיין ווילדע קרייטיכער

און קיין בילנדיקע הינט. און אויב עס טוט ווי דאָס האַרץ, אויב יעדע לוסט איז לאַסט געוואָרן, דאַן בלייבט דאָך גערעכט די שיינע, ליבנדע פּרינצעסין. עס איז דערום, ווייל:

„די ווייטע וועלט איז קאַלט און בלינד,
טאָג ווי נאַכט עגאל — קיין פרישער ווינד,
טרויעריק און לער...“

יאָ, גערעכט איז די פּרינצעסין, און גערעכט בין איך אויך: ניטאָ קיין אורזאַך, וואָס צו באַוויינען. און דאָך בורבלט עס מיר אַלץ אין מוח:

„מיין גוטער שלאָס שטייט וויסט און לער,
די סטאַדע דאָרט בלאָנדזשעט אומגעהייער —
ווילדע קרייטיכער שפּראָצן אַלץ מער,
און דער הונט בילט פון אונטערן טויער...“

(„פאָרווערטס“, מאַי 11, 1901)